# יודישע סטודענטען
## אונ
# יודישע טאכטער




## ראמאן

פון

## מ. ספעקטאר



הערויסגעגעבען דורך מאיר עפשטיין בוכהאנדלער אין ברדיטשוב

---

ברדיטשוב

דרוק פון יעקב שעפטיל

שנת תרנ"ב לפ"ק

---

**ЕВРЕЙСКІЯ СТУДЕНТЫ и ЕВРЕЙСКІЯ ДОЧЕРИ .**

РОМАНЪ

**М. Я. СПЕКТОРА**

1892

# צום אַנְדֶענְקֶען

מַיינֶע טַייעֶרֶע צְוֵויי קִינְדֶערְלֶעךְ:

„אָלִינְקֶע“ (גָאלְדֶע) און „יַאשִׁינְקֶע“ (יַעֲקֹב)

גֶעבָּארֶען

ג׳ כ״ג אִייר תרמ״ז (5/17 מַאי 1887)

ג׳ כ״ח טֵבֵת תרמ״ט (1/20 דֶעקַאבֶּער 1888)

גֶעשְׁטָארְבֶּען

א׳ כ״ד מנ״א תר״ן (10/29 יוּלִי 1890)

ג׳ כ״ה נִיסָן תר״ן (3/15 אַפְּרֶעל 1890)

## גֶעווִידְמֶעט

פוּן זֵייעֶר „טַאטְאַנִיא“ — זֵייעֶר אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פַאטֶער

דֶער פֶערְפַאסֶער.

# פָאררֶעדֶע פוּן הֶערוֹיסְגֶעבֶּער

דֶער אָנְהוֹיבּ פוּן דֶעם רָאמַאן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דְרוּקֶען אִין „הוֹיז פְרַיינְד" אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען „יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער" נָאר גֶעעֶנְדֶעגְט אִיז עֶר נָאךְ קַיין מָאהְל בִּיז יֶעצְט אִין עֶרְגִיץ נִיט גֶעוֶועזֶען.

מִיר וַוייסֶען אַז דִי לֶעזֶער הָאבֶּען עֶרְוַוארְטֶעט דִי עֶנְדֶע פוּן דֶעם רָאמַאן מִיט גְרוֹיס אִינְטֶערֶעס אוּנ דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען הֶערוֹיסְצוּגֶעבֶּען אוּנ דְרוּקֶען דֶעם זֶעהְר אִינְטֶערֶעסַאנְטֶען רָאמַאן אִין גַאנְצֶען מִיט דֶער עֶנְדֶע.

דֶער אָנְהוֹיבּ פוּן דֶעם רָאמַאן אִיז אוֹיךְ יֶעצְט בֶּעאַרְבַּייטֶעט מִיט פֶערְבֶּעסֶערוּנְגֶעי פוּן פֶערְפַאסְסֶער.

אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז דִי גֶעעֶהְרְטֶע לֶעזֶער וֶועלֶען מִיר דַאנְקְבַּאר זַיין פַאר דֶעם הֶערוֹיסְגֶעבֶּען דֶעם דָאזִיגֶען רָאמַאן פוּן ה מ. סְפֶּעקְטָאר וָואס אִיז יֶעדֶען בֶּעוואוּסְט מִיט זַיינֶע אוֹיסְגֶעצַייכֶענְטֶע רָאמַאנֶען אוּנ עֶרְצֶעהְלוּנְגֶען וִויא „דֶער יוּדִישֶׁער מוּזְשִׁיק" „עֲנִיִּים וְאֶבְיוֹנִים" „ר' טְרַייטֶעל" „אַוֶועלְט מִיט קְלֵיינֶע וֶועלְטֶעלֶעךְ" אוּנ נָאךְ פִיעל אַנְדֶערֶע. —

**מאיר עפשטיין** כוכהאנדלער אין ברדיטשוב

15 טען יאנואר 1892.




1 11.6

# קְלַארַא

ן   דִי פְרֵײלַײן קְלַארַא, ר׳ קַלְמַן קַאפִּילְס דֶעם גְבִירְס טָאכְטֶער, הָאט זִיךְ פְּלוּצִים צוּ קְרִיגְט מִיט אִיהְרֶע חַבֶרְטֶעס—דִי דְרַײ שְׁוֶועסְטֶער פְרַאנְיַא, מַאנְיַא אוּנ סָאנְיַא, אָדֶער, וִוי מֶען פְלֶעגְט זֵײ רוּפֶען מִיט זַײעֶר פַאמִילְיֶע נָאמֶען: „דִי פְרֵײדְקִינְזָאהְנְס“.

דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטִיל אָרִיבָּאטָאוְוקֶע, וואוּ אוּנְזֶער עֶרְצֶעהְלוּנְג הוֹיבְּט זִיךְ אָן, הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק גֶעוואוּנְדֶערְט דֶערוֹיף, וָואס פוּן אַזַא גְרוֹיסֶע אוּנ אַלְטֶע לִיעבֶּע הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעקָאכְט אַזַא טַײךְ!...

פִיעל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעהְר צוּקַאוֶועט זִיךְ דֶער ווִיסֶען בַּײ קְלַארֶען „פַאר וָואס?“ „פַאר ווֶען?“ אוּנ „ווִי אַזוֹי אִיז דִי מַעֲשֶׂה גֶעוֶועזֶען?“. נָאר קְלַארַא הָאט מִיט קֵיינֶעם נִיט גֶערֶעדְט וֶועגֶען דִי פְרֵײדְקִינְזָאהְנְס נִיט קֵיין גוּטְס אוּנ נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטְס, זִי הָאט פָּשׁוּט נִיט גֶעהַאט מִיט וֶועמֶען אַ וָוארְט צוּ רֶעדֶען, וַוײל מֶעהְר קֵיין חַבֶרְטֶעס ווִי דִי פְרֵײדְקִינְזָאהְנְס, הָאט זִי נִיט גֶעהַאט, זִי אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִי מֵיידְלִיךְ וָועלְכֶע לִיעבֶּען נִיט צוּ הָאבֶּען אַסַךְ חַבֶרְטֶעס. ווַײל זִי הָאט פַײנְד גֶעהַאט דִי אַללֶע פְּלִיאָטְקֶעס אוּנ פּוּסְטֶע רֵייד, דָאס אוּמְזִיסְט פַארְבְּרֶענְגֶען צַײט אוֹיף אַרוּם צוּ רֵיידֶען יֶעדֶען בֶּעזוּנְדֶער, ווִי דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז ווֶען דֶער גֶעווִיסֶער סָארְט ווַײבְּלִיךְ אָדֶער מֵיידְלִיךְ קוּמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען.

קְלַארַא אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין שֶׁאנֶע נָאר פוּן דִי גֶערָאטְהֶענֶע מֵיידְלִיךְ וֶועלְכֶע קֶענֶען גֶעפֶעלֶען מִיט זַײעֶרֶע אַנְדֶערֶע מַעֲלוֹת. בַּײ אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען אִיז זִי גֶעוֶועזֶען טַײעֶר אוּנ צִיטֶערִיג ווִי דָאס אוֹיג אִין קָאפּ, אִין שְׁטָאדְט הָאבֶּען אַללֶע גֶעהַאט פוּן אִיהְר דִי בֶּעסְטֶע מֵיינוּנְג, זִי הָאט קֵיין מָאל קֵיין פְלִיעג אוֹיף דֶער וַואנְד גֶעטְשֶׁעפֶּעט, זִי הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס הֵייסְט זַײן אִין כַּעַס, שְׁטֶענְדִיג שְׁטִיל ווִי אַ טוֹיב, זִיצֶען אִין שְׁטוּב אִיז בַּײ אִיהְר גֶעוֶועזֶען דָאס בֶּעסְטֶע פֶערְגְנִיגֶען, מִיט דִי פְרֵײלַײן פְרֵײדְקִינְזָאהְנְס הָאט זִי זִיךְ נָאר בֶּעקַאנְט דֶער פַאר, וַוײל זִי הָאט אִין זֵײ גֶעפוּנֶען אַסַךְ מַעֲלוֹת וָועלְכֶע זִי הָאט נִיט גֶעהַאט, אוּנ ווִירְקְלִיךְ הָאט קְלַארַא פוּן זֵײ גוּטֶע זַאכֶען גֶענַאשְׁט.

פְרֵיידִקִינְזָאהֶנְס הויז אִיז בַּיי אִיהְר גְעוָועזֶען אַ נַייעַ וָועלְט אונ דָאס וָאס זִי הָאט גֶעפוּנֶען אִין דֶעם נַייעֶם הויז, הָאט זִי עֶס נִיט גֶעזֶעהֶן בַּיי אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן, וואו עֶס הָאט זִיךְ אַלֶץ גֶעפִיהְרְט אויף דֶעם אַלְטֶען שְׁטֵייגֶער, חָאטְשׁ אִיהְר פָאטֶער אִיז גְעוֶועזֶען אַ גְבִיר נָאר אַיין „אַלְטְמָאדֶעשֶׁער יוד פוּן דֶער נַייעֶר וָועלְט״. דָאס הֵייסְט: זַיין פְרוֹי מִיט זַיינֶע קִינְדֶער זֶענִין גֶעגַאנְגֶען גֶעקְלַיידֶעט נָאךְ דֶער נַייעֶסְטֶער פַּארִיזֶער מָאדֶע, אונ עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ גַארְטִיל אֲפִילוּ אִין דֶער וָואכֶען; זַיינֶע טָאכְטֶער הָאבֶען זִיךְ גְערוּפֶען אָלְגַא אונ קְלַארַא, זַיינֶע זִיהְן–גְרִיגָארִי אונ אַפַאנַאסְיֶע; אונ שַׁבָּת הָאט קֵיינֶער גֶעטָארְט טְרִינְקֶען טְהֶעע פוּן דֶעם סַאמָאוַואר נָאר טְשָׁאלֶענְט־טְהֶעע. אִין שְׁטוּב הָאט עֶר עֶרְלוֹיבְּט זַיינֶע קִינְדֶער גֶעהְן אָהְן אַ הִיטֶעל; אונ שַׁבָּת הָאבֶען זַיינֶע קִינְדֶער נִיט גֶעטָארְט טְרָאגֶען אַפַּאטְשַׁיילֶקֶע אִין קֶעשֶׁענֶע, וַוייל אִין אָרִיבָאטָאוְקֶע אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין עֵירוּב. אונ נָאךְ אַזוֹינֶע אַסַךְ קַאפּוֹירִישֶׁע זַאכֶען הָאט מֶען גֶעקֶענְט זֶעהְן בַּיי ר׳ קַלְמַן קָאפִּילְס אִין הויז. דִי קִינְדֶער הָאבֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעפָאלְגְט זַייעֶר פָאטֶער אִין דִי אַלְט מָאדִישֶׁע זַאכֶען אונ עֶר הָאט זַיינֶע קִינְדֶער אָפְּט נָאךְ־גֶעגֶעבֶּען זַייעֶרֶע הַיינְטְמָאדִישֶׁע אויפְפִיהְרוּנְגֶען, דֶערוּם אִיז אִין זַיין הויז שְׁטֶענְדִיג שָׁלוֹם גֶעוֶועזֶען אונ דִי גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט גְלִיקְלִיךְ.

ר׳ קַלְמַן קָאפִּילְס הָאט זַיין קְלַארַא גֶעגֶעבֶּען אַ שֶׁאן צִימְמֶער צוּם וואוֹהְנֶען נָאךְ הַיינְטִיגֶער מָאדֶע, עֶסֶען אונ טְרִינְקֶען אויךְ נָאךְ הַיינְטִיגֶער מָאדֶע, שֶׁאנֶע קְלַיידֶער צוּם גֶעהְן נָאךְ פַּארִיזֶער מָאדֶע, אונ גֶעלְד אִין קֶעשֶׁענֶע וִוי פִיעל זִי הָאט נָאר גֶעפָאדֶערְט, נָאר אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס אַ מֶענְשׁ דַארְף הָאבֶּען אויף דֶער וָועלְט הָאט עֶר קְלַארַאן נִיט גֶעקֶענְט גֶעבֶּען; דִי אַלֶּע „אַנְדֶערֶע זַאכֶען״ הָאט זִי דֶערְזֶעהֶן בַּיי דִי פְרֵיידְקִינְסְזָאהֶנְס, אונ דְרוּם הָאט זִי זִיךְ צוּ־גֶעבּוּנְדֶען צוּ זַיי וִוי אַיין אֵייגֶענֶע שְׁוֶועסְטֶער. זִי פְלֶעגְט אִין זַייעֶר הויז פַארְבְּרֶענְגֶען כִּמְעַט דֶעם גַאנְצֶען טָאג, אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען אִיהְר אִין דֶעם נִיט גֶעשְׁטֶערְט, וַוייל זַיי הָאבֶען גֶעזֶעהְן אַז זַייעֶר טָאכְטֶער פַארְבְּרֶענְגְט דָארְט דִי צַייט נִיט אוּמְזִיסְט, שְׁטֶענְדִיג הָאט זִי פוּן דֶער הֵיים מִיט־גֶענוּמֶען אַ הַאנְד־אַרְבֵּייט אונ וֶוען זִי אִיז גֶעקוּמֶען צוּרִיק אִיז שׁוֹין דִי אַרְבֵּייט פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען. דִי עֶלְטֶערֶען פְלֶעגֶען דֶערְפוּן אָנְקְוֶועלֶען, נָאר חוּץ דִי הַאנְד־אַרְבֵּייט הָאט זִי בַּיי דִי פְרֵיינְדְקִינְדְזָאהֶנְס גֶענַאשְׁט אַזוֹינֶע זַאכֶען וָואס דִי עֶלְטֶערֶען הָאבֶען נִיט גֶעקֶענְט וִויסֶען אונ נִיט בַּאמֶערְקֶען. בַּיי דִי פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס הָאט זִי בֶּעקוּמֶען דִי בֶּעסְטֶע בִּיכֶער צוּם לֶעזֶען פוּן וֶועלְכֶע זִי הָאט בִּיז יֶעצְט פוּן זַיי נִיט גֶעוואוּסְט. דָארְט הָאט זִי זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט מִיט גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּנְגֶע לַייט, אונ מֶע פְלֶעגְט אַלֶּע צוּזַאמֶען גוּטֶע אונ פְרֶעהְלִיכֶע שְׁטוּנְדֶען פַארְבְּרֶענְגֶען. —

פְרֵיידְקִינְזָאהֶנְס הויז אִיז בַּיי אִיהר גְעוֶועזֶען אַלֶץ אַיינְס וִוי אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶנְס אונ אִין אַנְדֶערֶע פַאכֶען נָאךְ פִיעל טַייעֶרֶער.

דִי גוּטֶע עֶהְרְלִיכֶע קְלַארַא הָאט בֶּאֱמֶת לִיעבּ גֶעהַאט דִי דְרַיי שְׁוֶועסְטֶער, אונ טָאמֶער הָאט זִי גֶעהֶערְט אַמָאהְל אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט וֶועגֶען זַיי, הָאט זִי יֶענֶעם דִי אויגֶען אויסְגֶערִיסֶען, אַלֶּע הָאבֶען גֶעוואוּסְט אַז קֵיינֶער אִיז נִיט אִין שְׁטַאנְד זַייעֶר פְרֵיינְדְשַׁאפְט צוּ רַייסֶען;

נָאר עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין אֵייבִּיגֶע זַאךְ אויף דֶער וָועלְט!

.2

# אַ חֲתוּנָה מִיט ־קאוואַלעֶרען

ר׳ ־קלְמַן קָאפּילס האָט חֲתוּנָה געמַאכט זיין עֶלְטְסְטֶע טָאכְטֶער אֶלְנָא. אִיהְר קֶענְט זיך פָאַרְשְׁטֶעלֶען וואס עֶס האָט זיך געטְהון אין אָרבּאמֶעוָזקֶע ווען דֶער דאַרְטָעגֶער גְבִיר מַאכְט חֲתוּנָה! מֶע קען זאָגֶען אַז דאס גאַנצֶע שְׁטֶעדְטִיל האָט געהָארעָוועט אויף דער חֲתוּנָה, אַללֶע אָריבּאטְאוּקֶער ווייבְּלִיךְ און מַיידְלִיךְ האָבֶען שְׁטַארק געשְׁוויצט אַרוּם זַיְעָרֶע קַיידֶער אויף דֶעם גְבִירִים חֲתוּנָה. און בַּיי ר׳ ־קלְמַן קָאפּילס אין הויז האָט מֶען אַלס אִיבֶּער־געקֶעהְרט מִיט דֶעם ־קאפּ אַראָפּ און מִיט די פִּיס אַרויף, געוואַשֶׁען, געשָׁאבֶּען, געריבֶּען, געקָאכְט, געבּאַקֶען, נאָר נאָךְ מֶעהְר פון אַללֶע האָט געהָארעָוועט די כַּלָהִ׳ס שְׁוועֶסְטֶער, ־קלאַרַא.

די מַעֲשֶׂה איז דער פון אַזוי: ־קלאַרַא צוּ זאַמֶען מִיט דֶער כַּלָה האָבֶען געפָּוֶעלְט בַּיי זַייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען אַז די חֲתוּנָה זאָל זַיין אַ הַיינְט־וָועלְטִיגֶע, דאס הַייסְט: מֶע זאָל רוּפֶען אויף דער חֲתוּנָה אַללֶע הַיינְט־וֶועלְטִיגֶע יוּנְגֶע לַייט און אויךְ די מִיט וֶועלְכֶע ־קלאַרַא האָט זיך בֶּעקַאנְט בַּיי די פְּרֵיידְקִינְזָאהְנֶס, כְּדֵי מֶע זאָל אויף דֶער חֲתוּנָה „טאַנְצֶען מִיט ־קאוואַלְיֶערֶען“; דרוּם האָט ־קלאַרַא געהָארעָוועט אִיבֶּערן כֹּחַ עֶס זאָל אַללֶעס זַיין אִין אָרְדֶענוּנְג, ווי עֶס פּאַסְט צוּ אַ הַיינְטְוֶועלְטִיגֶע חֲתוּנָה. וואס אַללֶע אַנְדֶערֶע האָבֶען געטְהוּן אִין שְׁטוּבּ איז אִיהְר אַלְץ נִיט געפֶעלִין. האָט מֶען צוּ שְׁטֶעלְט דאס מֶעבֶּעל, האָט זיך אִיהְר אויס געוויזֶען אַז עֶס שְׁטֶעהְט „אַלְט־מאָדִישׁ“ און די הַיינְטְוֶועלְטִיגֶע ווֶעלֶען לאַכֶען. זי האָט נִיט געקוּקְט אויף אִיהְר שְׁוואַכֶען כֹּחַ, אויף אִיהְר דאַרֶע ־קלֵיינֶע הֶענְדְטְלִיךְ און האָט צוּ זאַמֶען מִיט די שְׁטוּבּ־מֶענְשֶׁען נאָךְ אַ מאָל געשְׁלֶעפְּט דאס מֶעבֶּעל און אִיבֶּער געשְׁטֶעלְט אויף אַנְדֶערֶע אָרְטֶער.

—לאָזְט פְּרֵיילַיין, מִיר וֶועלֶען אַללֶעס אַלַיין טְהוּן ווי אִיהְר וֶועט הַייסֶען, צוּ וואס דאַרְפְט אִיהְר שְׁלֶעפֶּען? —האָבֶען זיך בַּיי אִיהְר גֶיבֶּעטֶען די שְׁטוּבּ־מֶענְשֶׁען.

—אִיךְ ־קען זיך אויף אַייךְ נִיט פַארְלָאזֶען, אִיהְר פַארְשְׁטֶעהְט נִיט ווי אִיךְ מַיין... ווען אֲפִילוּ די מוּטֶער האָט זי געבֶּעטֶען זי זאָל אַזוי נִיט האָרֶעוֶוען, זי האָט גענוּג געאַרְבֵּייט אָהְן דֶעם מֶעבֶּעל אויך, און די מוּטֶער האָט אַלֵיין געוואָלְט טְהוּן די אַרְבֵּייט, האָט ־קלאַרַא נִיט געפָאלְגְט. „אִיךְ ־קען זיך אויף זיי נִיט פַארְלָאזֶען, און פון וואַנֶען זאָלֶען זיי וויסֶען, ווי אַזוי עֶס דאַרְף זַיין אַ הַיינְט־וֶועלְטִיגֶע חֲתוּנָה?“ —האָט ־קלאַרַא בַּיי זיך געטְראַכְט און טאַקֶע ווַייטֶער אַללֶעס אַלֵיין געטְהוּן פון ־קלֵיין בִּיז גְרוֹיס מִיט דֶעם געדאַנְק: „לאָזֶען די הַיינְט־וָועלְטִיגֶע נִיט האָבֶּען צוּ זאָגֶען אַז בַּיי אוּנְז איז אַלְטְמאָדִישׁ“ —.

די לֶעצְטֶע צְווֵיי טאָג פאַר דֶער חֲתוּנָה האָט זי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבֵּייטֶען אַרוּם אִיהְר ־קלַייד, אִין וֶועלְכֶען זי דאַרְף טאַנְצֶען מִיט די ־קאוואַלְיֶערֶען. צֶעהְן מאָל אִין טאָג איז ־קלאַרַא געלאָפֶען צוּ די פְּרֵיידְקִינְזָאהְנֶס און די פְּרֵיידְקִינְזָאהְנֶס צוּ ־קלאַרַאן אויף די רֶעפֶּעטִיצְיֶעס, זֶעהְן ווי דאס ־קלַייד לִיגְט, ווי די האָר זֶעהֶן אויס, ווי די בְּלוּמֶע איז פַארְשְׁטֶעקְט—און אַללֶע מאָל האָט ־קלאַרַא אִין שְׁפִּיעֶגֶעל געפוּנֶען אַ נַייעֶם חֶסְרוֹן אויף אַ נַייעֶם אָרְט, און מֶע

הָאט װײטֶער אױסגֶעטְהוּן אוּנ אָנְגֶעטְהוּן, װײטֶער צוּגֶעשְׁפִּילֶעט אוּנ אָבְּגֶעשְׁפִּילֶעט. אוּנ דָא איז אֵין גַאנְצֶען אִיבֶּער גֶעבְּלִיבֶּען צְװײ טָאג אוּנ עֶס אִיז נָאךְ דָא אַזױ פִּיעל אַנְדֶערֶע אַרְבֵּייט! נָאר עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען; מֶע הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען, נִיט גֶעטְרוּנְקֶען, נִיט גֶעשְׁלָאפֶען, אוּנ מֶע אִיז װײטֶער גֶעלָאפֶען צוּ דִי פְּרֵײדְקִינְזָאהְנִס, זֵײ זָאלֶען זֶעהְן, זִיךְ גוּט צוּ־קוּקֶען אוּנ זָאגֶען װִי זֶעהְט אִיצְט אױס דָאס קְלֵייד. דִי הָאר א. ז. װ.

דִי צֵייט אִיז בֵּיי קְלַארֶען זֶעהְר גִיךְ גֶעפְלױגֶען, אוּנ מֶע הָאט דֶערלֶעבְּט דֶעם לֶעצְטֶען טָאג פוּן דֶער חֲתוּנָה. בֵּיי ר׳ קַלְמֶן קָאפִּילְס אִין הױז זֶענֶען שױן גֶעװֶעזֶען אַללֶע צִימֶמֶער אױפְגֶערָאמְט, אַללֶע שְׁטוּב־מֶענְשֶׁען אוּנ סַארְוָוערְס מִיט סַארְוֶוערְקֶעס הָאבֶען זִיךְ שױן אױךְ ארוּם גֶעװַאשֶׁען. ר׳ קַלְמֶן קָאפִּילְס מִיט דֶער „קַלְמַן קָאפִּילְטֶע" הָאבֶען זִיךְ נָאךְ דֶעם עֶסֶען אַבִּיסֶעלֶע צוּ גֶעלֵייגְט אָפְּרוּהֶען, זֵיי זָאלֶען קֶענֶען זַיין צֵוָען דִי גַאנְצֶע נַאכְט אױף דֶער חֲתוּנָה. זֵיי הָאבֶען אױךְ גֶעבֶּעטֶען קְלַארֶען, זִי זָאל זִיךְ אַבִּיסֶעלֶע אױסשְׁלָאפֶען; נָאר קְלַארַא הָאט װֶעגֶען שְׁלָאפֶען אֲפִילוּ נִיט גֶעװָאלְט טְרַאכְטֶען; אִיצְט אִין דֶער שְׁטִילְקֵייט, אִין דֶער רֵיינְקֵייט, אִין דֶער גְרױסֶען אָרְדֶענוּנְג הָאט זִי בֶּעדַארְפְט מַאכֶען דִי לֶעצְטֶע רֶעפֶּעטִיצְיֶע פוּן אִיהְר קְלֵייד — פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז אִיצְט הָאבֶען אַללֶע דְרֵיי שְׁװֶעסְטֶער, דִי פְרֵיידְקִינְזָאהְנִס, גֶעמוּזְט זַיין דֶער בַּיי.

דִי רֶעפֶּעטִיצְיֶע אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם אֵייגֶענֶעם גְרױסֶען זַאל װאוּ מֶע װֶעט הַיינְט אַבֶּענְד טַאנְצֶען מִיט דִי קַאװַאלֶיערֶען. אוּנ אַללֶע פִיער זֵייטֶען הָאבֶען גֶעבְּלִישְׁטְשֶׁעט גְרױסֶע שְׁפִּיעגְלֶען, אִין אַללֶע װִינְקֶלֶען גְרױסֶע װַאזָאנֶעס מִיט אַ סַך בְּלוּמֶען. צְװֵיי שָׁעָה הָאט גֶעדױֶערְט דָאס אָנְטְהוּן אוּנ אױסטְהוּן, צוּ־שְׁפִּילֶען אוּנ אױף־שְׁפִּילֶען. דִי פְּרֵיילַיין פְּרֵיידְקִינְזָאהְנִס הָאבֶען װִי תָּמִיד גֶעזָאגְט דִי בֶּעסְטֶע מֵיינוּנְג, אוּנ אֲפִילוּ קְלַארַא חָאטְ שױן אױךְ נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין שׁוּם חִסָרוֹן אִין אִיהְר קְלֵייד.

דִי פְּרֵיילַין פְּרֵיידְקִינְזָאהְן הָאבֶען גֶעאֵיילְט אַהֵיים, זִיךְ אױךְ צוּ־גְרֵייטֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה, אוּנ קְלַארַא אִיז אִין דֶעם גְרױסֶען שְׁאַנֶעם בֶּעפוּצְטֶען זַאל גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין.

זִי הָאט פַארשְׁלָאסֶען אַללֶע טְהִירֶען פוּן זַאל, אוּנ צוּם הוּנְדֶערְטֶען מָאל װײטֶער אָנְגֶעהױבֶּען קוּקֶען אִין שְׁפִּיעגֶעל, זִיךְ גֶעדְרָעהְט אַזױ אוּנ אַזױ, בִּיז זִי הָאט זִיךְ אַרוּם גֶעזֶעהְן פוּן אַללֶע זַייטֶען. װִי גְרױס זִי אִיז װִי דָאס קְלֵייד אִיז אױף אִיהְר גֶעלֶעגֶען אױסגֶעגָאסֶען — װאוּנְדֶער שֶׁאן! פוּן גְרױס פְרֵייד אִיז אִיהְר בִּיסֶעלֶע בְּלוּט גֶעקוּמֶען אִין פָּנִים אַרֵיין, אוּנ גְרִינְג װִי אַיינְטֶעלֶע אוּנ גִיךְ װִי אַ פֵייגֶעלֶע הָאט זִי זִיךְ אַלָאז גֶעטָאהְן אִיבֶּער דֶעם גְרױסֶען זַאל, אִין אֵיין מִינוּט אִיז זִי אִיבֶּער גֶעפְלױגֶען דֶעם גַאנְצֶען זַאל אַרוּם אוּנ אַרוּם.

אַךְ! װִי גְרִינְג, װִי גוּט אוּנ זִיס אִיז אִיצְט! — הָאט זִי פוּן גְרױס פֶערְגְנִיגֶען אױס־גֶעשְׁרִיגֶען — אוּנ דִי מַאמֶע װִילל אִיךְ זָאל אִיצְט שְׁלָאפֶען, אױסרוּהֶען מֵיינֶע צוּבְּרַאכֶענֶע אױס גֶעהָארֶעװֶעטֶע בֵּיינֶער... אִיךְ הָאב שױן דְרֵיי נַאכְט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען, אִיךְ בִּין גֶעװֶעזֶען אַזױ פַאר הָארֶעװֶעט. אַז עֶס הָאט זִיךְ מִיר אױסגֶעװױזֶען אַז אִיךְ װֶעל אױף דֶער חֲתוּנָה נִיט הָאבֶּען קֵיין כֹּחַ צוּ זַיין, אוּנ אִיצְטֶער פִיהְל אִיךְ גָאר נִיט דִי אַללֶע װֵייטִיגֶען װָאס פְרִיהֶער. דִי מַאמֶע הֵייסְט מִיר שְׁלָאפֶען פַארשְׁלָאפֶען אַזאַ טֵייעֶרֶע צֵייט, אַזאַ זִיסֶע לִיבְּלִיכֶע

גאלדענע וועלט ... אך ווי שאן ריין אונ גוט איז דאס איצט !...

מיט א זיסען שמייכעל אויף די ליפען האט זי זיך פאר טראכט אויף עטליכע מינוט:

—אונ ווי גוט, ווי טייער אונ פרעהליך וועט זיין היינטיגען אבענד... ביי אונז וועלען זיין אללע קאוואליערען—אונ גארפינקעל מיט שטיינקפינקלען אויך !...

ביי די לעצטע ווארטער האט זי שפרינגענדיג איצט איבער דעם זאלל פלוצים צו געלעגט איהרע פינגער צום מויל אונ ארויס געלאזט אקוש איבער דעם גאנצער זאלל, אז עס האט אבגעקלונגען אין אללע ווינקעלעך.

דעם „וואזדישנע קוש", ווי מע רופט איהם אן ביי די פארליבטע, האט קלארא געשענקט אללע קאוואליערען פאר זייער שאן טאנצען אונ אפשר גארפינקעלין מיט שטיינפינקעלין פאר זייערע שענע האר. ווער קען וויסען וואס עס האט זיך איצט געטהון ביי דער יונגער גליקליכער קלארע אין הארצען !...

חאטש מע האט קלארען ניט געדעכענט צווישען די שענע מיידליך, נאר איצט האט זי אויסגעזעהן אזוי פיין, אז יעדען האט זי געקענט געפעלען. איהר שטענדיג בלאה פנים איז איהר געווארען פארבּיג. איהרע אויגען האבען געבלישטשעט, עס האט פון זיי געשפריטצט פייער פון לעבען; איהר שפרינגען אונ טאנצען ווי א קליין קינד האט איהר צו געגעבען א בעזונדער חניוודיקייט, זי האט דאס בעמערקט אונ איז געוועזען זעהר גליקליך.

זי איז נאך עטליכע מאל דורך־געשפרונגען איבער דעם זאלל ביז זי איז אביסעל מיעד געווארען. זי האט זיך אנגעשפארט אויף דעם נייבען דיוואן, אונ זיסע געדאנקען האבען זי אנגעהויבען פארשלעפערן...

***

וועלכע זיסע געדאנקען האבען איצט קלארען איינגעוויגט — איז שווער צו טרעפען, נאר פון איין זאך האט זי געטראכט, אז היינטיגען אבענד וועט זי זיך מעהר בעקענען מיט נ י י, זי האט שוין לאנג געוואלט זיין מיט זיי בעקאנט, ווי די פריידקינזאהנס; נאר ווי אזוי האט דאס געקענט זיין, אז נ י י האבען צו איהר אין שטוב ניט געקענט קומען! איהרע עלטערען וואלטען דאס ניט ערלויבט אונ דרום איז זי געוועזען מיט זיי, ווי מע זאגט, נאר „פון ווייטענס בעקאנט", ווען די יונגע לייט זענען געקומען צו די פריידקינזאהנס, האבען זיי איהר אויך דער לאנגט די האנד אונ ווייטער גאר ניט, זיי האבען מיט איהר קיין מאהל ניט גערעדט ווי מיט די פריידקינזאהנס.

—זיי מיינען אז איך קען ניט רעדען, פלעגט קלארא אפט טרויעריג טראכטען, ווייל איך בין א חסידישע טאכטער. א! זיי ווילען גאר ניט וויסען, זיי ווילען זיך ניט צו־קוקען צו מיר, אז איך קען אויך אזוי רעדען ווי די פריידקינזאהנס. זיי זאלען קענען וויסען אונ פארשטעהן וואס טהוט זיך בא מיר אין הארצען, ווי איך קען פיהלען... ווי איך קען אמת, אמת מרוי ליעב האבען! אונ זיי רעדענען מיך פאר א שטומע, איך קען גאר ניט

רעדען, איך בין א חסידיש מיידיל—וואָרט נאָר וואָרט, ווערט איהר זעהן צי וועל איך זיין א חסידישע פרוי!...

ניט צו ווערען קיין כלה פאר א חסיד, ד. ה. ניט פאר קיין געבילדעטען פון היינטיגער וועלט, האט זי זיך שוין לאנג געחלשט. זי איז געוועזען פארזיכערט אויף איהר גרויס חשובקייט ביי איהרע עלטערען אז זיי וועלען איהר ערלויבען, נאר ווי אזוי זשע קען דאס זיין, אז א כלה ווערען פאר א היינט־וועלטיגען פאסט ניט דורך אשדכן! די כלה מוז אליין געפינען א חתן, אזוי לאנג זיין בעקאנט מיט היינטוועלטיגע ביז מע ווערט זיך אין איהר פארליעבען. ניט איין מאל האט זי זיך געפרובט אנהויבען זיך מעהר בעקאנען און רעדען מיט זיי, נאר דאס „אנהויבען" איז איהר עפיס געוועזען אזוי שווער, אז עס איז אזוי אוועק געגאנגען טאג און וואכען און—גאר ניט! נאר איצט—היינטיגען אבענד איז געוועזען איהר גאנצע האפפענונג, אויף איהר שוועסטערס חתונה וועט זי טאנצען מיט די קאוואליערען מעהר ווי אלע אנדערע מיידליך, און מיט גארפינקלען און שטיינפינקלען וועט זי געווים אסך טאנצען!...

מיט די געדאנקען איז קלארא זיצענדיג אויף דעם ווייכען דיוואן אנטשלאפען געווארען ווי א קינד אין וויעג, פאר וויעגט מיט איינענע געדאנקען.—

.3

## געטאנצט מיט יאשטשערקעס.

דאס גאנצע הויז איז געוועזען בעלייכטעט מיט אסך ליכט און לאמפען, נאך שענער און ליכטיגער איז געוועזען דער גרויסער זאלל, וואו עס זענען איצט פארגעקומען די טאנץ. אלע קאוואליערען זענען געוועזען אויף דעם אויג, איינער האט פון זיי ניט געפעהלט. אויך פון אלע בולוואנאווקער אריסטאקראטקעס דאמען און פריילין האבען ניט געפעהלט; די כלה'ס שוועסטער האט מען געזעהן אומעטום, אלע האבען אין איהר דערקענט אז זי איז דא אויף דער חתונה די גלאוונע מחותנת־טע, קלארא איז געוועזען זעהר פרעהליך, מיט איהרע ליעבע חברטעס פריידקינזאהנס האט זי געשפאצירט געארעמט איבער דעם זאלל און צו זאממען אויפגענומען די יונגע היינטוועלטיגע גאסט.

—אך, פראנעטשקע, ווי איז גוט וואס מיין פאטער האט ערלויבט א זא א חתונה— האט זיך קלארא געווענדעט צו דער עלטערער פריילין פריידקינזאהן — אומשטיינס געזאגט איין אלטמאדישע חתונה איז דען אויך א חתונה? גערה טאנץ מיט די אלטע ווייבער! עס גלוסט זיך נאר שלאפען; אבער אויף אזא חתונה ווי איז עס גוט, ווי איז עס פרעהליך!

די טאנץ האבען זיך אנגעהויבען. גארפינקעל און שטיינפינקעל, צוויי סטודענטען פון דעם פעטערבורגער מעדיצינסקי פאקולטעט, זענען געוועזען די „דיריזשארען" (די פיהרער) פון די טאנץ, אויסער דעם וואס זיי האבען געקענט שאן טאנצען און גוט פארשטאנען ווי צו פיהרען די טאנץ. זענען זיי אויך געוועזען צוויי שענע יונגע לייט און פארשטעהט זיך אז ביי די טאנץ זענען זיי געוועזען די העלדען, און יעדעם פריילין

און יעדעס יונגע דאמע האבען ארויס געקוקט אז נארפינקעל אדער שמי־גפינקעל זאל זי „אנגאזשירען" ואיינלאדען.

ווי גליקליך איז קלארא געוועזען צום ערשטען טאנץ, ווען נארפינקעל האט זי אנגאזשירט!—

קלארא האט זיך ניט אוספעיעט אב־רוהען פון ערשטען טאנץ, איז שוין אונטערגע־שפרונגען שטיינפינקעל און זי איינגעלאדען צום צווייטען טאנץ.

קלארא האט זיך געפיהלט נאך גליקליכער, פונקט ווי די זינגערין וועלכע די פובליקע רופט ארויס דאס צווייטע מאהל זינגען דאס אייגענע שטיק— א גליקליכע איז קלארא גע־פלויגען איבער דעם זאלל מיט דעם העלד, זי איז גאר ניט מיעד געווארען פון דעם צוויי־טעי טאנץ, פונקט פאר־קערט— וואס ווייטער האט זי זיך געפונען גרינגער און גרינגער, און וואלט אזוי געפלויגען אייביג, אייביג מיט דעם גרינגען קאוואליער, העבער, העבער ביז אין בלויען הימעל אריין, וואו אנשטאט כלי זמר, שפיעלען די פויגעל, אנשטאט די אללע לאמ־פען, בעלייכט די גאלדענע זונן מיט מיליארדען שטראהלען.

ווען עס האט זיך געענדיגט דער טאנץ און זי איז מיט איהר קאוואליער געבליבען שטיין אויף די פיס, האט זיך איהר אויסגעוויזען, ווי זי איז מיט א גוטען מלאך אראב־געפא־לען פון הימעל אויף דער ערד.

דער גוטער מלאך האט זי צו־געפיהרט צו א ביינקעל, ליעבליך געדאנקט איהר פאר דעם טאנץ, און מיט א זיסען שמייכעל אוועק־געגאנגען און פאר־פאללען געווארען צווישען די גאסט, וועלכע האבען זיך געדרעהט אין זאלל.

זיצענדיג אזוי אויף דעם בענקעל האט זיך איהר געהייבען דאס הארץ, א קליין געשמאק ווינטעלע פון דעם וועיער האט איהר נשמה אביסעלע דערקוויקט, זי האט זיך אומגעקוקט ארום און ארום און האט געזעהן ווי איהר גוטער מלאך האט זי ווי איין עלענדען שטיין איבער־געלאזט אויף דער זינדיגער ערד, צווישען פראסטע זינדיגע בע־שעפעניסען—אך! ווי וואלט זיך איהר איצט געוואלט מיט דעם גוטען מלאך זיך אויף הייבען הויך ... אין דער הייך ... נאר געוויס וועט ער באלד קומען צו פליהען, אויף זיינע גרינגע פליעגל זי אויף הייבען פון דער זינדיגער ערד און זיי וועלען אוועק ווייט ... ווייט ... —ווי פיהלט איהר זיך, קלארעטשקע? — האט פראניא, וועלכע איז געזעסען ביי איהר רעכטער האנד, זי געפרעגט, און איבער געשלאגען איהרע זיסע געדאנקען— דאכט זיך עס איז דא צו הייס?

איך פיהל זיך גוט, זעהר גוט, מיר איז ניט הייס, מיר איז גוט.

אך קלארעטשקע! ווי שאן ליגט אויף דיר דאס קלייד! —האט זיך אנגערופען מאניא וואס איז געזעסען נעבען איהר לינקער זייט—דו זעהסט איצט אויס אזוי פיין, אז עס איז א פערגניגען צו קוקען אויף דיר—האט מאניא געזאגט גאנץ ערענסט.

—יא, איך פיהל עס, איך געפעהל זיך איצט אליין, איך בין מיט זיך איצט זעהר צו פרידען—האט קלארא געענטווערט און מיט דעט גאנצען הארצען זיך צו קושט מיט איהרע טרייע חברטעס.

די מוזיק האט אנגעהויבען געבען אסיגנאל צום טאנצען; די ביידע דירזשארען האבען אנגעהויבען שווימען איבער דעם זאלל פרעהליך, אונ אויף „טאנץ—לשון“ אויסגעשריגען, די „פארלעך“ זאלען זיך שטעלען אויף זייערע ערטער, די קאוואליערען האבען געחאפט זייערע דאמען *) אונ פארליך האבען אנגעהויבען פליהען, קלארא האט אויך געטאנצט נאר שוין ניט גרינג אונטערען בלומען הימעל ווי אין די ערשטע צוויי טאנץ, נאר פראסט געטאנצט מיט די פיס אויף דער ערד. איהר נייער־קאוואליער איז איהר געוועזען צו שווער, פונקט ווי זי איז איינגעשפאנט אין א שווערען וואגען, זי איז באלד שטארק מיעד געווארען אונ זיך געזעצט אויף איהר שטוהל.

די גוטע גרינגע מלאכים האבען ניט אויפגעהערט צו פליהען מיט די פריילין פריידקינזאהן ביז אין סוף טאנץ.

20 מינוט איז אוועק געגאנגען. די מוזיק האט ווייטער געגעבען א סיגנאל. די צוויי דירזשארען האבען זיך געלאזט לויפען נעמען זייערע דאמען אין דער זייט וואו קלארא איז געזעסען, זי האט שוין אוועק געלעגט דעם וועיער, ווייל זי איז געוועזען פארזיכערט אז גארפינקעל מיט שטיינפינקעל לויפען צו איהר, עס האט זי נאר איני־טערעסירט ווער וועט זי דער ערשטער איינלאדען. נאר דער ערשטער האט אוים געחאפט פראניא'ן וועלכע איז געזעסען ביי דער רעכטער זייט פון קלארא'ן, אונ דער צווייטער — מאניא'ן וועלכע איז געזעסען ביי דער לינקער זייט—אונ קלארא איז ווייטער מגולגל געווארען צו א פירטען נייעם קאוואליער.

זי האט זיך איצט נאך ערגער געפיהלט ווי פריהער, זי האט זיך אביסעל געדרעהט מיט איהר נייעם קאוואליער אונ זיך באלד געזעצט אויף איהר שטוהל.

מע האט נאך פיער טאנץ געטאנצט אונ קלארא האט די גוטע מלאכים מעהר ניט געזעהן, זיי זענען פארפאלען געווארען ווי אין וואסער אריין, ד. ה. דעם גאנצען אבענד האבען זיי נאר געטאנצט מיט די פריידקינזאהנס.

קלארא האט איצט געקוקט אויף איהרע פריהריגע מלאכים ווי אויף ראזבאניקעס אונ אויף איהרע טייערע חברטעס, די פריידקינזאהן'ס, וואס זי האט אהן זיי א שעה ניט געקענט איבער לעבען—ווי אויף איהרע שונאים.

די שטאנדיגע גוטע קלארא איז איצט געווארען בעז ווי אשלאנג, דאס יונגע בלוט האט אין איהר אנגעהויבען זידען ווי אין א קעסעל פאר גרוים פארדראס. נאר וואס האט זי געקענט טהון? די גוטע ערליכע קלארא וואס האט ניט געקענט זיין פאלש האט נאך געמוזט מיט איהרע ראזבאיניקעס אונ שונאים איצט זיין גוט אונ פריינדליך, בעטען אללע מאהל זיי זאלען עפים געניסען פון די גוטע פארבייסענס אונ געטראנקען וואס מע האט אנגעגרייט אויף רעת תחונה.

ווען עס זאל ערגיץ זיין אזא מין ביסעלע סם וואס מע זאל הערפון ווערען מיאוס אונ דער צו אהן פים, מע זאל ניט קענען טאנצען, וואלט געוויס די גוטע קלארא געבעטען

*) א פריילין ביי די טענץ רופט זיך אויך אן „דאמע“ — אנמערקונג פון הבחור הטענצער.

די פריילין פריידקינזאהן, זיי זאלען דער פון עפיס געניסען; נאר אזא מין סם האט זי ניט געהאט. מע האט עס ניט אנגעגרייט אויף דער חתונה, און ווידער האט עפיס ניט געפאסט מכבד זיין מיט אזוינע זאכען. און קלארא האט טאקע ווייטער געמוזט זיי בעטען עפעס געניסען פון די גוטע קאנפעקטען, טשען לעקעך און פלאדען און פארטרינקען מיט גוטע ווייגען.

קלארא האט ניט געטאנצט. די פריילין פריידקינזאהן האבען דאס בעמערקט און זי געפרעגט.

—איך בין זעהר מיעד—האט קלארא געענטווערט—איך פיעל זיך ניט גוט.

—טאמער דארף מען רופען א דאקטאר?—האט זיך פראניא דער שראקען.

—בערוהיגט זיך, איך דארף קיינעם ניט, איך בין נאר מיעד; איך האב אסך געהארעוועט פאר דער חתונה.

—מיר דארפען גאר ניט שיקען נאך קיין דאקטאר, איהר ווייסט דאך: מיר האבען אייגענע. קומט נאר אהער, יונגע דאקטוירימלעך!—האט פראניא גערופען די צוויי סטודענטען.

—אידער אזוינע דאקטוירים איז שוין גלייבער געזונד צו זיין—האט מאניא געלאכט.

מע האט ווייטער אנגעהויבען שפיעלען, און גאר פינקעל מיט שטיינפינקעל האבען ווייטער פרעהליך און לעבעדיג געטאנצט—מיט די פריידקינזאהנס.

קלארא האט מעהר ניט געקענט איבער טראגען. זי איז געוועזען פון די אמהע עהרליכע נאטורען, וועלכע האט ניט געקענט זיין מיט דעם הארצען אזוי און מיט דעם פנים אנדערש. וואס עס האט זיך געטהון ביי איהר אין הארצען, האט מען גרינג געקענט בעמערקען אויף איהר געזיכט. ווען זי האט איינעם ליעב געהאט, האט זי ליעב געהאט מיט דעם גאנצען הארצען, און ווען זי האט איינעם פיינד געהאט, איז אויך געוועזען מיט דעם גאנצען הארצען. ווען עס זאל היינטיגער אבענד ניט געוועזען זיין איהר שוועסטערס חתונה, וואלט זי שוין לאנג אוועק־געגאנגען פון זאלל, איהר געדולד האט שוין אבער געפלאצט און זי האט זיך געקרעשעט, אויב די ראזבוינעקעס וועלען זיך איצטעריגען טאנץ אן איהר ניט דערמאנען, וועט זי אוועק געהן צו זיך אין צימער, עס מעג זיין וואס עס װעט זיין.

קלארא האט אליין געהייסען שפיעלען דעם טאנץ. טאמער וועלען זיי זי בעמערקען. די מוזיק האט באלד אנגעהויבען שפיעלען, די דירינזשארען האבען אנגעהויבען אויס־שרייען צו די „פארליך". אללע אנדערע קאוואליערען זענען צו געלאפען, נאר ניט גארפינקעל און שטיינפינקעל! זיי זענען שוין געשטאנען אויף זייערע ערטער—פאר שטעהט זיך מיט די פריידקינזאהנס. קלארא פון גרויס פארדראס וואלט שוין אנטלאפען פון זאלל, נאר ווייל זי האט אליין געהייסען שפיעלען, האט זי שוין געמוזט טאנצען ביז אין סוף. מיט דעם שווייס איז זי אבגעגאנגען אידער מע האט געענדיגט דעם טאנץ, ווייל איהר קאוואליער האט זיך איהר אויסגעוויזען איז אויך עפיס א מין „שווערער וואגען" וואס האט די איינגעשפאנט אין איהר און שלעפט זיך מיט איהר ווי מיט רעדער אויף א שליט־וועגס. —

זִי הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אַבִּיסֶל אָבְּרוּהֶען אוּנ אַוֶועק גֶעהְן פוּן זַאלל, נָאר דִי מוּטֶער איז צוּ גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ גֶעזִיכְט אוּנ אִיהְר גֶעזָאגְט·

—קְלַארֶעטְשְׁקֶע! וָואס לָאזְט דוּ אוּנְזֶערֶע ־ײַעֶרֶע גֶעסְט זִיצֶען לֵיידִיג? וָואס בֶּעטְסְט דוּ זֵיי נִיט מֶע זָאל עֶפִּים גֶענִיסֶען?

אוּנ קְלַארַא הָאט גֶעמוּזְט מִיט אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד הָארֶעוֶוען אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע גְזִלְנִים אוּנ נָאךְ מֶעהְר אִיהְרֶע שׂוֹנְאִים—דִי פְרַײלַיין פְרֵיידְקִינְזָאהְן!...

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אֲרוּם הָאט קְלַארַא גֶעזָאגְט אַז דֶער קָאפּ טְהוּט אִיהְר שְׁטַארְק וֵויי, דִי מוּטֶער, וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶוען זֶעהְר צוּפְרִידֶען וָואס קְלַארֶעטְשְׁקֶע ווִילל זִיךְ גֶעהְן אָבְּרוּהֶען, הָאט זִי זִיךְ פַארֶענְטְוֶוערְט פַאר דִי גֶעסְט, אַז זִי הָאט זֶעהְר גֶעהָארֶעוֶועט פַאר דֶער חֲתוּנָה, זִי אִיז שְׁוַואךְ, אֵיין אֵיידִיל קִינְד א. ז. וו.

—הַײנְט זֶעהְט, אַז אַקִינְד ווִילל נִיט פָאלְגֶען!—הָאט דִי מוּטֶער גֶעזָאגְט—אִיךְ הָאבּ זִי בַּיי טָאג גֶעבֶּעטֶען זִי זָאל זִיךְ אַבִּיסֶל צוּ לֵייגֶען, הָאט זִי נִיט גֶעוָואלְט, אִיצְט קֶען זִי אֲפִילוּ נִיט זִיצֶען·

דִי פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס הָאבֶּען זִיךְ הַיים צוּ קוּשְׁט מִיט אִיהְר אוּנ גֶעוואוּנְשֶׁען אִיהְר אַללֶעס־גוּטְס, גָארְפִינְקֶעל אוּנ שְׁטֵיינְפִינְקֶעל הָאבֶּען פְרַײנְדְלִיךְ זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט, דֶער נָאךְ אַללֶע גֶעסְט, אוּנ קְלַארַא אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין אִיהְר צִימְמֶער·

.4

## מַיינֶע אַ בֶּעקַאנְטֶע דַאמְמֶע·

זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ, קְלַארַא! זִי הָאט גֶעמֵיינְט אַז נָאר זִי אֵיינֶע אִיז אֵיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע· זִי זָאל זִיךְ גֶעוֶועזֶען צוּ־קוּקֶען צוּ אַנְדֶערֶע פְרַײלַיין, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה „מִיט קַאוַואלְיֶערֶען", וָואלְט זִי גֶעפִינֶען פִּיעל אוּמְגְלִיקְלִיכֶערֶע פוּן אִיהְר, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעטַאנְצְט מִיט יַאשְׁטְשֶׁערְקֶעס!—קְלַארַא הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט דִי גוּטֶע מַלְאָכִים חָאטְשׁ אֵיין מָאל, אוּנ נָאךְ דִי עֶרְשְׁטֶע פְרִישֶׁע טֶאנְץ, אוּנ יֶענֶע הָאבֶּען אֲפִילוּ דֶעם לֶעצְטֶען אַלְטְגֶעבַּאקֶענֶעם טַאנְץ מִיט זֵיי אוֹיךְ נִיט גֶעטַאנְצְט· נָאר אַזוֹי אִיז שׁוֹין דֶער מֶענְשׁ זִינְדִיג, אַז עֶר פִיהְלְט נָאר ווִי אִיהְם זֶעלְבְּסְט אִיז שְׁלֶעכְט, אוּנ וֶועגֶען אַנְדֶערֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע ווִיל עֶר אֲפִילוּ אִין יֶענֶעמְס ווִינְקֶעל נִיט אַרַיין קוּקֶען·

אָ! ווִי פִּיעל, ווִי פִּיעל אוּנְגְלִיקֶען קוּמֶען פָאר אוֹיף יֶעדֶער חֲתוּנָה, אוֹיף יֶעדֶען בָּאלל, וואוּ עֶס טַאנְצֶען דַאמֶען מִיט הֶערְרֶען!

***

אִיךְ מוּז זִיךְ מוֹדֶה זַיין פַאר אַייךְ, לִיעבֶּע לֶעזֶער, אַז אוֹיף אַזוֹינֶע חֲתוּנוֹת אוּנ בֶּאללֶער בַּיי אוּנְז אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶאדְט, אִין דֶער „גְרוֹיסֶער וֶועלְט" הָאבּ אִיךְ זֶעהְר לִיעבּ צוּ זַיין— אִיךְ הָאבּ לִיעבּ אוּנ קֶוֶועל־אָן קוּקֶענְדִיג, ווִי הוּנְדֶערְטֶער יוּנְגֶע לַייט, פְרַײלַיין אוּנ קַאוַואלְיֶערֶען וֶוערֶען אַללֶע גְלַייכֶע בְּרִידֶער אוּנ שְׁוֶועסְטֶער, מֶען אִיז גוּט אֵיינְס צוּם אַנְדֶערֶען, דִי אַללֶע

אונגרערטער יונגע מענשען טאנצען אונטער איין ראד ווי איין מענש, עס איז א גרויס פערגניגען צו קוקען ווי ארעם אונ רייך זענען ביי די טאנץ גלייך; מע נעמט זיך ארום ווי אייגענע. אללע צו זאמען האבען גלייכע פערגניגען, מע טאנצט, מע שפרינגט אונ מע רעדט צווישען זיך ווי קליינע אונשולדיגע גליקליכע קינדער!

—איהר האט אגרויסען טעות, האט מיר אמאהל אויף א באלל געענטווערט מיינע א בעקאנטע היינטוועלטיגע דאמע פון מיטעלע יאהרען, אלס איך האב איהר מיינע געפיהלע ארויס געזאגט—איך בין אין מיינע יונגע יאהרען אויף א סך באללער אונ אויף היינטוועלטיגע חתונות געוועזען. איך בין אמאהל אזוי שטארק פארברענט געוועזען אין אזוינע פערגניגען, אז איך קען זאגען איך האב איין באלל, איין חתונה ניט אויסגעפעהלט — אונ שווער אייך אז היינט ווען איך בין אויף א חתונה ווער איך זעהר טרויעריג.

—אפשר דער פאר וואס איהר זענט שוין איין עלטערע פרוי אונ קיין שאנע יונגע לייט ווילען מיט אייך ניט טאנצען?...

—איך רעד ניט פון מיר, איך זאג עס גאנץ ערנסט, איך רעד נאר פון די אללע גליקליכע, פון וועלכע איהר האט אזוי פיעל פערגניגען, איך מיין פון די אלקע אונגליקליכע! איך בין אויך אמאהל געוועזען אזא אונגליקליכע!.

—אונגליקליכע! אט די יונגע פריילין וואס איהר זעהט דא אין זאלל ארומשפרינג־געדיג ווי די יונגע פייגעלעך רופט איהר אן אונגליקליכע? —האב איך פער וואונדערט געפרעגט.

—יא, —האט זי נאך אמאהל ערנסט געענטווערט—איהר קוקט זיי אן ווי שאן ווי פיין זיי זענען געקליידעט, ווי פרעהליך ווי גליקליך זיי פליהען דא ארום פארליך־ווייס א! ווי ביטער אבער, ווי שווער, ווי פיעל צרות אונ שלעק האבען זיי איבער געטראגען איידער זיי זענען געקומען אויף דעם באלל! ניט איינע וועט איהר דא געפינען, וועלכע האט פריהער דריי טאג געוויינט, דריי נאכט ניט געשלאפען, איידער זי האט אוים געבעטען ביי די עלטערען עטליכע רוביל אויף צו באפוצען דאס קלייד, ניט איינע האט זיך אוים־געוויינט די אויגען, ווייל זי האט ניט געהאט קיין האנדשוהע אדער קיין וועיער, ניט איינע האבען די יונגערע שוועסטער מיט דער מוטער באגלייט אויף דעם באלל מיט טויטע קללות. פאר וואס זי געהט יא אונ די יונגערע ניט. נאר זי, אייער גליקליכע פריילין האט צו גענומען אללע קללות פון יעדען פארליעב. אונ איז טאקע געגאנגען אויף דעם באלל. זי האט אפילו פארגעסען וואס פאר א שרעקליכע קללות זי ערוואַרטעט נאך דעם באלל, צוריק א היים קומענדיג פון דער מוטער אונ פון די יונגערע שוועסטער. א סך אזוינע ביישפילען וואלט איך אייך געקענט ברענגען, ווי שווער אונ ביטטער עס קומט זיי אן איידער זיי קומען אויף דעם באלל אדער אויף דער חתונה. נאר דאס אללעס אס איך האב אייך דער ציילט איז נאך קיין אנהויב ניט וואס זיי ליידען איבער טאקע דא אין זאלל, טאנצענדיג, שפרינגענדיג אונ פרעהליכדיג.

—דא אין זאלל? דאס פערשטעה איך ניט!

—דא אין זאלל! אי וואס איהר מאנסלייט ווייסען ניט אונ פארשטעהן ניט. איז קיין וואונדער ניט. —איהר קענט עס ניט פארשטעהן, אין אייך געפינט זיך ניט קיין ווייבערש

הַאַרְץ. דָאס קֶען נָאר וִויסֶען יֶעדֶע פְרַיילֵין וֶועלְכֶע הָאט נָאר גֶעטַאנְצְט אוֹיף בָאלֶער אוּ אוֹיף הַיינְט־יוֹעלְטִיגֶע חֲתוּנוֹת, אוּנ וֶוער שְׁמוּעֶסְט פוּן דִי, וֶועלְכֶע גָאטט הָאט גֶעשְׁטְרָאפְט דֶעו מִיט וָואס זִי אִיז נִיט אַזוֹי שֶׁאן: דִי פִיהְלְט נָאךְ מֶעהְר וִוי אוּנְגְלִיקְלִיךְ זִי אִיז אוֹיף דֶעו פְרֶעהְלִיכֶער חֲתוּנָה, וואו עֶס שְׁפִּיעלְט מוּזִיק...

מַיין בֶּעקַאנְטֶע דַאמֶע הָאט גֶעזֶעהְן וִוי אִיךְ הֶער זִיךְ נִיט אוֹיף צוּ וואוּנְדֶערֶען אִיין אִיהְר גֶעשְׁפְּרֶעךְ, הָאט זִי וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען:

נָאר אַז אִיהְר בְּלִינְדֶע מַאנְסְלַייט, פַאר שְׁטַאפְּטֶע אוֹיעֶרֶען, שְׁטֵיינֶערְנֶע הֶארְצֶער אַייזֶערְנֶע קֶאפּ, זָאלְט אוֹיךְ קֶענֶען פַארְשְׁטֶעהְן אוּנְזֶערֶע הֶארְצֶער, מוּז אִיךְ אַייךְ עֶרְקְלֶערֶען אוֹיף יֶעדֶען בַּאלל אָדֶער חֲתוּנָה וואו מֶע טַאנְצְט מִיט קַאוַואלֶיערֶען, מוּזֶען זִיךְ גֶעפִינֶע צְווֵיי דְרַיי יוּנְגֶע לַייט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַללֶע מַעֲלוֹת, זֵיי זֶענֶען יוּנְג, שֶׁאן, לֶעבֶּעדִיג דִיהֶערֶעוְודִיג, שְׁפְּרִינְגֶענְדִיג, רֶעדֶעוְודִיג אוּנ דֶער צוּ טַאנְצֶען זֵיי אוֹיךְ גוּט, —אַזוֹינֶע וֶוערֶע בַּאלְד דִי „הֶעלְדֶען" בַּיי דִי טֶאנְץ; זֵיי מַאכֶען דִי טֶאנְץ, פִיהְרֶען דִי טֶאנְץ, דִי שֶׁאנְסְטֶ פְרַיילֵיין לַאדֶען זֵיי אַיין פַאר זַייעֶרֶע דַאמֶעס צוּם טַאנְצֶען, מִיט אֵיין וָוארְט: זֵיי אוּנ זֵיי— זֵיי זֶענֶען אוּמֶעטוּם! בַּיים בּוּפֶעט זֶענֶען זֵיי דִי עֶרְשְׁטֶע אוּנ עֶסֶען אִין טְרִינְקֶען דָאס בֶּעסְטֶע דֶער גַאנְצֶער זַאלל מִיט דַאמֶען אוּנ קַאוַואלֶיערֶען צוּ זַאמֶען מִיט דִי כְּלֵי זֶמֶר זֶענֶען זַייעֶרֶע דִיעֶנֶער, אוּנ זֵיי זֶענֶען זַייעֶרֶע נַאטְשַׁאלְנִיקֶעס. אַללֶע מוּזֶען זֵיי גְלַייךְ בֶּעמֶערְקֶען, אוּ יֶעדֶע פְרַיילֵיין, יֶעדֶע דַאמֶע אִיז זֶעהְר צוּ פְרִידֶען, וֶוען אֵיינֶער פוּן דִי הֶעלְדֶען לַאדֶעט זֵי אַיין—מִיט אִיהם צוּ טַאנְצֶען; אוּנ וֶוער שְׁמוּעֶסְט אַז דֶער „הֶעלְד" טַאנְצְט מִיט זֵיי עֶטְלִיכֶ טֶאנְץ, פִיהְלְט מֶען זִיךְ טַאקֶע פוּן דִי גְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דֶער וֶועלְט. מִיט זֵיי וְדִי הֶעלְדֶען טַאנְצְט זִיךְ גָאר אַנְדֶערְשׁ, מִיט זֵיי פְלִיהֶעט מֶען אִין דִי עֶרְשְׁטֶע פָאר, מִיט זֵיי לֶעבֶּ מֶען, מִיט זֵיי וֵוייסְט מֶען פוּן אַ חֲתוּנָה צוּ זָאגֶען! אָבֶער וִוי פִיהְלְט זִיךְ דִי פְרַיילֵיין וֶועלְכֶע נִיט אֵיינֶער פוּן דִי הֶעלְדֶען הָאט זִי אֲפִילוּ אֵיין מָאל נִיט אַיינְגֶעלַאדֶען צוּם טַאנְצֶען אָ! דֶענְסְמָאל אִיז מֶען נִיט נָאר נִיט צוּ פְרִידֶען מִיט דֶעם לֶעבֶּען, נָאר דִי גַאנְצֶע וֶועלְט וֶוערְ נִמְאָס וּמָאוּס. מֶע פִיהְלְט זִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ, וִוי שְׁטַארְק בַּאלֵיידִיגְט, אוּנ מֶע וֶוערְט אַרָאבּ גֶעפַאלֶען בַּיי זִיךְ, דָאס יוּנְגֶע בְּלוּט הֵייבְּט אַזוֹי אָן צוּ קָאכֶען, פוּנְקְט וִוי בַּיים שְׁנַיידְעו שִׂמְחַת תּוֹרָה, וֶוען עֶר וִויל דַוְקָא דִי שֶׁאנְסְטֶע אוּנ פֶעטְסְטֶע עֲלִיָה, אוּנ עֶס לָאזְט זִין אוֹיס אַז מֶע לָאזְט אִיהם אִיבֶּער עֶפִּיס אַ עֶק שְׁטִיקֶעל פַארדַארְטֶע תּוֹרָה!... מִיט אֵיין וָוארְט מֶע הָאט נָאר אַ פַארְשְׁטֶערְטֶע חֲתוּנָה אוּנ אַ פַארְיָאמֶערְט לֶעבֶּען! אוּנ דֶער צוּ מוּז מֶע נָאךְ זַיין פְרֶעהְלִיךְ, לַאכֶען, רֶעדֶען, כְּדֵי מֶע זָאל נִיט דֶער קֶענֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִין הַארְצֶען, מֶע מוּז נָאךְ זִיךְ שְׁלֶעפֶּען, טַאנְצֶען מַיין אִיךְ, מִיט דִי „שְׁוֶוערֶע פוּהְרֶען" — דָאס אִיז אַ בַּאזוּנְדֶער אָפְּקוּמֶענֶעשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט! דִי גֶעצֶעהְלְטֶע צְווֵיי דְרַיי הֶעלְדֶען זֶענֶע נָאךְ וִוי אוֹיף צוּ זֶעצֶענֶעשׁ אַזוֹינֶע מֶארְדֶער, אַז יֶעדֶער פוּן זֵיי קְלוֹיבְּט זִיךְ אוֹיס אֵיינֶע פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע אוּנ טַאנְצְט מִיט אִיהְר אַוֶועק דֶעם גַאנְצֶען אָבֶענְד אַללֶע טֶאנְץ, אוּנ מִיט קֵיין אַנְדֶערֶע אֲפִילוּ קֵיין טְרִיט נִיט. וָואס אִיז? דֶער פַאר וָואס מֶע דַארְף נִיט אַזַא שֶׁאנֶע נָאז וִוי יֶענֶע אוּנְד דָאס אַללֶעס דַארְפֶען דִי „אַללֶע אַנְדֶערֶע" צוּ־זֶעהְן מִיט זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען!. אָ, מִיט וִוי פִיעל פַארדְרָאס אוּנ כַּעַס גֶעהְן אַוֶועק דִי פְרַיילֵיין פוּן דֶעם פְרֶעהְלִיכֶען בּאלל אוּמְגְלִיקְלִיכֶע! זֵיי בַּאקְלָאגֶען זִיךְ יֶעגֶען דֶעם פַאר קֵיינֶעם נִיט, אֲפִילוּ נִיט פַאר זַייעֶרֶע בֶּעסְטֶע חַבֶרְטֶעס, יֶעדֶע טְרָאגְט דֶעם פַארדְרָאס שְׁטִיל בַּיי זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין טִיעפֶען הַארְצֶען

זי אין דער שטיל, צווישען טויזענטער ליכט, צווישען מוזיק מיט טאנץ, ווערט פארגאסען
ייבען־ווייז דאס יונגע בלוט פון יונגע פריילין!

—באמערקט נאך אזאך! —האט מיין דאמע ווייטער אנגעהויבען רעדען—עס איז דא
זיינע פון די נים־שאנע, וועלכע געהן זעהר זעלטען אויף א באלל, און טאמער וועט
יהר זי פרעגען פאר וואס געהט זי נים, וועט זי אייך ענטווערען מיט פערשידענע תירוצים.

—איך האב פיינד די באללער, וואס האב איך דארט נים געזעהן? פארברענגען
ומזיסט צייט. איך וועל בעסער די צייט לייענען א בוך אדער געהן שפאצירען אין גאס,
על איך מעהר פערגניגען האבען, א. ז. וו.

—און טאנצען ווילט איהר גאר נים?

—עט! וואס קומט ארוים דער פון, איך האב נים שטארק ליעב טאנצען.

אזוי אדער אזוי ענטווערט זי אייך; נאר גלויבט איהר נים! —האט מיין בעקאנטע
אמע נים אויפגעהערט צו פייערען—אין דער צייט וואס זי ענטווערט אייך מיט תירוצים,
ען איהר זאלט קענען א קוק טאהן ביי איהר אין הארצען, וואלט איהר געזעהן, אז טאנצען
האט זי זעהר ליעב, און וואלט זיך אבגעזאגט פון אלע אנדערע פערגניגען, אבי געהן
אויף דעם באלל, זי געהט אבער נים, נאר דער פאר ווייל זי ווילל נים קיין בלוט
צאפענעש". דאס בלוט זאל אין איהר אומזיסט נים איבער געקאכט ווערען. זי ווייסט
פון פראקטיקע אז די העלדען פון די טאנץ זענען נים קיין מבינים אויף איהר שאנקייט
עס איז נים דא קיין פריילין וועלכע זאל נים מיינען אז זי איז שאן), און זי קען אזוי
וועק־זיצען דעם גאנצען אבענד, און נים נאר די העלדען וועלען זי נים איינלאדען,
אר אפילו אללע אנדערע געוועהנליכע קאוואליערען קענען זי אויך נים באמערקען. און
בכלל איידער זיך שלעפען מיט די „שווערע פוהרען" איז גלייבער גאר נים צו טאנצען און
בעסער זיצען אין דער היים. ווען אזא מין פריילין געהט שוין יא אמאל אויף א באלל.
עהט זי שוין מיט א אנגעגרייטען קאוואליער וועלכער וועט טאנצען מיט איהר, אהן אזא
עקאנטען אנגעגרייטען קאוואליער וועט אזא פריילין נים געהן אויף קיין באלל אדער
אויף „א חתונה מיט קאוואליערען". חאטש דער הערגיט זי, מיינע שונאים, וועט זי אייך
יעבער הונדערט נייע פיסטע תירוצים אויסטראכטען, און טאקע אויף דעם באלל נים
עהן, זי זאל אפילו, מיינע שונאים, דעם שלאק באקומען.—

—איך האב אמאהל געקענט א יונגען מאנן—האט מיין בעקאנטע דאמע ווייטער
ערצעהלט—א שאנער, א לעבעדיגער, א פרעהליכער, גיטאנצט קינסטליך גוט, מיט
איין ווארט: דער ערשטער העלד אויף אללע חתונות—און שטעלט זיך פאר! אז ער
לעגט נאר טאנצען מיט נים קיין שאנע פריילין—די מיאוסטע פלעגט ער עטליכע מאל
איינלאדען צום טאנצען, אזוי אז די שאנע פלעגען די מיאוסטע מקנא זיין. אללע האבען
יך זעהר געוואונדערט אויף דעם „העלד", און מע האט איהם אמאהל געפרעגט.

—צו וואס טהוט איהר עס? איז דען נים בעסער צו טאנצען מיט שאנע ווי מיט

מִיאוּסֶע ? מִיט אַזַא קְרַאסַאוָועץ וִוי אִיהְר וֶועלְעֶן דָאךְ מִיט פֶערְגְנִיגֶען טַאנְצֶען דִי שַׁאנְקְטֶע פְּרַייַלְיין •

—אִיךְ טְהוּ עֶס מִיט אַ וָואלְטֶאהְטִיגֶען צְוֶועק, עֶס אִיז אַ רַחֲמָנוּת—הָאט דֶער הָעלְד גֶעעֶנְטְוָוערְט, אוּנ אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֶמֶת, אַז פַאר דֶעם יוּנְגֶען מַאנְן אִיז שׁוֹין גֶעוִויס אִין גַן-עֵדֶן אָנְגֶעגְרֵייט אַגִילְדֶענֶער שְׁטוּהְל. בַּארֶעכֶענְט נָאר וִוי פִּיעל אוּנְגְלִיקְלִיכֶע יוּנְגֶע יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער הָאט עֶר אִין זַיין לֶעבֶּען גֶערַאטֶעוֶועט פוּן בְּלוּט צַאפֶּענֶעשׁ אוּנ גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט ! גָאטט זָאל אִיהם דֶערְלֶאנְגֶערֶען זַיינֶע יָאהְר עֶר זָאל נָאךְ לַאנְג אוּנ אַ סַךְ יָאהְרֶע זַיין יוּנְג אוּנ דֶער עֶרְשְׁטֶער הֶעלְד אוֹיף אַללֶע חֲתוּנוֹת ! אָט וָואס פַאר יוּנְגֶע לַייט עֶס זָענֶען אַמָאהְל גֶעוֶועזֶען אִין מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרֶען ! הַיינְטִיגֶע יָאהְרֶען, אוּמְשְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט, טְהוּט נָאר יֶעדֶער וָואס אִיהם גֶעפֶעהְלְט, אַבִּי זַיי אִיז גוּט, אוּנ פוּן קֵיין אַנְדֶערֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע ווִילְלֶען זַיי גָאר נִיט טְרַאכְטֶען !

—אָט זֶעהְט אִין יֶענֶעם ווִינְקֶעל—הָאט מַיין בֶּעקַאנְטֶע מִיר אָנְגֶעוִויזֶען אוֹיף צְוֵויי פְּרַיילֵיי וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין זַאלל וואו מֶע הָאט גִיטַאנְצְט—זֶעהְט ווִי טְרוֹיעֶרִיג זַיי זִיצֶען, זַיי הָאבֶּען נָאךְ קֵיין אֵיין מָאל נִיט גֶעטַאנְצְט • קֵיינֶער פוּן דִי קַאווַאלֶיעֶרֶען הָאבֶּען זַיי נִיט אַיינְגֶעלַאדֶען וָואס אִיז ? זַיי זֶענֶען נִיט שֶׁאן, אָ ! אִיךְ פִּיהל זַייעֶר הַארְץ

***

נָאךְ מַיין שְׁמוּעֶס מִיט מַיין בֶּעקַאנְטֶער הַיינְטְוֶועלְטִיגֶע דַאמֶע, הָאב אִיךְ עֶרְשְׁט אִיצְט פַארְשְׁטַאנֶען מִיט וָואס פַאר אַ הַארְץ קְלַ א רַ א אִיז הַיינְטִיגֶען אַבֶּענְד אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען פוּן אִיהְר שְׁוֶועסְטֶערְס חֲתוּנָה, אוּנ וֶוער ווַייסְט ווִיפִיעל נָאךְ „אוּנְגְלִיקְלִיכֶע" עֶס הָאבֶּען זִיךְ הַיינְטִיגֶען אַבֶּענְד גֶעפוּנֶען אוֹיף קְלַארֶעס שְׁוֶועסְטֶערְס חֲתוּנָה !

.5

## עֶס טָאגְט שׁוֹין אִין שְׁטֶאדְטִיל •

עֶס הָאט שׁוֹין גֶעטָאגְט אִין אָרִיבַּאטֶעווֶעקֶע • דִי פֶּענְסְטֶער זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶען בְּלָאה, וָוען מֶע אִיז זִיךְ צוּגַאנְגֶען פוּן ר׳ קַלְמַן קָאפִּילְס חֲתוּנָה, אַזַא גְרוֹיסֶען עוֹלָם הָאט מֶען שׁוֹין לַאנְג אִין אָרִיבַּאטֶעווֶעקֶע נִיט גֶעזֶעהְן וּבִפְרַט נָאךְ אַזוֹי פִּיעל יוּנְגֶע לַייט מִיט יוּנְגֶע פְּרַיילֵיין.

בִּכְלַל אִין דִי קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלִיךְ אַז אֵיינֶער מַאכְט חֲתוּנָה רוּפְט מֶען אַללֶע שְׁכֵנִים מִיט זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אָרֶעם אוּנ רַייךְ אַללֶע גְלַייךְ, הַיינְט קֶען מֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען וֶוען אַזַא גְבִיר ווִי ר׳ קַלְמַן קָאפִּיל מַאכְט חֲתוּנָה ! פוּן אַללֶע טְהִירֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיט מֶענְשֶׁען, „פַארְלִיךְ" אוּנ „פָארְלִיךְ" • פִּיעל קַאווַאלֶיעֶרֶען הָאבֶּען אָבְּגֶעפִירְט זַייעֶרֶע דַאמֶען אוּנ פִּיעל זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אָהְן אָבְּפִיהְרֶערְס נָאר מִיט זַייעֶרֶע חַבְרְטֶעס, מִיט וֶועלְכֶע זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, פוּן דֶער „בְּרֵייטֶער גַאס" וואו ר׳ קַלְמַן קָאפִּיל הָאט גֶעוָואהְנְט הָאט זִיךְ דֶער עוֹלָם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שִׁיטֶען אִין פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁמָאלֶע פִינְסְטֶערֶע גֶאסְלִיךְ אוּנ קוּמְטִיגֶע הַייזְלִיךְ • דֶער לֶיארֶעם פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען עוֹלָם אִיז אַבִּיסֶל שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען אוּנ מֶע הָאט שׁוֹין גֶעקֶענְט הֶערֶען וָואס אֵיינֶער מִיט דֶעם צְוֵויטֶען הָאבֶּען גִירֶעדְט •

—אַךְ, ווי שאָן עס איז געווען. גיבעל!...

—די ביזט אַמאָהל געוועזען אויף אַזאַ חתונה, געלע? האָט גימעל געענטווערט ...ש אַ פראַגע איהר חברטע מיט וועלכער זי איז צו זאַממען געקומען אויף דער חתונה ...איצט געהן זי אַ היים דורך אַ שמאָל גאַסיל און רעדען צווישען זיך.

—איך? פון וואַנען האָב איך געזאָלט זיין אויף אַ דייטשער חתונה?

—איך בין אויך קיין מאָל ניט געוועזען. נאָר איך האָב געזעהן פאַר אַ יאָהרען ...זבען פונקט אַ קעגען אונזערע פענסטער געוואָהנט דייטשען. אַךְ ווי איז עס גוט ביי די ...יטשען!...

ביז היינטיגען אָבענד האָבען זיי דער פון אַזוי פיעל ניט געוואוסט. פאַרקערט; אָפט ...עגען זיי מיינען אַז ווי „ביי זיי" איז גאָר קיין בעסערעס ניט דאָ. ערשט איצט האָבען זיי ...: דערמאַנט און אַרום געקוקט זיך ווי ביי „זיי" איז ביז אַ הער געוועזען סקוטשנע, ...מעטיג—און וואָס ערוואַרטעט זיי איצטער? ווייטער די אייגענע מאַמע מיט איהרע ...טרעננע און שאַרפע זאַקאַנעס וואָס זי האָט געלייענט פון איהרע היילינע ווייבערשע ספרים ...יף „עברי־טייטש", ווייטער דער אייגענער טאַטע וואָס פלעגט שטענדיג די מאַמען, און ...עהר ווי די עלטערענס הויז ווייסען זיי ניט פון קיין אַנדער פערגניגען: איין גאָט ווייסט ...ווערט זי נאָך אויף איהר לעבען האָבען אַזאַ טייערען אָבענד ווי היינט אויף דער דייטשער ...תונה.

—ביי די דייטשען איז אַזאַ חתונה גאָר ניט קיין אַנטיק — האָט זיך אָנגערופען ...טעל—אַללע אָבענד קומען זיך צו זאַממען קאַוואַליערען. און מע רעדט און מע שמועסט.

—פון וואַנען ווייסט דו? ביזט דען אַמאָהל געוועזען ביי די דייטשען אויף אַ אָבענד?

—איך האָב דאָך דיר געזאָגט אַז פאַר אַיאָהרען האָבען קעגען אונז געוואָהנט דייטשען;

—וואָס דען מיינסט דו? מיר ווייסען עפּיס אויך פון אַ וועלט און פון אַ לעבען? ...ומשטיינס געזאָגט! מע זיצט און מע זיצט אין שטוב און מע זעהט פאַר זיך גיט דעם ...בטיגען שיין, און אַז עס קומט אַ גאַסט טאָרען מיר אַפילו אַ וואָרט ניט רעדען און אומ־ ...וטיינס געזאָגט: ווער קומט צו אונז? אַ שכנטהע, אַ גבאיטע, פרומע ווייבער. אָדער ...אר, בערעל שדכן און מאַקע ווייטער בערעל שדכן. זיץ און וואַרט ביז וואַנען ער ...עט דיר געבען אַ חתן פאַר עטליכע רובּיל מיט עטליכע טרונק בראַנפען שדכנות! און ...ער איז דער חתן? עפּיס פון אַ קליין שטאָדטיל, וועלכען דו קענסט ניט און ווייסט ניט, ...עהען מיר אַמאָל שבת שפּאַצירען, אומשטיינס געזאָגט, געהט מען מיט דער מאַמען און ...פילו אָהן דער מאַמען זאָל דיך גאָטט אָב היטען ווען דו וועסט זיך מיט אימעצען באַ־ ...עגענען, ניט נאָר דו דאַרפסט ציטערען פאַר די אייגענע עלטערען, נאָר פאַר אַללע אין ...שטאָדטיל, מע זאָל דיך ניט באַרעדען. יעדע ליאַדע קוטינע יודענע האָט איבער דיר צו ...זאָגען. ביי די דייטשען איז אַ פערגניגען—אַ דייטשעס מיידיל איז פריי, הוץ איהרע עלטערען; ...האָט קיינער איבער איהר ניט צו שאַפען, זי טהוט וואָס זי וויל, זי געהט שפּאַצירען ווען ...י וויל און באַגעגענט זיך מיט יונגע לייט מיט וועמען זי וויל נאָר, און האָט פאַר ...קיינעם קיין מורא ניט. קיין פרעמדע האָבען איבער זיי ניט צו שאַפען. זיי מעגען אַפילו

צו זעצט ווערען רעדענדיג און פּליאטקענדיג, די אויגען מעגען זיי אַרוים קוקענדיג. אַ אַר זיי ווי דער פֿאַר אַ יאהריגער שנעע, און זיי פּיהרען זיך אויף ווי זיי ווילען. פראַנק און פריי פֿאַר דער גאַנצער וועלט—אַך, בין איך מקנא די פריידקינוואהנס!...

—מיר מעגען זיי טאַקע מקנא זיין, זייערע עלטערען פאַר־פינסטערען ניט זייערע קינדער דאָס לעבען ווי אונז.

געלע האָט אַ זיפץ געטהון און גיטעל איז אויך טרויריג געוואָרען.

אין אַ צוויי מינוט שפּעטער האָט זיך געלע פּלוצים פרעהליך גענעבען אַ חאַפּ.

—אַי גיטעלע, דו זאָלסט געוועזען זעהן ווי ער האָט מיך געבעטען טאַנצען.

—און מיך—האָט גיטעל אַ שפּרונג געטהון פרעהליך—האָט ער געפיהרט ביי דער האַנד איבער דעם גאַנצען זאַל און מיר געדאַנקט פאַר דעם טאַנצען מיט איהם.

—און איך בין שיער ניט געפאַלען ווען איך האָב זיך מיט איהם געטהון אַ דרעה. האָט ער מיך אַ חאַפּ געטהון און אונטער געהאַלטען.

—דו זאָלסט געוועזען זעהן ווי ער האָט מיך מיט דער האַנד אַרום גענומען!—

—אַי! דו זאָלסט געוועזען זעהן ווי ער האָט מיר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער!

—ביי דער „פּאָליַקע“ האָט ער מיך צוגעדריקט צו זיך. מיר האָט אַזוי געקלאַפּט דאָס האַרץ!

—ווען ער איז אַוועק גענאַנגען האָט ער זיך מיט מיר געזעגענט און אַזוי שטאַרק געדריקט ביי דער האַנד.

—אַ גוטע נאַכט, געלע! מאָרגען וועל איך דיר דערצעהלען ווי ער האָט... נאָר לאָז שוין זיין, היינט זאָלסט דו זיין ביי מיר.

—אַ גוט יאָהר דיר, גיטעלע. היינט אויף דער נאַכט וועל איך זיין ביי דיר אָדער דו וועסט אַריין קומען צו מיר, אַך גיטעלע לעבען, איך האָב דיר גאָר פאַרגעסען דערצעהלען ווען ער איז... נאָר לאָז שוין זיין ביז איך וועל קומען צו דיר אַ גוטע נאַכט, טפוי! עס איז שוין באַלד טאָג, אַ גוטען טאָג! אויף דער נאַכט פאַרגעס ניט.

—אַ גוט יאָהר דיר, געלע האַרץ, קום נאָר קום, וועסט שוין הערען!
ביידע חברטעס זענען זיך צוגאַנגען.

צו 18 יאָהר זענען די צוויי חברטעס אַלט געוועזען, 18 יאָהר זענען זיי אין טורמע געזעסען, זייערע חסידישע פרומע עלטערן—די שטרענגע טשינאַווניקעס, גאַטשע סטראַפּטשעס, האָבען זיי אין די גאַנצע 18 יאָהר צו איין קאַפּעל פרישע לופט קיין מאָל ניט צו געלאָזט. נאָר היינטיגען אָבענד האָבען זיי זיך דאָס ערשטע מאָל פריי און גליקליך געפיהלט, ווי בעפרייטע אַרעסטאַנטען, פון גרויס פרייד האָבען זיי ניט באַמערקט אַז זייער גליק איז ניט אויף לאַנג און זיי קלאַפּען איצט אַליין אָן אין זייערע אַלטע טורמעס.

—עפענט שוין אויף! האבען זיי געקלאפט אין די טהירען פון זייערע עלטערענס הייזער

ניט אזוי גיך זענען זיי אנטשלאפען געווארען—א קליינינקייט! זייער גאנץ לעבען האבען זיי מיט קיין יונגען מאנן ניט גערעדט, אונ אנריהרען א יונגען מאנן ביי דער האנד בודאי ניט.

א! וויפיעל גוטע געדאנקען אונ זיסע חלומות האבען זיי פארווינט! זיי זענען געקומען פון דער חתונה הוקא גליקליך, וייל ביי זיי איז גארפינקעל אונ שטיינפינקעל אדער אצפינקעל געוועזען אלץ איינס—אבי געטאנצט מיט א קאוואליער!

***

ניט ווייט אויף דעם צווייטען גאסיל האט א קאוואליער אבגעפיהרט זיין דאמע, איין היינטוועלטיגע אריבאטעווקער פריילין, זי האט זיך אין שטאדט גערעכענט פאר א היינטוועלטיגע דער פאר, ווייל ערשטענס האט זי געהייסען ר א ז ע, אונ צווייטענס האט זי שוין טאקע אפשר צעהן מאל אין איהר לעבען געטאנצט מיט קאוואליערען, אויסער דעם האט מען זי אפט געזעהן שפאצירען אין גאס מיט יונגע לייט.

. ביי ר א ז ע ן איז שוין געוועזען א גרויסער חילוק צו טאנצען מיט גארפינקלען אונ שטיינפינקלען ביז אצפינקלען, נאר דער אצפינקעל וועלבער האט זי איצט אבגעפיהרט א היים האט דעם גאנצען אבענד אזוי פיעל געטאנצט מ י ט איהר אונ א ר ו ם איהר אונ מיט אזוי פיעל קאמפלימענטען זי פארשיט, אז איצט געהנדיג מיט איהם א היים וועןעם הויבט אן צו טאגען, דער הימעל איז בלאה, די פייגעלעך שטעהן אויף די גרינע בלעטעלעך אונ פיפטשען, זינגען דעם „פריה מארגען” אונ איצט ווען דער מארגענשטערען הייבט זיך אויף אין עק הימעל אונ די ברעגעס פון הימעל זיימען זיך אב מיט א רויטען זוים, איצט ווען א שטיל. ווארם ווינטעלע בלאזט פון דער זייט וואו די זון דארף אין א האלבע שעה אויפשטעהן, איצט ווען די פריהמארגענדיגע ראסע פרישט אב דאס געזיכט ווי מיט גוטען שמעקענדיגען אדעקאלאן אונ עס צי געהט זיך אין יעדען אבר—איצט וואלט ראזע איהר אצפינקלען ניט פארביטען אויף קיין שום פינקעל. יענער זאל אפילו זיין א פינקעל פון פינקעל-לאנד. איצט האט זי אפילו פארגעסען אן דעם גרויסען פארדראס פון דעם אבענד. פאר וואס די עלדען האבען זי אפילו איין מאל ניט איינגעלאדען טאנצען. פאר געסען, פארגעסען אן אלעם וואס זי האט איבער געליטען, אונ איהר פריהריגע „שווערע פוהר” איז ביי איהר איצט געווארען א פליהענדיגער פויגעל וואס פליהעט מיט איהר הויכער, הויכער פון אללע גאשעפעגעשען אין דער וועלט. יעדעם ווארט זיינס איז ביי איהר געווארען א שאנע אייק. זי געהט איצט מיט איהם געארעמט, אביסל אנגעשפארט אויף איהם פון גרוים איידיגקייט, פון דעם אבענד טאנצענדיג, אונ ווי זים איז איהר זיך אנשפארענדיג אויף איהם!

אזוי זענען זיי צוגעגאנגען ביז ראזעס עלטערענס הויז. איהר קאוואליער מיט א טרויעריג געזיכט ברעכט זיך אין דרייען, ער נעמט איהר האנד, ער דריקט זי שטארק, ראזע זעהט אויף זיין געזיכט ווי ער וואלט אייביג ניט אבגעלאזט איהר האנד, נאר וואס קען מען טהון? קיין אבגעשיילט איי קומט ניט גלייך אין מויל, מע מוז זיך איצט דער ווייל

צוגעהן. זי נעמט זיך אן מיט הארץ און וויל ארויס נעמען איהר האנד, נאר ער האלט זי ווייטער נאך עטליכע מינוט און ער נעמט זיך אן מיט זיינע לעצטע כחות, ער לאזט אב איהר האנד און געזעגענט זיך, ער צו שיידט זיך פון איהר מיט א זיפץ און געהט אוועק. ראזע האט איהם נאכגעשיקט א זיפץ...

קלאפענדיג אין טהיר זעהט זי איהם נאך פון ווייטענס, ווי די פייגעל בעזינגען איהם און ליכטיגע ברעגען פון הימעל בעלייכטען איהם.

—ווי גוט, ווי שאן, ווי טייער איז די וועלט! האט ראזע געזאגט, אלס איהר קאוואליער האט פון דער ווייטענס געזאגט צו איהר דעם לעצטען „צום ווידער זעהן", און האט זיך פארדרעהט אין א געסיל אז זי האט איהם שוין מעהר ניט געזעהן.

ראזע האט אנגעהויבען שטארקער צו קלאפען אין דער טהיר. אלס זי האט געזעהן אז מע עפענט נאך ניט, ענדליך נאך פיעל קלאפען האט די מוטער געעפענט.

—דער רוח האט זי אנגעטראגען! ביזט שוין אין איין וועגס ניט קראנק געוועזען צו נעכטיגען אויף דער גאס—האט די מוטער געזאגט און אוועק געלאפען צו איהר בעט. ראזע האט צוריק פארשלאסען די טהיר און זיך געגאנגען לעגען שלאפען. די מוטער האט ניט אויפגעהערט פון בעט צו רעדען.

— קוק זי נאר אן, די פריצטע! מע דארף איהר נאך געהן עפענען—עפענען זאל זיך איהר א קבר, רבונו של עולם! זי קלאפט נאך אין דער טהיר ווי גלייך זי האט וואול געדרשעט—קלאפען זאל איהר אין קאפ, זיסער גאטט!

ראזע האט ניט געענטווערט מיט א האלב ווארט, זי האט זיך אנגעהויבען אויס צו־טהון, זיך לעגען שלאפען, טאמער וועט זי ניט הערען דער מוטערס קולות. איהר פריהעריגער שטאלץ איז אוועק, זי האט ביי זיך זעלבסט אויסגעזעהן נידריגער מיט עטליכע קאפ. זי איז שוין געוועזען אויסגעטהון אין געוואלט זיך לעגען און איהר בעט האט זי ניט געפונען איין קישען. זי האט אנגעהויבען זוכען און געפונען אז איהר יונגערע שוועסטער שלאפט אויף צוויי קישען. זי האט אנגעהויבען ארויס שלעפען איהר קישען נאר די שוועסטער האט זיך אויפגעהאפט.

—וואס איז דארט פאר אגעשריי! —האט די מוטער זיך אריינגעמישט פון בעט.

—א קרענק אויף דער גרויסער מויד! זי רייסט ביי מיר דאס קישען! —האט די יונגערע שוועסטער אנגעהויבען שרייען אריינפלאנטענדיג זיך אין ראזעס צעפ.

—קרענק און „זאאך"— גיב איהר!!! האט זיך די מוטער ערשט איצט צי לאזט ווי מיט פיר פאטשטאווע פערד, זי איז ניט קראנק זיך צו לעגען אויף ברעטער. וואס איז זי ווייטער ניט געבליבען אויף דער חתונה? פאפען און פרעסען איז זי געקומען א הער! א גליק האט זי געטראפען: ר' קלמן קאפיל דער גביר מאכט חתונה, דארף זי זיך פרייען— וואס איז? מע האט זי געבעטען! —קיין קאטאוועס ניט! מע האט מיך אויך געבעטען,

נָא בִּין אִיךְ דֶען גֶעגַאנְגֶען ? וָואס אִיז ? מֶעהְר גֶעהְט אוּנְז נִיט אָב וִוי חֲתוּנוֹת ! ? ...

—אִיךְ זָאל זַיין אִין דַיינֶע יָאהְרֶען וָואלְט אִיךְ מִיט פֶערְגְנִינְגֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער הַיימִי אַבִּי דִי עֶלְטֶערֶע טָאכְטֶער זָאל קֶענֶען גֶעהְן אוֹיף אַ חֲתוּנָה – הָאט זִיךְ רָאזֶע נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען.

—פִינְסְטֶערֶע, וִויסְטֶע, שְׁוַוארְצֶע יָאהְר אוֹיף דַיין קָאפּ, אוֹיף דַיינֶע הֶאנְד אוּנ פִּיס, עֶס זָאל זִיךְ צוּ קֵיינֶעם נִיט צוּ קְלֶעבֶּען נָאר צוּ דַיין לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען—זִי רֶעדְט נָאךְ, דִי מוֹיד ! זִי מֵיינְט אִין אֶמֶתֶען אַז זִי אִיז נָאךְ אַ פִּיצֶעלֶע בְּרֶעקֶעלֶע מֵיידֶעלֶע. אִין פָּאלִיסֶע וִוינְקֶעלְט מֶען אַזוֹינֶע ! אִיז נִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער אַ גֶעזוּנְדְטֶע מוֹיד וָואס וֶוערְד בַּאלְד נָאךְ יוֹם טוֹב פַארְשְׁרִיגֶענֶע 19 יָאהְר, הָאט נָאךְ אִין זִינֶען „מוֹידֶען זִיךְ“ אוּנ פּוּטְצֶען זִיךְ—גֶעהְן אוֹיף חֲתוּנוֹת ! אַז אִיךְ בִּין גִיוֶועז אִין דַיינֶע יָאהְרֶען הָאבּ אִיךְ שׁוֹין בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהְר גֶעהַאט צְוֵויי קִינְדֶערְלִיךְ. אִיךְ בִּין שׁוֹין גֶעזֶעסֶען אַלֵיין אִין אַ קְלֵייט אוּנ גֶעפִיהְרְט אַ גֶעשֶׁעפְט

—אוּנ דִי גֶעזוּנְדְטֶע מוֹיד, פַארְשְׁרִיגֶענֶע יָאהְר אוֹיף אִיהְר, הָאט נָאךְ אַ פִּיסְק צוּ זָאגֶען אַז אִיךְ זָאל זִיצֶען אִין דֶער הַיים אוּנ זִי זָאל גֶעהְן אוֹיף חֲתוּנוֹת—אַזוֹי לַאנְג קְרֶענְקְסְט דוּ שׁוֹין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, וִוי אִיךְ וֶועל דִיר שׁוֹין זִיצֶען אִין דֶער הַיים ! אִיךְ בִּין נָאר בִּיז אַ הֶער אַ נַארְר גֶעוֶועזֶען, אוּמְשְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט מִיךְ אִין זִינֶען ! הָאט זִיךְ דִי מוּטֶער צוּ־ הֵיינְט.

—אַט לִיגְט עֶר אִין גֶעהַאקְטֶע וואוּנְדֶען,—הָאט זִי אָנְגֶעוִויזֶען אוֹיף אִיהְר מַאנְן וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁלָאפֶען קֶעגֶען אִיהְר, עֶס זָאל אִיהְם אָנְהוֹיבֶּען נָאר צוּ אַארֶען ! אוּמְשְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט, וֶוער קוּקְט זִיךְ אוּם אוֹיף מִיר אַז אִיךְ בִּין אַזוֹי עֶלֶענְד בַּיי מַיין אַיינֶענֶעם מַאנְן אוּנ קִינְדֶער.

—גֶעה אִין דֶער עֶרְד אַרַיין, אִיךְ וֶועל דִיר נִיט גֶעבֶּען קֵיין קִישֶׁען זָאלְסְט אֲפִילוּ דָא שְׁטַארְבֶּען פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען ! הָאט דִי קְלֶענֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער גֶעשְׁרִיגֶען אוּנ זִיךְ אִין גַאנְצֶען אַנִידֶער גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם קִישֶׁען וָואס רָאזֶע הָאט גֶערִיסֶען.

—וֶוער הֵייסְט דִיר, דוּ זָאלְסְט זִיצֶען אִין דֶער הַיים, וֶוער לָאזְט דִיךְ נִיט גֶעהְן אוֹיף קֵיין חֲתוּנָה ? – הָאט רָאזֶע גֶעעֶנְטְוֶוערְט דֶער מוּטֶער אוּנ וַוייטֶער בַּיי דֶער שְׁוֶועסְטֶער גֶעשְׁלֶעפְּט דָאס קִישֶׁען.

—אִיךְ זָאל נָאךְ גֶעהְן אוֹיף חֲתוּנוֹת אַז אַזַא גֶעזִינְדְטֶע מוֹיד לִיגְט מִיר אוֹיף דֶעם קָאפּ ? אַז אָךְ אוּנ וֵויי אִיז צוּ מִיר וָואס אִיךְ הָאבּ גָאר אַזַא טָאכְטֶער דֶערְלֶעבְּט ! אַלְם דַארְף זִי אוּנ אִיךְ הַיים שׁוֹין אַלְט. אִיךְ דַארְף שׁוֹין גָאר נִיט ! בַּאגְרָאבֶּען זָאל אִיךְ דִיךְ, וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ גֶעוואוּנְשְׁט אַז אִיךְ לֶעבּ אוֹיף דֶער וֶועלְט.

—מַאמֶע ! זִי רַייסְט דָאס קִישֶׁען ! אַ קְרֶענְק אוֹיף דִיר ! מַאמֶע !! הָאט דִי שְׁוֶועסְטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייֶען צוּ דֶער מוּטֶער אוּנ שֶׁעלְטֶען רָאזֶען וֶוען זִי הָאט גֶעזֶעהְן אַז מִיט דֶעם קִישֶׁען הַאלְט עֶס שְׁלֶעכְט—רָאזֶע הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען אַ גְרוֹיסֶען עֶק.

—אִיצְט וַויים אִיךְ שׁוֹין פַאר וָואס דוּ בִּיזְט אִין כַּעס ! —הָאט רָאזֶע גֶעעֶנְטְוֶוערְט דֶער מוּטֶער.

—דִי וַוייסְט שׁוֹין ? זָאלְסְט אַזוֹי וִויסֶען פוּן דַיין גֶעזוּנְד, פוּן דַיין לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען.

—וַויים אִיךְ נִיט—דַארְף מֶען נִיט.

—דארפען זאלסט דו שוין הברכים, רבונו של עולם

—גוואלד! גוואלד! — האט אנגעהויבען שרעקליך שרייען די שוועסטער ווי זי האט געזעהן אז זי האט שוין אנגעווארען דעם עק פון קישען.

—וואס איז דארט? האט זיך פון שלאף איינגעכאפט ראזעס פאטער ווי איין אב־געבריהטער.

—„וואס איז דארט?" פרעגסט דו? ווען ניט ווייסט דו ניט?

—וואס איז דארט פאר אזא געשריי! האט איהר מאנן ציינוויל אנגעהויבען שרייען, אונ אויס געריבען זיך די אויגען.

—וואס פאר א געשריי?" פרעגסט דו? —דיינע מיידען!

—וואס הייסט מיינע? נא—אונ דיינע זענען זיי ניט?

—ניין, נאר דיינע, דו האסט זי אזוי אויס געלערנט, דו זאלסט זיין א לייטישער מאטע, האלטען זיי געוועזען צו לייטען גלייך.

מיר זענען מיינע קינדער געפעלען אונ וואלט זיי ניט פארביטען אויף קיינע פון דיינע „לייטען".

—נאר וואס האב איך מיט דיר צו רעדען, דו ביזט דען בעסער פון זיי

—א...די אלטע מעשה! ... האט ער געזאגט אונ זיך איבערגעקעהרט אויף דער רעכטער זייט.

ציינוויל איבערקעהרען זיך האט זי פארדראסען, אונ זי האט איהם אנגעהויבען שעלטען מיט טויטע קללות.

וואס ווילסט דו? פרעג איך דיך! האט ציינוויל זיך ניט געקענט איינהאלטען.

—וואס איך וויל, פרעגסט דו? איך וויל אז דו זאלסט שוין ניט אויפשטעהן. ציינוויל האט זיך ווייטער איבערגעקעהרט.

—ווי לאנג קרענקסט דו ווי איך וועל דיך לאזען שלאפען כל זמן דו וועסט מיר ניט אבגעבען דאס קישען—האט ראזעס שוועסטער ניט אויפגעהערט.

—מיין קישען וועל איך דיר ניט אבגעבען.

—עס איז ניט דיין קישען; דיין קישען האט די מאמע אונטער געבעט דעם טאטין. ראזע האט געזעהן אז עס וועט קיין ענדע ניט נעהמען האט זי צוריק אוואקגענומען דאס קישען אונ זיך געלעגט אויף איהר בעט שלאפען אהן א קישען.

—אך ווי איז גוט די פריידקינזאהנס, ווי בין איך זיי מקנא! —מיט די ווערטער איז ראזע געשמאק אנטשלאפען געווארען.

שלאף! שלאפט שטארקער, יודישע אונגליקליכע טאכטער, כל זמן איהר וועט נאך האבען אזוינע מוטטערס וועלכע פאדערען פון אייך איהר זאלט לעבען גלייך זוי זיי, אונ צו 18, 19 יאהר זיין אלט גלייך מיט זיי. —

*
*

קלארא האט נאך ביז איצט קיין אויג ניט צוגעמאכט, זינט זי איז אוועקגעגאנגען פון זאלל צו זיך אין צימער איז שוין דא גוטע צוויי שעה. די גאנצע צייט טרוט זי זיך אויס

צו ליגען שלאפען אונ איז ערשט האלב אויס געטהון, פריהר פאר אללעס האט זי אנגעהויבען אביסעלע די בלומע פון קאפ. נאר פלוצים האט זי אזוי פארקלעמט ביים הארצען אז די בלומע איז איהר ארויס געפאלען פון די הענד אונ זי האט זיך שטארק צו וויינט.

—אט פאר וועמען איך האב געהארעוועט גאנצע 8 טאג פאר דער חתונה, מיט דעם שוויים אבגעגאנגען—אונ פאר וועמען? פאר די פריידקינזאהנס, זיי זאלען קענען טאנצען אונ פרעהליך זיין מיט זייערע גארפינקעל אונ שטיינפינקעל...אללעס געבראכט אין ארדענונג ווי זיי וועט געפעלען, ווי זיי האבען ליעב—אזוי פיעל געהארעוועט צו ליעב זיי—איך בין געוועזען זייער דיענסט!...

עס איז איהר געווארען שווער צו זיפצען אונ זי האט אנגעהויבען אויף שפילען דעם קארסעט.

—גארפינקעל מיט שטיינפינקעל האבען זיי ליעב!... מיך באמערקען זיי אפילו גאר ניט! זי האט אראבגעווארפען פון זיך דעם קארסעט, א קליין שטיל וויינטעלע האט זי דערקוויקט, איהר איז געווארען א סך גרינגער.

—איך בין אין כעס אויף די פריידקינזאהנס; נאר וואס זענען זיי שולדיג אז איך האב ליעב, ליעב מיט מיין גאנץ לעבען! וואס זענען זיי שולדיג אז גארפינקעל מיט שטיינפינקלען האבען זיי ליעב?

קלארא האט זיך פארטראכט אויף עטליכע מינוט.

—נאר וואס זשע בין איך שולדיג אז איך האב ליעב? ווען עס זאלען ניט זיין די פריידקינזאהנס וואלט איך דאך געטאנצט מיט זיי. מיט איהם דעם גאנצען אבענד, זיי וואלטען געפיהלט, ער וואלט געזעהן ווי איך קען ליעב האבען...עס וואלט געוועזען גוט, אללעס גוט... ניין! איך קען זיך מעהר ניט באגעגענען מיט די פריידקינזאהנס—איך האב זיי פיינד!...

—בין איך דען אזוי שאן ווי פראניא אדער מאניא? — האט זיך קלארא זעלבסט געפרעגט—קען איך דען זיי געפעלען?—א גאטט. צי וואס טויג מיר מיין רייכקייט—די 20 טויזענט רובּיל וואס דער טאטע וויל מיר געבען נדן? פאר וואס בין איך בעסער ניט פריילין פריידקינזאהן! וואס פאר א חתן קען מיר מיין פאטער געבען מיט די 20 טויזענט רובּיל, עפּים א חסיד אדער אפילו א דאקטאר—ווער אונ וואס איז דער דאקטאר? א פרעמדער מענש וואס איך קען איהם ניט, א מענש וואס מיין פאטער וועט איהם בעצאהלען 20 טויזענט רובּיל, ער זאל מיך האלטען ביי זיך אין שטוב! גארפינקעל אונ שטיינפינקעל האבען ליעב מיידליך אהן נדן, אזויגע האנדלען ניט מיט קיין יודישע טעכטער!

קלארא האט פארגעסען אז זי איז נאך גיט אין גאנצען אויסגעטהון אונ איז טאקע אזוי ענטשלאפען געווארען ווי מע זאגט: „מיט א שטיין אויף דעם הארצען".

***

אויף דער ברייטער גאס האט מען שוין קיינעם ניט געזעהן, ווייל יעדער האט געאיילט א היים זיך אויסשלאפען פון דער חתונה, נאר פראניא האט זיך נאך ניט געוואלט

לְאפֶען, אוּנ צוּ לִיעב אִיהר הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעשְׁפַּאצִירְט נַארְפִּינְקֶעל, שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל אוּנ אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער. אַללֶע מָאל אִיז מֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶען בַּיי זֵייעֶר הַיים אוּנ וַוייטֶער זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרט, גֶעדְרֶעהְט זִיךְ אַ הֶער אוּנ אַ הִין, גֶערֶעדְט אוּנ גֶערֶעדְט אָהְן אַ אוֹיפְהֶערוּנְג. דִי קְלֵיינֶע סָאנְיָא הָאט קוּים דֶעם קָאפּ גֶעהַאלְטֶען, מַאנְיָאן הָאט זִיךְ גֶעקְלֶעפְּט דִי אוֹיגֶען. נאר פְּרַאנְיָא מִיט דִי קַאוַואלֶירֶען הָאבֶּען פְרֶעהְלִיךְ גֶערֶעדְט, גֶעלַאכְט אוּנ גֶערַאכְט. אוּנ גָאר נִיט גֶעטְרַאכְט צִי מֶע דַארְף אַמָאל שְׁלָאפֶען אוֹיךְ.

נָאר אַזוֹי וִוי יֶעדֶע זַאךְ מוּז הָאבֶּען אַיין עֶנְדֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט, אַזוֹי הָאט זֵייעֶר שְׁפַּאצִירֶען אוֹיךְ זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, אוּנ מֶע אִיז זִיךְ צוּ נַאנְגֶען.

—הַיינְטִיגֶען אַבֶּענְד בַּיי אַייךְ! — הָאבֶּען דִי יוּנְגֶע לַייט צוּ זֵיי נָאךְ גֶעשְׁרִיגֶען פוּן וַוייטֶענְם.

***

וֶוען דִי פְּרַיילֵיינְס זֶענֶען אַרַיין גֶעקוּמֶען אִין שְׁטִיבּ הָאט שׁוֹין דָאס דִינְסְט־מֵידִיל גֶעבְּלָאזֶען אִין סַאמָאוַואר אוּנ זֵייעֶר מוּטְטֶער הָאט גֶעווִישְׁט דִי גְלֶעזֶער.

—אַזוֹי פְרִיה? —הָאבֶּען זִיךְ דִי קִינְדֶער גֶעוואוּנְדֶערְט.

—דֶער טַאטֶע הָאט גֶעבֶּעטֶען הַיינְט פְרִיהְר דֶעם סַאמָאוַואר, כְּדֵי וֶוען אִיהר וֶועט קוּמֶען פוּן דֶער חֲתוּנָה זָאלֶען מִיר אַללֶע צוּזַאממֶען טְרִינְקֶען טְהֶעעֶ. אִיהר ווייסְט דָאךְ קִינְדֶערְלִיךְ וִוי עֶר אִיז פַארְקוֹיפְט טָאג אוּנ נַאכְט, אוּנ נָאר פוּן אַיין שַׁבָּת צוּם אַנְדֶערְן טְרִינְקֶען מִיר אַללֶע צוּזַאממֶען טְהֶעעֶ.

—טַייעֶרֶער פָאטֶער! —הָאבֶּען אַללֶע קִינְדֶער אוֹיסגֶעשְׁרִיגֶען, אוּנ זֶענֶען גֶעלָאפֶען צוּם פָאטֶער אִיהם אָבְּגֶעבֶּען דֶעם „גוּט־מָארְגֶען“ אוּנ בֶּעשִׁיט אִיהם מִיט הֵייסֶע קוּשֶׁען.

דֶער הַיינְטִיגֶער סַאמָאוַואר הָאט דִי קִינְדֶער גֶערִיהְרְט בִּיז צוּ טְרֶערֶען, אוּנ ווירְקְלִיךְ דִי גַאנְצֶע וָואךְ הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעזֶעהֶען וִוי זֵייעֶר פָאטֶער טְרִינְקְט טְהֶעע אִין דֶער פְרִיה, וָוארוּם וֶוען זֵיי פְלֶעגֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן פוּן שְׁלָאף הָאט עֶר שׁוֹין לַאנְג מִיט דֶער מוּטְטֶער אָבְּגֶעטְרוּנְקֶען אוּנ שְׁטִיל אוֹיף דִי שְׁפִּיץ פִינְגֶער אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, דִי קִינְדֶער נִיט אוֹיפְצוּוֶועקֶען פוּן שְׁלָאף. אוּנ אִיצְטֶער... אִיצְטֶער וויל עֶר זִיךְ מַאכֶען אַ פֶערְגְנִיגֶען: אַ יוֹם טוֹב „אִין דֶערְוָואכֶען“—טְרִינְקֶען צוּזַאממֶען טְהֶעעֶ מִיט זַיין ווַייבּ אוּנ קִינְדֶער!

אִין צֶעהְן מִינוּט אַרוּם אִיז שׁוֹין דִי גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע גֶעזֶעסֶען אַרוּם סַאמָאוַואר. מַאנְיָא הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן טְהֶעע, —„אִיךְ וֶועל אַזוֹי זִיצֶען“ הָאט זִי גֶעזָאגְט.

—נֵיין, דָאס וֶועט נִיט זַיין—הָאט זֵייעֶר פָאטֶער גֶעזָאגְט—עֶרְשְׁטֶענְס וֶועסְט דוּ קַאלְיֶע מַאכֶען מַיין גַאנְצֶען פְּלַאן, אוּנ אִין צְווַייטֶען, קִינְדֶער, וֶוען אִיהר וֶועט אִיצְט אִבְּטְרִינְקֶען טְהֶעעֶ, וֶועט אִיהר קֶענֶען שְׁלָאפֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג וִוי פִיעל אִיהר וֶועט וֶועלֶען.

אַללֶע קִינְדֶער הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, חָאטְשׁ זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט. בַּאלְד זֶענֶען זֵיי אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין זֵייעֶר צִימֶער אוּנ וִוי דֶער־הַרְגֶעטֶע גֶעשְׁמַאק עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען.

אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעסֶען צוּ זָאגֶען אַז פְּרִיהֶר אֵיידֶער דִי צְוַויי עֶלְטֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער זֶענֶען עַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ צְוִוישֶׁען זִיךְ פוּן עֶפִּיס גֶעסוֹרֶעט, חָאטְשֶׁי דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ בַּיי זֵיי גֶעקְלֶעבְּט •—

## אַ כַּשְׁכּוֹן צוּ פַארְזֶעטְצֶען אוּנ אַ גְבִיר זָאלְל מֶען זַיין

(יודישעס פאָלקס־וואָרטיל)

.6

' חַיִים פְרֵיידְקִינְזָאהְן , אוּנְזֶערֶע בֶּעקַאנְטֶע פְרֵיילֵיינְס פָאטֶער . אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען רַייךְ , נָאר כָּל יָמָיו הָאט עֶר גֶעהַאט זַיין פַּרְנָסָה , „בְּרוֹיט מִיט קוֹילֶעטְשׁ הָאט אִין זַיין הוֹיז נִיט גֶעפֶעהְלְט“ , אָבֶער אוֹיךְ נִיט קֵיין אִיבְּרִיגֶעס , ד• ה• וֶוען עֶס הָאט זִיךְ אִין זַיין הוֹיז גֶעמַאכְט אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע הוֹצָאָה , ווִי לְמָשָׁל ווָען חו״ש אֵיינֶער פוּן זַיין פַאמִילְיֶע אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ מֶע הָאט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אַ דָאקְטָאר מִיט אֵיין אַפְּטֵייק , הָאט מֶען זִיךְ אַבִּיסֶל פַארְשׁוּלְדִיגְט , אוּנ אַז גָאטט הָאט גֶעהָאלְפֶען מֶע אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען , הָאט מֶען פַארְשְׁפָּארְט פוּן דֶער הוֹצָאָה אוּנ מֶע הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעצָאהְלְט דִי פְרִיהְרִיגֶע חוֹבוֹת , וָוארוּם מֶעהְר ווִי זַיין זְשַׁאלָאוַואנְיֶע וָואס עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען פוּן זַיין שְׁטֶעלֶע אִין אָרִיבָּאטֶעווֶעקֶער פִּיוָואוַארֶענְע זַאוָואד , הָאט עֶר קֵיין מָאל נִיט גֶעהַאט • פוּן דֶעסְט ווֶעגֶען הָאט עֶר זִיךְ מִיט זַיין פַאמִילְיֶע גֶעלֶעבְּט זֶעהְר גְלִיקְלִיךְ , דֶען חוּץ וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אַ שְׁטֶענְדִיג שְׁטִיקֶער בְּרוֹיט , אִיז זַיין פְרוֹי גֶעוֶועזֶען זֶעהְר אַ אוֹיסגֶעצֵייכֶענְטֶע בַּעלְבַּיְת־טֶע , ווֶעלְכֶע הָאט פַארְשְׁטַאנֶען עֶקָאנָאמִישׁ אוּנ גוּט צוּפִיהְרֶען אִיהְר קְלֵיינֶע בַּעל־בַּתִּישְׁקֵייט • זִי הָאט זֶעהְר גֶעשֶׁעצְט אִיהְר מַאנְן אוּנ אַכְטוּנג גֶעגֶעבֶּען אַז אִיהְר מַאנְס פַאר הָארֶעוֶועט רוּבֶּעל זָאל נִיט אַוֶועקגֶעהְן אוּמְזִיסְט • נָאר נָאךְ מֶעהְר גְלִיקְלֶעךְ זֶענֶען זֵיי גֶעוֶועזֶען דֶער מִיט , וָואס גָאטט הָאט זֵיי גֶעבֶּענְטְשְׁט מִיט זֶעהְר שֶׁאנֶע דְרַיי קִינְדֶער , אֵיינֶע אִיז גֶעוֶועזֶען שֶׁאנֶער פוּן דֶער אַנְדֶערֶער , אוּנ אַלְלֶע דְרַיי צוּזַאמֶען הָאבֶּען גֶעבְּלִיהֶעט אִין זֵייעֶר עֶלְטֶערֶענְס הוֹיז ווִי שֶׁאנֶע בְּלוּמֶען , אַרוּם ווֶעלְכֶע עֶס גֶעהְט אַ גוּטֶער אָגָארָאדְנִיק , וָואס ווֵייסְט ווִי אוֹיס צוּשְׁנַיידֶען דִי שְׁלֶעכְטֶע בְּלֶאטֶעלִיךְ אוּנ צוּ דֶער צַייט בֶּעגִיסֶען מִיט רֵיינֶע וַואסֶער דִי גוּטֶע , כְּדֵי זֵיי זָאלֶען וַואקְסֶען גְלַייךְ אוּנ שֶׁאן ; דִי עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט גֶעקֶענְט אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען ווֶעלְכֶע פוּן דִי קִינְדֶער אִיז שֶׁאנֶער , אוּנ אֵיין נַאכְט זֶענֶען דִי עֶלְטֶערֶען נִיט אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען זֵיי זָאלֶען פְרִיהֶר נִיט רֶעדֶען פוּן דִי קִינְדֶער , „פְרַאנְיַא אִיז אַ שֶׁאן מֵיידִיל אוּנ מַאנְיַא מִיט סָאנְיַא׳ן זֶענֶען שֶׁאנֶע קִינְדֶער“ פְלֶעגֶען דִי עֶלְטֶערֶען זָאגֶען •

ר׳ חַיִים מִיט זַיין ווַייבּ הָאבֶּען אוֹיף זֵייעֶר לֶעבֶּען נִיט גֶעקְרֶעכְצְט אוּנ נִיט גֶעזִיפְצְט • אוֹיף זֵייעֶר גֶעזִיכְט אִיז נָאךְ אֵיין קְנֵייטְשׁ נִיט גֶעוֶועזֶען אוּנ אִין קָאפּ נִיט אֵיין גְרוֹיֶע הָאר • נָאר אַז פְרַאנְיַא אִיז אוּנְטֶערְגֶעוַואקְסֶען , הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערֶען גֶעווִיזֶען צְוַויי קְנֵייטְשֶׁען , אוּנ בַּיי ר׳ חַיִים־ען אִין דֶער בָּארְד עֶטְלִיכֶע גְרוֹיֶע הָאר • נִיט אֵיין נַאכְט פְלֶעגֶען זֵיי אִיבֶּער רֶעדֶען ווֶעגֶען דֶעם אִין דֶער שְׁטִיל בַּיי זֵיי אִין חַפַּאלְנְיֶע , ווֶען קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעהֶערְט •

אָנְהוֹיבֶּען רֶעדֶען פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג דִי מוּטֶער :

—וָואס וֶועט זַיין דֶער תַּכְלִית , חַיִים ? פְלֶעגְט זִי אָנְהֵייבֶּען מִיט אַ זִיפְץ לִיגֶענְדִיג אִין בֶּעט , אוּנ חַיִים הָאט שׁוֹין גֶעוואוּסְט וָואס זִי רֶעדְט , אוּנ דֶער בַּיי הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע צְוַויי קְנֵייטְשֶׁען נָאךְ טִיפֶער פַארְלֵייגְט אוֹיפֶען שְׁטֶערְן •

— וָואס קֶען אִיךְ ווִיסֶען וָואס פַאר אַ תַּכְלִית עֶס וֶועט זַיין

—דָאס אִיז נִיט קֵיין עֶנְטְפֶער , חַיִים ! עֶס אִיז נִיט אַ בֵּייגֶעל פַאר אַ גְרָאשֶׁען וָואס דוּ עֶנְטְפֶערְסְט אַזוֹי גְרִינְג .

—וָואסְזְשֶׁע קֶען אִיךְ דִיר עֶנְטְפֶערֶען , מַיין פְרַיינְד ? דוּ וַוייסְט אַלֵיין גוּט , חַנֶהלֶע , אַז אִיךְ זָאל ווִיסֶען עֶפִּיס וָואס צוּ טְהוּן דֶער צוּ , וָואלְט אִיךְ מַיין לֶעבֶען נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט פַאר אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער . דוּ וַוייסְט גַאנְץ גוּט , וֶוען אִיךְ גֶעם מַיין חוֹדֶשׁ־גֶעלְד , גִיבּ אִיךְ עֶס דִיר אַוֶועק אִין גַאנְצֶען , אוּנ אַז אִיךְ דַארְף הָאבֶּען אַ גְרָאשֶׁען אִין קֶעשֶׁענֶע קוּם אִיךְ אָן צוּ דִיר , וֶוען דוּ הָאסְט־גִיבְּסְט דוּ מִיר , וֶוען נִיט—אִיז אוֹיךְ רֶעכְט בַּיי מִיר , אוּנ וַוייטֶער וַוייסְט דוּ דָאךְ אַז אִיךְ בִּין פַארְקוֹיפְט פוּן גַאנְץ פְרִיה בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט ; אוּנ גֶעלוֹיבְּט גָאטט דֶער פַאר אוֹיךְ ! אַנְדֶערֶע זֶענֶען אוּנְז אֶפְשַׁר דֶערוֹיף אוֹיךְ מְקַנֵא ; הַיינְט וָואס קֶען אִיךְ דִיר עֶנְטְפֶערֶען ?

—אָבֶער , חַיִים , דֶער מִיט וָואס דוּ הָאסְט מִיר נִיט צוּ עֶנְטְפֶערֶען מַאכְט מֶען נִיט חַתוּנָה קֵיין טָאכְטֶער .

—אָבֶער וָואס־זְשֶׁע קֶען אִיךְ טְהוּן ? גְלוֹיבּ מִיר ; דֶעם לֶעצְטֶען גְרָאשֶׁען , מַיין לֶעצְט מַלְבּוּשׁ פַארְקוֹיף , פַאר זֶעץ , מִיט פֶערְגְנִיגֶען , מִיט פֶערְגְנִיגֶען ...

— פוּן דַיין לֶעצְט מַלְבּוּשׁ אוּנ פוּן דַיינֶע לֶעצְטֶע גְרָאשֶׁענְס קֶען אוּנְזֶער פְרַאנְיַא פַאר־זִיצֶען בִּיז אִין גְרוֹיֶען צָאפּ . חַיִים ! אוּנ מַאנְיַא אִיז שׁוֹין אוֹיךְ בַּאלְד הוֹיכֶער מִיט אַ קָאפּ פוּן פְרַאנְיַאן .

—מַיינֶע קִינְדֶער וָועלְלֶען פַאר־זִיצֶען ! הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט פוּן בֶּעט , מַיין טַייעֶרֶע פְרַאנְיַא , מַיינֶע גָאלְדֶענֶע טָאכְטֶער , אָ נֵיין ! ... אוּנ ווִיפִיעל אִיז אוּנְזֶער פְרַאנְיַא זָאל לֶעבֶּען , דֶען אַזוֹי אַלְט ?

—אִיךְ וַוייס ? בַּיי דִיר אִיז דָאךְ עֶרְגִיץ פַארְשְׁרִיבֶּען , דַאכְט זִיךְ ... נָאר שַׁא ! ... זִי אִיז גֶעבּוֹירֶען גְעוָואהֶען , צוּ מַזָל , וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ אַרַיין גֶעקְלוֹיבֶּען צוּ רֵייזִיל ר׳ יוֹסִילְס . דָארְט הָאבֶּען מִיר גֶעוָואהְנְט 5 יָאהְר , דֶער נָאךְ בַּיי הִירְשֶׁעל לֵייבְּצִים 4 יָאהְר , שַׁא נָאר שַׁא ... נַיין טַאקֶע 5 יָאהְר , גֶעדֶענְקְסְט נִיט , חַיִים ?

— 4 יָאהְר דַאכְט זִיךְ .

יָא , יָא , אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶערמָאנְט : פִיעֶר יָאהְר , יָא , פִיעֶר יָאהְר— הָאסְט דוּ דִיר נַיין יָאהְר , בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַאנְצִיג יָאהְר , דֶער נָאךְ אַז מִיר הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער־גֶעפִיהְרְט צוּ „בֶּערֶעל בַּאס“ בִּיזְט דוּ אַרַיין אִין זַאוִויאַד—ווִי פִיעל בִּיזְט דוּ שׁוֹין אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע ?

דַאכְט זִיךְ צֶעהְן יָאהְר , אוּנ אֶפְשַׁר טַאקֶע גַאנְצֶע עֶלְף יָאהְר .

—נַיין , טַאקֶע צֶעהְן , בַּיי בֶּערֶעל בַּאס הָאבְּען מִיר גֶעוואהְנְט פִיעֶר ... פִינְף ... יָא טַאקֶע פִינְף יָאהְר , אוּנ דָא וָואהְנֶען מִיר שׁוֹין דָאס זֶעקְסְטֶע יָאהְר , מִיר זָאלֶען נוּר זַיין גֶעזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק— נָא ווִיפִיעל הָאבֶּען מִיר , חַיִים ?

—נַיינְצֶעהְן יָאהְר .

—אוּנ מַאנְיַא ווִיפִיעל אִיז אַלְט ?

—וואס פְרֶעגְסְט דוּ , אַלֵיין וַוייסְט דוּ נִיט ?— מַאנְיַא אִיז יוּנְגֶער פוּן פְרַאנְיַא מִיט צְווַיי

יָאהר אוּנ סָאנְיַא פוּן מָאנְיַאן אוֹיךְ מִיט אַ יָאהר צְוֵויי אָדֶער מִיט עֶפֶּעס ווִינְצִיגֶער • אִיךְ גֶעדֵיינְק נִיט אַקוּרַאט ; דוּ וֶועסְט אַ קוּק טוּהן ווִי בַּיי דִיר אִיז פַארשְׁרִיעבֶּען •

—נָא, אוּנ מֶעהר קֵיין אַלְטֶע מֵיידֶען הָאבֶּען מִיר נִיט ?— טָא נֶעם בֶּעסֶער דִי קָאלֶדֶערֶע אִיבֶּערֶען קָאפּ אוּנ וֶוער אַנְטְשְׁלָאפֶען, אִיךְ ווִילל אוֹיךְ שְׁלָאפֶען •

חַנָה הָאט מִיט אִיהר חַיִים׳ען פַאר דִי לֶעטְצְטֶע ווָארְטֶער גַאנְצֶע צְוֵויי טֶאג נִיט גֶערֶעדְט• זִי הָאט זִיךְ מִיט אִיהר מַאנְן קֵיין מָאהל נִיט גֶעקְרִיעגְט, אוּנ וֶוען עֶס הָאט זִיךְ יָא עֶפִּים אַמָאהל גֶעמַאכְט צְווִישֶׁען זֵיי אַ קְלֵיינִיגְקֵייט, אִיז גֶענוּג גֶעוֶועזֶען אֵיין ווָארְט עֶר זָאל זִי אִיבֶּערבֶּעטֶען ; נוּר אִיצְטֶער ווִיפִיעל עֶר הָאט זִי גֶעבֶּעטֶען הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנ עֶרשְׁט אוֹיף דֶעם צְוֵוייטֶען אָבֶּענְד, וֶוען עֶר הָאט עֶרֶענְסְט אָנגֶעהֵייבֶּען זִי פְרֶעגֶען פַאר־וָואס אוּנ פַאר־וֶוען אוּנ ווָאס הָאט עֶר אַזוֹינְס גֶערֶעדְט וָואס זִי אִיז בֶּאז אוֹיף אִיהם, עֶרשְׁט דָענסְט־מָאהל הָאט זִי זִיךְ צוּ־וֵוייְנְט :

—מֶע רֶעדְט מִיט דִיר פוּן אַזַא עֶרֶענְסְטֶע זַאךְ, פוּן וֶועלְכֶען אוּנְזֶער גַאנְץ לֶעבֶּען הֵיינְגְט אָב, אוּנ דוּ וָואללְסְט בַּאדַארפְט מֶעהר טְרַאכְטֶען פוּן מִיר— צוּם סוֹף אַז אִיךְ דֶערמָאנְן דִיךְ ווֶעגֶען דֶעם, גֶעהמסְט דוּ עֶס אָן פַאר אַ נַארֶעשְׁקַייט אוּנ וָוארְטֶעלְסְט זִיךְ, מַאכְסְט חוֹזֶק פוּן מִיר ווִי פוּן אַ יוּרֶענֶע • דוּ זָאגְסְט אַז אוּנְזֶער פְרַאנְיַא אִיז נָאךְ נִיט קֵיין אַלְטֶע מוֹיד, דְרוּם מֶעגֶען מִיר שְׁלָאפֶען רוּהִיג, אִיךְ זָאג חַס וְשָׁלוֹם נִיט אַז אוּנְזֶער פְרַאנְיַא אִיז אַלְט אוּנ זִי וֶועט שׁוֹין פַאר־זִיצֶען, אִיךְ זָאג נוּר אַז עֶס אִיז שׁוֹין צַייט עֶרֶענְסְט ווֶעגֶען דֶעם צוּ־טְרַאכְטֶען אוּנ גְלֵייבּ מִיר, חַיִים, ווִי גוּט, ווִי שֶׁאן אוּנ ווִי גֶערָאטְהֶען אוּנְזֶער טָאכְטֶער זָאלל זַיין, דַארְפֶען מִיר גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, אִיהר בֶּעסְטֶע צַייט זָאלל נִיט אַוֶועק־גֶעהן, וּבִפְרַט נָאךְ אַז עֶס וַואקְסֶען אוּנטֶער בָּרוּךְ הַשֵׁם אַנְדֶערֶע קִינְדֶער, דַארְף מֶען בְּוַדַאי זֶעהן פַאר דֶער־עֶרְשְׁטֶער עֶפִּים צוּ־טוּהן •

-בִּיזְט גֶערֶעכְט, מֵיין פְרַיינְד, אַדְרַבָּה אִיז דָא אַחָתָן, וָועללֶען מִיר רֶעדֶען ·

—אַ חָתָן וֶועט זִיךְ מִיט גָאטְס הִילְף גֶעפִינֶען פַאר אוּנְזֶער טָאכְטֶער, נָאר...

—וָואס נָאר ?— הָאט חַיִים גֶעפְרֶעגְט פֶער־וואוּנְדֶערְט •

—גֶעלְד... נַדַן...

חַיִים אִיז אוּנְטֶער־גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען ווִי גְלַייךְ מֶע הָאט אִיהם אָב־גֶעבְּרִיהֶעט מִיט הֵייסֶע וַואסֶער •

—גֶעלְד ?! ... פַאר מֵיין פְרַאנְיַאן גֶעלְד ? וָואס אִיז ? זִי אִיז אַ קָאלֶיֶעקֶע ? אִיךְ בִּין נִיט פַארבְּלֶענְדֶעט אִין מֵיינֶע קִינְדֶער, עֶס אִיז נִיט קֵיין סוֹד, אַז גָאטט אוּנ לַייט זֶענֶען אוּנְז מְקַנֵא אוֹיף אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, שֶׁאן זֶענֶען זֵיי, גֵייעֶן קֶענֶען זֵיי, אוּנְגֶעבִּילְדֶעט זֶענֶען זֵיי ב״ה אוֹיךְ נִיט • אִיךְ הָאבּ פוּן זִיךְ גֶעצְווֹיגֶען דָאס לֶעטְצְטֶע, זֵיי צוּלֶערְנֶען אַללֶעס וָואס נָאר אַ הַיינְטִיגֶע מֵיידִיל דַארְף קֶענֶען, אוּנ קֶען ב״ה מִיט שְׁטָאלְץ זָאגֶען, אַז אוּנְזֶער פְרַאנְיַא קֶען זַיין אַ פְּרוֹי פַאר דֶעם גֶעבִּילְדֶעטְעסְטֶען יוּנְגֶען מַאנְן • מִיט אִיהר רֶעדֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען, מִיט אִיהְרֶע בַּאלֶעוֶענְהַייט, מִיט אִיהְרֶע שֶׁאנֶע אַללֶערְלַיי הַאנְד־אַרְבֵּייט אוּנ הויז אַרְבֵּייט, מִיט אִיהְרֶע גָאלְדֶענֶע פִינְגֶער קֶען זִי דָאךְ נֵייעֶן פַאר זִיךְ דָאס שֶׁאנְסְטֶע קְלֵייד ; שֶׁאן ווִי גָאלְד גֶעוַואקְסֶען ווִי אַ סָאסְנֶע, מִיט אֵיין ווָארְט : מֵיין גַאנְצֶע הָארֶענוּואנְיֶע, מֵיין גַאנְץ לֶעבּ ע

האָב איך אַוועק־געגעבען מיינע קינדער, זיי זאָלען קענען זיין געטרייע פרויען פאַר זייערע מאַנגער און גוטע מוטערס פאַר זייערע קינדער–וואָס־זשע דאַרף מען נאָך? וואָס־זשע נאָך, חנה, זאָג וואָס פעהלט זיי? געלד מוז איך נאָך געבען! און ווען איך האָב ניט?.. איך זאָל האָבען. וואָלט איך אַליין אַוועק געגעבען דעם לעצטען גראָשען, אָבער ווען איך האָב קיין מעגליכקייט צו געבען אַ גראָשען — דרום ווערט מען זיי ניט קויפען?... מיין טאָכטער, מיין פּראַניאַן קויפט מען! און איך דאַרף נאָך צוצאָהלען, ווען ניט וויל זי דער סוחר ניט קויפען! און דו ביזט נאָך די מעקלערין און דערצעהלסט מיר „געלד“!... ניין, ניין! מיינע קינדער דאַרף איך ניט פאַרקויפען, זיי זענען ביי מיר קיין מאָל ניט איבריג, אַללעס וועללען זיי האָבען ביי מיר, פאַר וועמען האָרעווע איך וואָס ניט פאַר זיי? וואָס איז מיין גאַנץ לעבען ווען ניט זיי?!

חיים האָט געריעדט מיט כעס, מיט פייער, דרום האָט איהם חנה דער־ווייל גאָר ניט געענטפערט און איבער געוואַרט.

—דו ביזט געריעבט ווי גאָטט אַלליין— האָט איהם חנה מיט שמייכלע און גוטע ווערטער געענטפערט, נאָך דעם ווי חיים האָט זיך אַביסעל בערוהיגט— נאָ וואָס קען מען טהון, אַז עס איז היינט אַזאַ גרויסער אומגליק אויף דער וועלט, אַז יעדער גאָר־נישט און טויגעניכטס, אַבי ער איז נור אַ מאַנסביל און די כלה מעג זיין מיט אַללע מעלות, מוז מען איהם צו־צאָהלען!

חיים האָט דערויף גאָר ניט געענטפערט. ער איז געוואָרען שטאַרק טרויעריג און האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די האַנד.

ער האָט גאָר ניט געריעדט, נאָר פון וואָס, פון וואָס האָט ער איצט ניט געטראַכט און אָן וואָס האָט ער זיך איצט ניט דער מאָנט!

צווישען אַללע אַנדערע זאַכען, נאָך וועלכע עס איז שוין אַוועק געגאַנגען פיעל צעהנדליגער יאָהרען, האָט ער זיך אויך דערמאָנט ווי ער איז אַ חתן געוואָרען פאַר חנה'ן, ווי ער האָט זיך פאַרליעבט אין איהר, האָטש זי איז געוועזען אָרעם, נאָר זי איז געוועזען שאָן און מיט אַ סך גוטע מעלות. ווי זיינע עלטערען האָבען זיך דער וואוסט אַז ער וויל פאַר איהר אַ חתן ווערען, האָבען זיי געעפּילדערט און געשריגען, אַז ווען ער וועט עס טהון, וועללען זיי איהם פאַר קיין זוהן ניט קענען, ווייל זיי שטעהט ניט אָן, זייער זוהן זאָל נעהמען איין אָרעמע כלה אָהן נדן. ער האָט מיט זיי געטענהעט, אַז זי איז ניט שולדיג וואָס זי איז אָרעם, נאָר עס האָט ניט געהאָלפען, זיי האָבען פון קיין שום זאַך ניט געוואָלט הערען. נאָר ער האָט זיי ניט געפאָלגט, און איז אַ חתן געוואָרען, און ווען ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט איז ער גאָר געוועזען גליקליך. איינער פון די גליקליכסטע, האָטש זיינע עלטערען און זיין גאַנצע משפחה זענען געוועזען נאָך בּרוגז אויף איהם, און ער האָט דער פאַר געקוקט אויף זיי ווי אויף ווילדע מענשען, ווי אויף פאַנאַטיקער.

נאָך גליקליכער איז ער געוועזען אַז זיין חנה האָט איהם געשענקט אַ טאָכטער, וועלכע איז געוועזען ביי איהם אַ בּריליאַנט. אין צוויי יאָהר נאָך איינע אַ דימענט, און אין פיער יאָהר אַרום אַ דריטע־אַ טייערע פּערעל.

קוקענדיג אויף זיינע קינדער, פלעגט אפט טראכטען . אז גאטט וועט העלפען אז איך
וועל דערלעבען, וועל איך זיך מיט מיינע קינדער אנדערש אויפפיהרען, ווי מיינע עלטערע:
אדער ווי נאך אנדערע פאנאטישע עלטערען פיהרען זיך אויף מיט זייערע קינדער. ווען
עס קומט מיט א קינד א שידוך טהון, מאכען זיי נאר מכחר דא וויללען זיי ניט ווייל עס
איז ווינציג נדן, דארטען—ווייל דער שידוך שטעהט זיי ניט אן, אי חתן כלה געפעלען זיך
אונ זעהען איינס ביי דעם אנדערען דאס לעבען ? דאס אהרט זיי גאר ווייניג. קארג,
קארג האב איך זיך געמוטשעט אין מיין לעבען נאר דער פאר, ווייל איך האב מיט מיין
כלה קיין מסחר ניט געוואלט מאכען ! א, מיינע קינדער וועט שוין זיין פיעל בעסער הי'
די וועלכע האבען אזוינע עלטערען ווי איך האב געהאט!

אין דעם אללעמען האט ער זיך דער מאנט אין דער מינוט ווען חנה האט איהם
געזאגט : אז יעדער נישט אונ טויגעניכטס, אבי ער איז נאר א מאנסביל אונ די כלה מעג
זיין מיט אללע מעלות, מוז מען איהם צו־צאהלען.

—נא, צו וואס האסט דו זיך אזוי פארזארגט, חיים? —האט זי געפרעגט ווען זי האט
געזעהן אז ער האט זיך טרויריג פארטראכט אויף עטליכע מינוט. עס האט איהר שוין
באנג געטהון, וואס זי האט נאר היינטיגען אבענד אנגעהויבען דעם שמועס.

איהם האט זיך אויסגעוויזען אז זי פרעגט איהם ווייטער וואו נעמט מען נדן צו געבען?
—נא, נא, איך בין גרייט, האט ער זי יעט געלאזט ווייטער רעדען. נעהם פארקויף
מיך, פאר קויף אללעס אונ צאהל צו, אבי שנייד מיר ניט לעבעדיג מיין פלייש מיט מיין
אייגען מעסער.

—חיים!—האט זיך די גוטע חנה אנגעהויבען בעטען ביי איהם ווי א קליין קינד,
אנגעהמענדיג איהם ביי דער האנד—צו וואס דארפסט דו אומזיסט אין כעס זיין? וויל
איך דען דיר צאפען דיין בלוט? קענסט דו מיך דען פאר אזא שלעכטע? האבען מיר
זיך דען אמאל איבער עפיס חו״ש געקריעגט? לאמיר זיך בעסער בעטראכטען, אונ טאקע
באמת געפינען איין עצה, וואס מיר זאלען טהון—עס איז דאך אונזער קינד, אונזער בלוט
אונ פלייש!

—נא, נא, אדרבה זאג, רעד. גיב איין עצה! איך בין גרייט אויף אללעס.

חנה האט איינינע מינוט א טראכט געטהון אונ געפרעגט

—וויפיעל נעהמסט דו א חודש געהאלט?

—חא, חא, חא! —האט זיך פלוצים חיים צו לאכט—נאר א נייע פראגע. שוין ב״ה
צעהן יאהר ד. ה. דאכט זיך ... דאכט זיך איין ערך פון הונדערט אונ צוואנציג חדשים אז
איך האב דיר הונדערט אונ צוואנציג מאל געבראכט צו פינף אונ זיבעציג רובעל יעדען
חודש,—פרעגסט דו ביי מיר וויפיעל איך נעהם! נא, איך נעם פינף אונ זיבעציג רובל
א חודש, איצטער ווייסט דו שוין ווי פיעל איך נעהם?

—נא, נא, איך ווייס אליין אז מיר האבען פינף אונ זיבעציג רובל א חודש, אונ פאר־

לעבען זיי ביז אין דער לעטצטער קאפּיקע. דרום איז מיין עצה מיר זאללען ווינציגער פאר־לעבען. עס איז דען נִיט דא אזוינע פאמיליעס ווי מיר, וואס פאר־לעבען נאר פערציג רוביל א חודש? נא, אונ מיר וועללען פאר־לעבען פופציג רוביל א חודש, אונ פינף אונ צוואנציג רוביל זאללען מיר אב־שפּארען פאר אונזער פראניען זאלל לעבען. טאמער וועט זיך טאקע דורכען יאהר עפּעס צו־זאממען נעהמען.

—וויפיעל־זשע וועט זיך אן־נעהמען א יאהר? דריי הונדערט רוביל — צי מיט אזא סומע געלד וועסט דו שוין האבען נדן פאר פראניאין?

—איך ווייס, אז דריי הונדערט רוביל נדן קען נעהמען היינטיגע צייטען א שוסטער, ניט פראניאס א חתן; נאר פאלג מיך, חיים, לאז מיך מאכען איין אנהייב. טאמער וועט גאטט העלפען שפּעטער עפּיס אויך! וואס איז? חוץ די פינף אונ זיבעציג רוביל א חודש האבען מיר שוין דען קיין גאטט ניט?

—נא, איך באשטיי אויף דיין פלאנן, נאר, מיין פריינד, איך נעהם מיט דיר אויס איין זאך: אז פון די קינדערס לעבען זאלסט דו גאר ניט פאר־שפּארען, ווי זיי זענען געוואהנט ביז איצט זאלסט דו זיי ווייטער אויך געבען. קיין רייכקייט האבען זיי ביי אונז קיין מאהל ניט געהאט, נאר דאס וואס קינדער מוזען האבען, האבען זיי געהאט, אונ פון דעם דאזיגען "מוז" אב־שפּארען, וויל איך באין אופן ניט, דו קאנסט נאר פאר־שפּארען פון מיר וויפיעל דו ווילסט — נא... אונ פון דיר אויך. אויב דו ווילסט; איך מאך שוין איין אנהייב; אויף טאבאק מיט פאפּיראס־פאפּיער געהט אוועק ביי מיר א חודש איין רוביל מיט פופציג קאפּיקעס, פון מארגען אן, חנה, הער איך אויף צו רויכערען. נא האסט דו דיר שוין, חנה, איין רוביל מיט פופציג קאפּיקעס א חודש, נא וואס נאך?... יא, איך האב זיך דערמאנט, קיין גראשענס אין קעשעניע נעהם איך שוין ביי דיר מעהר ניט, דאס איז אויך א רוביל — האבען מיר שוין בכף הכל צוויי רוביל מיט פופציג קאפּיקעס. מיט איין ווארט, חנהליאו, וואס דו וועסט זיך נאר דערמאנען — פאר־שפּאר, אבער נאר פון מיינע הוצאות, וואס ביי מיר זעלבסט געהט אוועק.

—אויף יום טוב, חיים, האב איך זיך געוואללט מאכען א מענטעלע פאר צעהן רוביל, וועל איך זיך ניט מאכען. נישטקשה — איך וועלל נאך קענען געהן אין אלטען, עס איז נאך גאר ניט אזוי אלט, אט בעטראכט עס.

אונ טאקע אזוי רעדענדיג האט זי ארויס גענומען דאס מענטעלע, וואס האט ווירקליך מעהר ניט געפאסט צו־טראגען, אונ ערשט מיט אכט טאג צוריק, האט זי געבעטען די קינדער טאמער וועללען זיי באגעגענען א טענדלערען זאללען זיי זי שיקען, ווייל זי וויל דאס מענטעלע פאר־קויפען — אונ איצטער האט דאס אייגענע מענטעלע אויס־געזעהן גאר גוט, כמעט נאך שפּיגעל־ניי.

—היינט פון שטוב־הוצאות קען איך אויך פאר־שפּארען עטליכע רוביל א חודש — האט חנה ווייטער אן־געהייבען רעדען:

—פון וואס, למשל?

—איך נעהם שטענדיג דריט־האלבען פונט פלייש, וועלל איך איצט אנהייבען נעהמען צוויי פונט.

—דאס ניט, מיין פריינד, יודישע קינדער עסען זיך קיין מאהל ניט איבער מיט פלייש.

—נא, אז דו באשטייסט ניט דארף מען ניט— אויף שבת וועלל איך אנהייבען נעהמען דעם צווייטען סארט מעהל אויף חלה, אונ פיש רעכען איך גאר־ניט קויפען, אנשטאט פיש וועלל איך עפּיס אנדערש מאכען.

—דאס קענסט דו, אויב דו ווילסט, — האט חיים געענטפערט שטילל אונ מיט א טרויעריג קול, די טרעהרען האבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען.

פון נאך אזוינע קליינינקייטען האבען זיי צו־זאממען גערעכענט, אז מע וועט קענען פאר־שפארען פון אכט ביז ניין רובל א חודש, אונ ווי זיי האבען זיך געבראכען דעם קאפּ טראכטענדיג, האבען זיי מעהר ניט געקאנט אויסטראכטען. „חיים האט שוין געוואלט אין גאנצען חרטה האבען, „אודער אזא קליינע סומע איז גלייכער גאר ניט". האט ער געוואלט זאגען, נאר חנה האט פריהער פאר איהם באלד פאר־חאפט „גוט איז עפּיס אודער גאר־נישט".

די גאנצע נאכט האט די מוטער ניט צו־געמאכט קיין אויג פון פרייד, די ניין רובל א חודש האבען זי ניט געלאזט שלאפען. ווי נאר חיים האט געגעבען א הוסט, אויס־גע־שנייצט די נאז, אדער זיך איבער־געקעהרט אויף דער אנדערער זייט, האט זי איהם עפרענט:

—שלאפסט, חיים?

—נא?

—וויפיעל איז ניין מאהל צוועלף?

—באכט זיך הונדערט רובל. האט ער צווישען די ציין מיט פערמאכטע אויגען גע־ענטפערט. אונ זיך ווייטער גוט צו־געדעקט מיט דער קאלדרע.

חנה האט אנ־געהייבען איבער־חשבונען, צי חיים האט ריכטיג אויס־גערעכענט. נאך פיעל רעכענען איז ביי איהר עפּיס ניט גלייך אויס־געקומען.

—ער מוז האבען א טעות— האט זי זיך געטראכט—מארגען וועללען מיר שוין ריכטיג ערעכענען; עס האט זיך איהר אויס־געוויזען אז חיים האט זיך א היהר געטוהן.

—שלאפסט, חיים?

—נא?

—האסט געהאט א טעות, ניט הונדערט רובל.

—וועלכע הונדערט?

—ניין מאהל צוועלף וויפיעל איז?

—וועלכע צוועלף?

—אין א יאהר איז דאך צוועלף חדשים, וויפיעל־זשע איז ניין מאהל צוועלף? וואס פאר טעהסט דו דא ניט? נאר חיים האט שוין ווייטער געשלאפען אונ זי איבער־געלאזט אהן ענטפער.

הנה האט ענדליך בארעכענט אז אין א יאהר וועט זי צו־זאמען קלייבען הונדערט אכט רובל. נאר זי האט נאך זיך זעלבסט ניט געגלייבט צי זי האט ריכטיג בחשבונט און גע־וואללט אז חיים זאלל עס איהר בעשטימען. מיט אונגעדולד האט זי ערווארטעט ער זאלל זיך נאך א מאלל א ריהר געבען, נאר דערווייל האט זי ניט אויפ־געהערט צו־חשבונען נאר נייע חשבונות:

—108 א יאהר, היינט אביסעלע פראצענט, קען אפשר אין אנדערהאלבען יאהר ווערען אויף א ווינגרישענעם בילעט. איך וויל איהם נאך ניט זאגען אז איך וועל פאר דעם געלד קויפען א ווינגרישענעם בילעט. נא, אז גאטט זאלל וועלען דער בילעט זאל געווינען חאטש אכט טויזענט רובל—פאר וואס ניט פינף און צוואנציג און טאקע פינף און זיבעציג און אפשר טאקע די גאנצע צוויי הונדערט טויזענט רובל — פאר וואס ניט? עס געווינען דאך פארט מענשען, איינער מוז דאך געווינען, פאר וואס קען זיך ניט טרעפען אז מיין נומער זאל געווינען דעם גרעסטען געווינס? חלעבען מע קען גאר ניט וויסען, א! א! וויפיעל מאהל האט מען שוין דער צעהלט, אז ארימערע פון אונז האבען געוואונען און היינט פאהרען זיי אין קארעטעס, אפילו פארגעסען אז זיי זענען אמאל געשטארבען פאר הונגער, און שעמען זיך ניט צו־זאגען פאר זייערע טעכטער פופציג טויזענט. או! צו וואס פאר א לייטישע חתנים וואלטען מיינע קינדער געקומען מיט פופציג טויזענט רובל גדן! באשר מיינער איז אין די זאכען א נאר, און פארשטעהט ניט אז מיט א סך נדן קען מען אויסחאפען דעם לייטעשסטען יונגען מאנן; אבער ווייטער וואס וואלט מיר אבגעגאנגען אז פופציג טויזענט זאל איך געבען פראניאן, פופציג טויזענט מאניאן: און פופציג טויזענט קאניאן, פאר מיר מיט מיין חיימ׳ען וואלט אויך גענוג געוועזען פופציג טויזענט. איך וואלט נאך געקענט דעם ארימען קרעמער. וואס איך קויף ביי איהם שפייז אין קלייטעל, אללע זונטאג אויף דעם יריד אנטלייהען עטליכע רובל, ער זאל קענען צו דער צייט קויפען סחורה, ער זאל ניט דארפען אנקומען צו די בלוט־צאפערס, די וואכערניקעס, וואס ציהען אויס פון איהם די נשמה. חלעבען א רחמנות! א יוד פון א ווייב מיט אזוי פיעל קליינע קינדערליך. זיי הארעווען געבעך אזוי—און די יודענע וואס טראגט מיר מילך, א ביטערע אלמנה מיט פיער קראנקע יתומים׳ליך, איהר וואלט איך דען ניט געהאלפען? און דעם וואסערטרעגער—א גאנץ עהרליכער יוד, ניט לאנג האט זיך ביי איהם אנידער געלעגט דאס פערדיל, זיין איינציגע פרנסה, און איצטער מוטשעט ער זיך, מיינע שונאים, אויף דעם טויט און טראגט געבעך אויף זיינע פלייצים די עמער— מיט פונפציג רובעליעס וואלט איך איהם דאך געקענט פאר א גליקליכען מענשען מאכען!... אוי, אוי! וויפיעל, וויפיעל מענשען וואלט איך געקענט העלפען! אז איך זאל צו טהיילען א האלב פערמאגען וואלט אויך געבליבען פינף און צוואנציג טויזענט. פון מיינעט וועגען וואלט רעכט געוועזען זיך באגנוגען מיט צעהן־טויזענט און אפילו מיט פינף־טויזענט אויך. וואס דארף איך אימשטיינס־געזאגט האבען מיט מיין אלטען? אז אללע מיינע קינדער וועט זיין גוט, און אללע מיינע ארימע בעקאנטע וועלין שוין ניט זיין ארעם. אוי גאטט! פריוו מיך חאטש איין מאל מאכען פאר דיין קאנאטשיי. וואלסט דו געזעהן אז דו וואלסט ניט חרטה געהאט. פריוו מיך, פריוו מיך, גאטעניא!...

מיט א גוטען שמייכעל אויף די ליפען אז עס איז א יושר אז גאטט זאל איהר אויך

חָאטְשׁ אֵיין מָאל אוֹיף אִיהְר לֶעבֶּען פְּרִיהֶוען מַאכֶען פַאר אֵיין קָאנְצַאטְשׁיי. אִיז זִי גֶעשְׁמָאק אַנטשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען „עֶרְשְׁט צְוֵויי שָׁעָה פַאר טָאג. „גָאטט אִיז אַ גוּטֶער אוּנ זָאגְט נִיט אָפּ דִי וָואס בֶּעטֶען אִיהם עֶרֶענְסְט"— אִיז גֶעוֶועזֶען אִיהְר לֶעצְטֶער גֶעדַאנְק פַאר דֶעם שְׁלָאף.

## .7

## אָבְגֶעשְׁפָּארְט פוּן שַׁבָּת.

פְרַייטָאג פַאר־נַאכְט הָאט חַנָּה אִיבֶּער־גֶעצֶעהלְט וויפִיעל זִי הָאט פַאר־שְׁפָּארְט דִי עֶרְשְׁטֶע וָואךְ— עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צְוֵויי רוּבִּיל! זִי הָאט זֵיי בֶּעשְׁפִּיעגֶען דְרַיי מָאהל, עֶס זָאלל זַיין מִיט מַזָל, אוּנ זֵיי בֶּעהַאלְטֶען אִין קַאסְטֶען, אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער קְלֵיין קֶעסְטֶעלֶע, וָואס נָאךְ מֵיידִיל־וַוייז הָאט זִי דָארְט גֶעהַאלְטֶען אַללֶע זַאכֶען, וָואס מֶע דַארְף הָאבֶּען צוּם נֵייֶען. חַנָּה אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּ־פְרִיעדֶען— וִוי זָאגְט מֶען: „גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאט, אַיין אָנְהֵייבּ גֶעמַאכְט!"

פְרַייטָאג פַאר־נַאכְט, דִי זוּנְן הָאט זִיךְ פֶער־בֶּעהַאלְטֶען, פּוּנְקְט וִוי זִי הָאט גֶעוואוּסְט אַז דֶער לִיעבֶּער לִיכְטִיגֶער שַׁבָּת קוּמְט אָן, דֶער שַׁבָּת וֶועלְכֶען טוֹיזֶענְטֶער לִיכְט בֶּעשַׁיינֶען אִיצְט אִין אַללֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער, דִי לִיכְט וֶועלְכֶע טוֹיזֶענְטֶער יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער בֶּענְשֶׁען. דֶער עוֹלָם אִיז שׁוֹין גֶעלָאפֶען אִין שׁוּל אַרַיין דַאוְונֶען.

חַנָּה הָאט שׁוֹין אוֹיךְ אָבּ־גֶעבֶּענְשְׁט דִי לִיכְט, אִין שְׁטוּבּ אִיז גֶעוֶועזֶען שֶׁאן אוּנ לִיכְטִיגֶער דַאכְט זִיךְ וִוי אֲפִילוּ דִי זוּנְן בַּיי־טָאג. פוּן יֶעדֶען ווינְקֶעלֶע הָאט עֶס גֶעשַׁיינְט, דִי בֶּענְשׁ־לִיכְט מִיט דֶעם רֵיינֶעם וַייסֶען גֶעגְרַייטֶען טִישׁ אִין דֶעם לִיכְטִיגֶען הוֹיז הָאבֶּען בֶּעשַׁיינְט דִי דְרַיי שֶׁאנֶע טֶאכְטֶער מִיט זַייעֶר מוּטטֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעטוּהן אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער— לְכָבוֹד דֶעם טַייעֶרֶען שַׁבָּת.

ר' חַיִּים אִיז גֶעקוּמֶען פוּן שׁוּל צוּ־זַאממֶען מִיט אַיין אוֹרֵחַ, גֶעזָאגְט „גוּט שַׁבָּת", זַיין פַאמִילְיֶע הָאבֶּען אַללֶע אִין אֵיין קוֹל גֶע־עֶנטְפֶערְט אַ „גוּט יָאהר". דֶעם אוֹרֵחַ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען זֶעהר אָרוּם גֶעקְלֵיידֶעט, הָאבֶּען זֵיי אַללֶע מִיט אַ פְרֵיינְדְלִיכֶע מִינֶע גֶעבֶּעטֶען זִיצֶען. ר' חַיִּים הָאט מִיט אַ שְׁטִילֶער נָאר אַ זִיסֶער שְׁטִיממֶע אָנְגֶעהֵייבֶּען זָאגֶען „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם" אוּנ דֶער אוֹרֵחַ אוֹיךְ גְלֵייךְ מִיט אִיהם. ר' חַיִּים הָאט גֶעמַאכְט קִידּוּשׁ, צוּ־גֶעגָאסֶען דֶעם כּוֹס, גֶעגֶעבֶּען צוּ־בִּיסְלֶעךְ זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, דֶער דִיענְסְט־מֵיידִיל וֶועלְכֶע אִיז גֶע־שְׁטַאנֶען נֶעבֶּען דֶער טְהִיר אוּנ גֶעהַארְט וִוי דֶער בַּעל־הַבַּיִת מַאכְט קִידּוּשׁ, הָאט חַנָּה אוֹיךְ צוּ־גֶעטְרָאגֶען דֶעם כּוֹס, גֶעגֶעבֶּען פוּן קִידּוּשׁ. אַלְס דֶער אוֹרֵחַ הָאט אָבּ־גֶעמַאכְט קִידּוּשׁ, הָאט מֶען זִיךְ גֶעוַואשֶׁען אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ. —

אַללֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען וִוי עֶס דַארְף צוּ זַיין— נָאר דִי פִישׁ אוּנ חַלָּה פוּן פֶערְווֵי־סָארְט מֶעהל הָאבֶּען גֶעפֶעהלְט, חָאטְשׁ קֵיינֶער הָאט עֶס אֲפִילוּ נִיט בֶּעמֶערְקְט, נָאר טְהֵיילְס הָאבֶּען אַללֶע עֶס גֶעפִיהלְט. דִי קִינְדֶער הָאבֶּען נָאךְ גֶעהֶערְט פַאר שַׁבָּת פוּן דֶער מוּטטֶער, אַז זִי וֶועט אָנְהֵייבֶּען פַאר־שְׁפָּארֶען, אוֹיף וָואס לְמָשָׁל פַאר־שְׁפָּארֶען, הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעוואוּסְט, נָאר פְרַאנְיַא הָאט דָאס הַארְץ אוֹיס־גֶעזָאגְט אוֹיף וָואס דָאס אִיז. קֵיינֶעם הָאט נִיט גֶעפֶעהלְט דִי פִישׁ, דִי פֶערְוֶוע חַלָּה, קֵיינֶער הָאט וֶועגֶען דֶעם אַ הַאלְבּ וָוארְט נִיט דֶער מָאנְט— נָאר חַנָּה הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ־פִיהלֶען אַז עֶס פֶעהלְט עֶפִּיס צוּם שַׁבָּת, זִי אִיז עֶפִּיס נִיט פְרֶעהלִיךְ גֶע־

וָועזֶען ווִי אַלְלֶע שַׁבָּת בַּיים טִישׁ • חַיִים הָאט אוֹיךְ בּאַמֶערְקְט אוּנ זִי גֶעפְרֶעגְט וָואס אִיז דִּי טְרוֹיעֶרִיג • זִי הָאט גֶע־עֶנְטְפֶערְט „עֶס אִיז גָאר נִיט • עֶס ווַייזְט זִיךְ דִּיר אוֹיס״ •

אִיז אַ פַאמִילְיֶע אִיז גֶענוּג אַז אֵיינֶער זָאל וֶוערֶען טְרוֹיעֶרִיג, וָוערְט שׁוֹין דָאס גַאנְצֶע הוֹיז • דִי גַאנְצֶע פאמִילְיֶע אוּנְמוּטְהִיג •

מֶע הָאט אָבְגֶעגֶעסֶען • נָאר עֶפִּים נִיט אַזוֹי פְרֶעהְלִיךְ ווִי אַללֶע שַׁבָּתִים • דֶער צְווייטֶער סָארְט חַלָה הָאט עֶפִּים גָאר נִיט גֶעשַׁיינְט פוּן טִישׁ • דָאס גַאנְצֶע עֶסֶען הָאט גָאר נִיט גֶעהַאט דְעם שְׁטֶענְדִיגֶען שַׁבָּת'דִיגֶען טַעם • אֲפִילוּ דִי לִיכְט מִיט דֶעם לָאמְפּ • הָאט אוֹיס גֶעווִיזֶען • בְּרֶענֶען טוּנְקְלֶער ווִי אַלְלֶע שַׁבָּתִים • חַנָה הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט אִין דֶעם אַללֶען שׁוּלְדִיג • נָאר זִי אַלֵיין אִיז שׁוּלְדִיג • אִיבֶּער אִיהְר אִיז פַאר שְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען דְעֶר שַׁבָּת • אָ ! ווִיפִיעל וָואלְט אִיצְט חַנה אַוֶועק־גֶעגֶעבְן • אַז עֶס זָאל פְּלוּצִים אוֹיף אִיהְר טִישׁ אוֹיס־ווַאקְסֶען גֶעקָאכְטֶע • שְׁמֶעקֶענְדִיגֶע פִישׁ אוּנ חַלוֹת פוּן פְֶערְווִי מֶעהְל ! ...

חָאטְשׁ פוּן הַיינְטִיגָען שַׁבָּת זֶענֶען אוֹיךְ אַלֶע גֶעוֶועזֶען זַאט אָנְגֶעגֶעסֶען אוּנ אַללֶע זֶענֶען ווִי נָאךְ אַ גוּטֶער וֶועטְשֶׁערֶע גֶעשְׁמַאק אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען • נָאר חַנָה'ן הָאט זִיךְ נִיט גֶעשְׁלָאפֶען • דֶער סָאוֶועסְט הָאט זִי גֶעמוּטְשֶׁעט • וָואס זִי הָאט פוּן קֵיין אַנְדֶער זַאךְ נִיט גֶעפוּנֶען צוּ פַארְשְׁפָּארֶען נָאר פוּן דֶעם טַייעֶרֶען הַיילִיגֶען לִיעבֶּען שַׁבָּת קוֹדֶשׁ ! ...

דֶער לָאמְפּ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסגֶעהֶען • דִי בֶּענְשׁ־לִיכְט—צוּ קֵיינֶעצֶען • שְׁוַוארְצֶע לַאנְגֶע אוּנ קְלֵיינֶע שָׁאטֶענְס הָאבֶּען אַנְגֶעהוֹיבֶּען בּאדֶעקֶען דִי וַואנְד אוּנ אַללֶע זַאכֶען וָואס הָאבֶען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין שְׁטוּב • אָט אִיז אוֹיף אַ סֶעקוּנְדֶע אַ בִּיסֶעלֶע לִיכְטִיגֶער גֶעוָוארֶען אוּנ דִי שָׁאטֶענְס הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפְּרִינְגֶען צוּרִיק • קְלֶענֶער וֶוערֶען • אוּנ אָט אִיז נָאךְ מֶעהְר טוּנְקְלֶער גֶעוָוארֶען • דִי שְׁוַוארְצֶע שָׁאטֶענְס הָאבֶּען שׁוֹין כִּמְעַט בּאדֶעקְט דִי גַאנְצֶע ווַאנְד • נָאר אֵיין טוּנְקָעל ווִינְקֶעל מִיט אֵיין שְׁמָאלֶען פַּאס אוֹיף דֶער סְטֶעלְיֶע אִיז נָאךְ אַבִּיסֶעלֶע לִיכְטִיג • חַנָה קוּקְט אוֹיף דֶעם לִיכְטִיגֶען ווִינְקֶעל ווִי עֶר וֶוערְט אַללֶע מָאל לִיכְטִיגֶער • לִיכְטִיגֶער • גְרֶעסֶער • גְרֶעסֶער • אוּנ פוּן דֶעם דָאזִיגֶען ווִינְקֶעל גֶעהְט אַרוֹיס אַ יוּנְג שָׁאן ווַייבִּיל • מִיט גְרוֹיסֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען • דָאס גֶעזִיכְט אִיז ווַייס אוּנ שַׁיינְט ווִי דִי זוּנְן • זִי גֶעהְט אָנְגֶעטְהוּן אַ לַאנְג ווַייס אַטְלֶעסִין קְלֵייד • אַיינְגֶעהֶעפְט מִיט בְּרִילַיאַנְטֶען • דִימַאנְטֶען אוּנ פֶּערֶעל • דָאס יוּנְגֶע ווַייבִּיל טְרָאגְט אוֹיף דֶעם קָאפּ אַ טִשִׁיפִּיקְל ווַייס ווִי זִילְבֶּער • מִיט אַסַךְ • אַסַךְ שְׁלַיארֶעקֶעלֶעךְ • אוֹיף יֶעדֶער שְׁלַיארֶעקֶעלֶע אַ גְרוֹיסֶער פֶּערֶעל • אוֹיף אִיהר בְּרוּסְט אָנְגֶעשְׁטֶעקְט אַ סַךְ פְרִישֶׁע שָׁאנֶע שְׁמֶעקֶענְדִיגֶע בְּלוּמֶען • חַנָה פִיהְלְט דֶעם טַייעֶרֶען רֵיחַ פוּן דֶער ווַייטֶענְס • אוּנ דֶער קְווִיקְט זִיךְ מִיט זַייעֶר פְרִישְׁקַייט • דָאס יוּנְגֶע ווַייבִּיל הֵייבְּט אָן מִיט קְלֵיינֶע שְׁטִילֶע טְרִיט צוּ־גֶעהְן נֶאהֶנְטֶער צוּ חַנָה'ן אוּנ אַללֶע מָאל ווִי זִי מַאכְט אַ טְרִיט ווַייטֶער • וֶוערְט עֶס הֶעלְלֶער אוּנ הֶעלְלֶער • לִיכְטִיגֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער • פוּן אִיהר סַךְ פֶּערֶעל אוּנ בְּרִילַיאַנְטֶען פוּנְקֶעלְט חַנָה'ן אִין דִי אוֹיגֶען • אָט אִיז זִי שׁוֹין נֶעבֶּען אִיהר • פוּן גְרוֹיס לִיכְטִיקַייט קֶען חַנָה אִיהר נִיט קוּקֶען אִין גֶעזִיכְט פוּנְקְט ווִי אִין דֶער שַׁיינֶענְדִיגֶער זוּנְן • דָאס יוּנְגֶע ווַייבִּיל שְׁטֶעקְט אַ שְׁמֶעקֶענְדִיגֶע רוֹיז פוּן אִיהְר בְּרוּסְט אוּנ לֶעגְט אִיהר צוּ בַּיי דֶער נָאז • חַנָה דֶער קְווִיקְט זִיךְ • זִי עֶפֶענְט דִי אוֹיגֶען • אוּנ קֶען אִיהר שׁוֹין קוּקֶען גְלַייךְ אִין גֶעזִיכְט • אוּנ זֶעהְט ווִי דָאס יוּנְגֶע ווַייבִּיל וָואס הָאט זִי אַזוֹי דֶערְקְווִיקְט אִיז זֶעהְר טְרוֹיעֶרִיג •

—וָואס זֶענְט אִיהר אַזוי טְרויעֶרִיג, טַייעֶרֶע, שֶׁאנֶע? אִיהר הָאט דָאךְ מִיךְ פָּשׁוּט עֶרְקְוויקְט מִיט אַייעֶרֶע טַייעֶרֶע בְּלוּמֶען. זָעהְט ווִי אִיהְר זָענְט שָׁאן, ווִי אִיהר זֶענְט רַייךְ. אִיהר דַארְפְט דָאךְ זַיין דִי גְלִיקְלִיכְסְטֶע פוּן אַלֶע גְלִיקְלִיכֶע אִין דָער וָועלְט! זַייט בֶּעסֶער פְרֶעהְלִיךְ. צִי וָואס דַארְפְט אִיהְר זַיין טְרוֹירִיג?

—אֱמֶת, אִיךְ בִּין דִי גְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דָער וֶועלְט—הָאט דָאס יוּנגֶע ווַייבֶּעל אָנְגֶעהוֹיבֶּן רֶעדֶען מִיט אַ זִיסֶער שְׁטִימֶע, אַז חַנֶה'ן הָאט זִיךְ אויסְגֶעווִיזֶען ווִי אַ שֶׁאנֶע מוּזִיק שְׁפִּיעלְט ווַיינֶענְדִיגְס—יַא אִיךְ בִּין דִי גְלִיקְלִיכְסְטֶע, דִי גַאנְצֶע וֶועלְט לַאכְט מִיךְ אוּנ בַּאזִינְגְט מִיךְ, אוּנ צוּ לִיעב מִיר, מִיר זָאל זַיין לִיכְטִיג, צִינְדֶט מֶען אָן אויף דֶער וֶועלְט מִילְיָאנֶען לִיכְט, צוּ לִיעב מִיר נֶעהְמֶען זִיךְ צוּנוֹיף גַאנְצֶע פַאמִילְיֶעס אויף אַיין אָרְט, אוּנ מֶע עָסְט, מֶע טְרִינְקְט, מֶע זִינְגְט אוּנ מֶען אִיז פְרֶעהְלִיךְ. אֲפִילוּ דֶעם אָרִימַאן גִיט מֶען אוֹיךְ צוּ לִיעב מִיר זַאטְט צוּ עֶסֶען, אַלֶע, אַלֶע זֶענֶען גְלִיקְלֶעךְ צִי לִיעב מִיר.—אִיךְ בִּין שַׁבָּת!

—זֶענְט אִיהְר עֶס דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת, דָער טַייעֶרֶער שַׁבָּת—צוּ וָואס־זְשֶׁע זֶענְט אִיהר אַזוי טְרוֹיעֶרִיג, מַיין לֶעבֶּען, מַיין הַאֶרֶץ, מַיין נְשָׁמָה, מַיין טְרֵייסְט, מַיין פְרַיינְד, מַיין רוּהֶ, מַיין גֶעזוּנְד, מַיין גָאלְד, מַיין שַׁיין, מַיין וֶועלְט! זִיצְט אַ בִּיסְל, מַיין הֵיילִיגֶער שַׁבָּת, אוּנ זַייט נִיט טְרוֹירִיג, אִיהר זֶענְט דָאךְ גֶעקוּמֶען צוּ גֶעטְרַייעֶ פְרַיינְד אִים הוֹיז! אִיהר זֶענְט דָאךְ פוּן אַלֶעמֶען אַזוי גֶעלִיעבְּט! אִיהר זָענְט דָאךְ דִי גְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דֶער וָועלְט אוּנ מַאכְט גְלִיקְלִיךְ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט!

—אִיךְ דַאנְק אַייךְ, אִיךְ קֶען אִיצְט נִיט זִיצֶען, אִיךְ קָען אִיצְט נִיט זַיין פְרֶעהְלִיךְ, קוּקְט וָואס פַאר אַיין אוּמְגְלִיק מִיךְ הָאט גֶעטְרָאפֶען! (זִי הָאט אָנְגֶעווִיזֶען מִיט דֶער הַאנְד אויף דִי שְׁלַיארֶקְעלֶעךְ פוּן טְשִׁיפֶּעק) אָט זָעהְט, קוּקְט, ווִי צְוַויי פֶּערֶער פֶעהְלֶען מִיר—צְוַויי פֶּערֶעל הָאבּ אִיךְ צוּ לִיעב אַייךְ פַארְלוֹירֶען!... דְרוּם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ זִיךְ קְלָאגֶען, מַיין טְרוֹיעֶר אַייךְ ווַייזֶען—אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר, לִיעבֶּע חַנֶה, אִיהר טְרָאגְט דָאךְ אַ יוּדִישֶׁען נָאמֶען, אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר פוּן אַ יוּדִישֶׁער טָאכְטֶער פַארְשְׁפָּארֶען פוּן מִיר, אִיךְ זָאל אִיבֶּער דַיין פַארְשְׁפָּארֶען פַארְלִירֶען צְווַיי טַייעֶרֶע גְרוֹיסֶע פֶּערֶעל? אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר אַז וֶוען אִין מַיין שׁוּים רוּהֶעט אִיהְר זִיךְ אַלֶע אָבּ פוּן דֶער וָואךְ, דַיין מַאנְן חַיִּים וָועלְכֶער הָארֶעוֶועט ווִי אַיין אֶקְס אִין דֶער יַארְמֶא דִי גַאנְצֶע וָואךְ, רוּהֶעט זִיךְ אָבּ בַּיי מִיר אוּנ גְלַייכְט אוֹיס זַיינֶע צוּבְּרָאכֶענֶע פַארהָארֶעוֶועטֶע בֵּיינֶער, אוּנ בֶּעקוּמְט ווַייטֶער כֹּחַ דִי גַאנְצֶע וָואךְ צוּ אַרְבֵּייטֶען פַאר אַייךְ, אַייךְ גֶעבֶּען בְּרוֹיט—אִיז דָאס אַ יוֹשֶׁר דוּ זָאלְסְט פוּן מִיר פַארְשְׁפָּארֶען, אִיךְ זָאל אִיבֶּער דִיר אַזוינֶע צְוַויי טַייעֶרֶע פֶּערֶעל פַארְלִירֶען? אוּנ דוּ פְרֶעגְסְט מִיךְ נָאךְ, וָואס אִיךְ בִּין טְרוֹיעֶרִיג!...

חַנֶה הָאט זִיךְ גֶעווָאלְט צוּ ווַיינֶען ווִי אַ קְלֵיין קִינְד, זִי קוּשֶׁען, זִי הַאלְזֶען, אִיבֶּער־בֶּעטֶען דֶעם טַייעֶרֶען הֵיילִיגֶען שַׁבָּת; נָאר דָאס הַאֶרְץ הָאט אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּן שְׁטַארְק דְרִיקֶען אוּנ זִי הָאט אֲפִילוּ אַ הַאלְבּ וָוארְט נִיט גֶעקֶענְט אוֹיסְרֶעדֶען. זִי הָאט נָאר צוּ־גֶעזֶעהְן ווִי דָאס שֶׁאנֶע ווַייבִּיל אִיז ווַייטֶער פַאר אִיהר גֶעשְׁטַאנֶען טְרוֹיעֶרִיג מִיט אַיין אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶען קָאפּ, דִי אַייגֶענֶע רוּיז הָאט זִי אִיהר פַאמֶעלִיךְ צוּ גֶעלֶעגְט צוּ דֶער נָאז אוּנ חַנֶה הָאט שׁוֹין מֶעהְר נִיט גֶעקֶענְט קוּקֶען אִין אִיהר לִיכְטִיג גֶעזִיכְט, ווִי אִין דָער שַׁיינֶענְדִיגֶער זוּנְן.

עָם הָאט אִיהר שְׁטַארְק גֶעפּוּנְקֶעלְט אוּנ גֶעבְּרְלַיאַנְטֶעוֶועט אִין דִי אֵייגֶען, דַאס שָׁאנֶע וַוייבִּיל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּרִיק אָבְּטְרֶעטֶען אִין לִיכְטִיגֶען ווינְקֶעל מִיט קְלֵיינֶע שְׁטִילֶע טְרִיט. חַנָה הָאט אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט בֵּיידֶע הֶאנְד אוּנ זִי גֶעוָאלְט חאפֶּען אוּנ צִיהֶען צוּרִיק, נָאר—זִי הָאט זִיךְ פוּן שְׁלָאף אוֹיפגֶעחַאפְּט ...

—מאמֶע, דֶער טַאטֶע וַוארְט, שְׁטֶעה אוֹיף, וֶועלֶען מִיר טְרִינְקֶען אַלֶע צוּ זַאמֶען טהֶעֶ! — הָאט פְּרַאנְיָא אוֹיפגֶעוֶועקְט דִי מוּטֶער מִיט צְוֵויי הֵייסֶע קִישֶׁען.

## VIII

## דְרַייא שְׁוֶועסְטֶער.

פוּן דֶעם שַׁבָּת אָהְן אִיז שׁוֹין אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אַ יָאהְר אוּנ נָאךְ אַ יָאהְר ד. ה. פְּרַאנְיָא אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוָוארֶען אֵיין אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר. נָאר דָאס אִיז נָאךְ גָאר נִיט, פִיעל עֶרְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען וָואס מַאנְיָא אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען נַיינְצֶען יָאהְר ...

אִין דֶער קְלֵיינֶער צַייט הָאט זִיךְ בַּיי חַנְה'ן אוֹיף דֶעם שְׁטֶערֶען גֶעוִויזֶען אַ סַךְ נַייֶע קְנֵייטְשֶׁען אוּנ נָאךְ מֶעהְר אַ סַךְ נַייֶע גְרוֹיֶע הָאר בַּיי חַיִים־ֶען אִין קָאפּ.

שַׁדְכָנִים זֶענֶען צוּ זֵיי אִין הוֹיז נִיט אַרַיין גֶעקוּמֶען, וַוייל, צוּ דִי הַיינְטְוֶועלְטִיגֶע גֶעהְט מֶען זִיךְ נָאר אָן אוּנ מֶע רַייסְט אוּמְזִיסְט שְׁטִיוֶועל" פְּלֶעגֶען דִי שַׁדְכָנִים צְוִוישֶׁען זִיךְ רֶעדֶען, „דִי לַייט אִיז שְׁוֶוער אַז מִיר זָאלֶען זֵיי חַתָנִים גֶעבֶּען". אַגַב זֶענֶען זֵיי אוֹיךְ דֶער פַאר נִיט גֶעגַאנְגֶען, וַוייל זֵיי וַויסֶען גוּט וֶועלְכֶם מֵיידִיל עֶס הָאט נְדָן אוּנ וֶועלְכֶעס נִיט. פוּן דֶעסְט־וֶועגֶען הָאבֶּען אַלֶע רַייכֶע כַּלות, פוּן וֶועלְכֶע דִי שַׁדְכָנִים זֶענֶען נִיט אָבְגֶעטְרֶעטֶען, שְׁטַארְק מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען דִי פְרַיילַיין פְרֵיידְקִינְזָאהְן, וַוייל אַרוּם פְרַאנְיָא'ן הָאבֶּען זִיךְ גֶעדְרֶעהְט פִיעל יוּנְגֶע לַייט, דִי שֶׁאנְסְטֶע, דִי פַיינְסְטֶע, דִי גֶעבִּילְדֶעטְסְטֶע אוּנ דִי גֶעלֶעהְרְנְטְסְטֶע, נָאר פְּרַאנְיָא זֶעלְבְּסְט פְּלֶעגְט אָפְט קְרֶעכְצֶען אוּנ זִיפְצֶען בַּיי זִיךְ אִין צִימֶער וֶועגֶען דִי דָאזִיגֶע יוּנְגֶע לַייט, אוֹיף וֶועלְכֶע דִי רַייכְסְטֶע פְּלֶעגֶען זִי מְקַנֵא זַיין.

וָואס ווילֶען זֵיי פוּן מַיין לֶעבֶּען הָאבֶּען, דִי דָאזִיגֶע „טְשֶׁערֶעדֶע"! צוּ וָואס יָאגֶען זֵיי זִיךְ נָאךְ מִיר? זֵיי נֶעמֶען נָאר צוּ בַּיי מִיר מַיין גַאנְצֶע צַייט, מַיינֶע גַאנְצֶע יָאהְרֶען. אַז עֶס בְּלַייבְּט מִיר אֲפִילוּ קֵיין צַייט נִיט אָב צוּ־טְהוּן מַיינֶע שְׁטוּב־אַרְבֵּייטֶען, שְׁטֶענְדִיג זֵיי אֵיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין קָארְטֶעט, וָואס אִיז? הֶעדְר אָץ אִיז גֶעקוּמֶען אוּנ הֶערר קְקָאץ וֶועט בַּאלְד זַיין—אֵיין אִבְּקוּמֶעגֶעשׁ אוּנ וַוייטֶער גָאר נִיט! אַמָאהְלִיגֶע יָאהְרֶען הָאט זִיךְ מִיר אַלְץ גֶעגְלוּסְט, עֶס אִיז בַּיי מִיר גֶעוֶועזֶען דָאס בֶּעסְטֶע פֶערְגְנִיגֶען, וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם מִיר גֶעדְרֶעהְט נָאר ... נָאר זִינְט אִיךְ הָאב אִיהם דֶערְקֶענְט ...

חָוֶען זִי הָאט זִיךְ נָאר דֶער מָאנְט אִין „אִיהם", הָאבֶּען זִיךְ אִיהר גֶעשְׁטֶעלְט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען, אוּנְטֶער דֶעם וָוארְט „אִיהם" הָאט זִי גֶעמֵיינְט דֶעם אִיצְטִיגֶען יוּנְגֶען נַייעֶם דָאקְטָארִיל, פַּאוֶועל אַבְּרַאמָאוִויטְשׁ זִינְגֶער, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ מִיט אִיהר בֶּעקֶענְט אַלְס סְטוּדֶענְט, וֶוען עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן עֶרְשְׁטֶען קוּרְס אִין צְוֵוייטֶען אוּנ אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף „קַאנִיקוּל"-קֵיין אָרִיבָּאטְעוְוקֶע צוּ נַייֶעם אַ פֶעטֶער, וואוּ עֶר פְּלֶעגְט פַאר

ברענגען גאנצע צוויי חדשים. פון דער צייט אן וואס ער האט זיך בעקאנט מיט פראַניאַן פלעגט ער די גאנצע צוויי חדשים איבער ליגען ביי פריידקינזאהנען אים הויז, צוזאממען שטענדיג געגאנגען שפּאצירען, גערעדט האבען זיי נאר ביידע אונ געוועזען פארליעבט איינס אין דעם אנדערען איבער די אויערען, די געצאהלטע יונגע לייט וואס האבען דערפון געוואוסט האבען שטארק מקנא געוועזען זינגערין, וואס פראַניאַ, די זעלטענע „קראסאוויצע", די קלוגע, די וואוילע פראַניאַ, האט איהם ליעב... פראַניאַ האט זיך ווירקליך איבער־געגעבען זינגערין מיט איהר גאנץ לעבען, עס איז ביי איהר געוועזען די ערשטע ליעבע, זי האט געלעבט מיט זיינע אידעאלען, מיט זיין לעבען, ער האט נאר געטראכט דער פון ווי ער וועט זיין א דאקטאר, וועט ער די גאנצע צייט אוועק געבען פיר די ארומע קראנקע, אונ מאכען א פאנד, זייערע פאמיליען צו שטיצען ביז די קראנקע וועלין געזונד אונ שטארק ווערן, וואס ער האט געזאגט איז ביי איהר געוועזען תורת לאקשען, זינגער איז געוועזען איהר גאטט; זינגער האט איהר אויך מיט דעם געצאהלט, אונ ווען עס איז געקומען די צייט אז ער האט בעדארפט אוועק פאהרען, האט מען זיך געזעגענט פונקט ווי ער פאהרט אויף יענער וועלט. דאס גאנצע יאהר איז געגאנגען צווישען זיי עטליכע מאל אין דער וואך הייסע בריעף. די צעהן חדשים ביז ער האט בעדארפט ווייטער קוממען אויף קאניקול איז ביי זיי געוועזען צעהן יאהר, אונ ווען ער איז געקומען איז מען ווייטער געוועזען פון די גליקליכסטע פון דער וועלט, אונ מע האט ווייטער אבגעלעבט די צוויי חדשים ווי גאטט אין אדעם. דער איינציגער צוועק אין זייער לעבען איז געוועזען, ער זאל שוין ענדיגען, מע האט שוין אפילו אויסגערעכענט וויפיעל טאג עס זענען נאך דא אין די צוויי דריי יאהר ביז ער וועט ענדיגען, טייבען טרערען האט זיך אין דער צייט געגאסען. מיליאנען זיפצען זענען פון הארץ געפלויגען, טויזענטער בריעף האט מען אין דער צייט צו שריבען אונ געלויבט גאבט את! את „ענדיגט" ער, עס זענען געבליבען געצאהלטע טאג, אונ אז ער וועט איצט קוממען וועט ער שוין מעהר ניט אוועקפאהרען, ער וועט שוין בלייבען אייביג, אייביג געבען איהר.

די צייט פון זיין ענדיגען איז שוין לאנג איבער געגאנגען, אונ ניט נאר ער איז ניט געקוממען, נאר אפילו קיין בריעף איז אויך פון איהם ניט געקוממען. פראַניאַ האט נאך געפרובט איהם שרייבען א לעצטען בריעף מיט איינעם וואס איז געפאהרען קיין ק. אונ זי האט אויך בעקוממען א „לעצטען" בריעף, וואו ער גיסט מיט טרערען, וואו ער הייבט זי ביז אין הימעל — נאר, נאר... ניט אללעס קען ער ארויסשרייבען וואס ביי איהם קומט איצט פאר א. ז. וו. א. ז. וו.

אין א צייט ארום האט פראַניאַ געהערט ווי ער האט חתונה געהאט פאר א פריילין מיט צוואנציג טויזענט רובל נדן, אונ דער דאקטאר זינגער פאהרט איצט מיט זיינע אייגענע פערד צו די קראנקע — דרום נעהמט ער ניט ווינציגער ווי דריי רובל א וויזיט.

פון דענסמאל אן זענען איהר נמאס געווארען די אללע וואס דרעהען זיך ארום איהר, וואס זיי האבען גערעדט האט זי ניט געגלויבט איין ווארט. „זייער גאנץ רעדען איז מעהר ניט ווייל זיי האבען מיילער, וואס דען זאלען זיי טהון מיט די מיילער?" פלעגט זי זיך טראכטען.

שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ צַייט הָאט זִי זִיךְ בֶּעקַאנְט מִיט גַארְפִּינְקְלֶען, אִין וֶועלְכֶען זִי הָאט גֶעפוּנֶען אַיין זֶעהְר עֶהְרְלִיכֶען מַאנְן, נָאר דֶערְפַאר וַוייל עֶר פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג זִידְלֶען דִי הַיינְטִיגֶע פַאר־דָארְבֶּענֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּנְגֶע־לַייט, וָואס פַאר־קוֹיפֶען זִיךְ צוּ רַייכֶע אָרֶענְדַארְ־סְקֶע טָאכְטֶער אַבִי צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבִּיל נַדְן. בִּכְלַל פְּלֶעגְט עֶר נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ זִידְלֶען דִי רַייכֶע יוּדֶען, וִוי זַיי עֶקְסְפְּלוּאַטִירֶען דֶעם אָרֶעמַאנְן, וִוי זַיי טוּהֶען גָאר נִיט לְטוֹבַת הַכְּלַל. זַיי הָאבֶען נָאר זִיךְ אִין זִינֶען א. ז. ווּ. מֶעהר פוּן אַלֶע פְּלֶעגְט עֶר זִידְלֶען זַיינֶע חֲבֵרִים, דִי סְטוּדֶענְטֶען, וֶועלְכֶע פַאר־שְׁטֶעהְן נָאר נִיט דֶעם צְוֶועק פוּן אֶמֶתֶע בִּילְדוּנְג אוּנ הַייבֶּען אָן צוּ־לֶערְנֶען נָאר מִיט דֶעם גֶעדַאנְק: אַ קָארְבָּעל, אַ קֶערְבֶּעל, צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבִּיל נַדְן, קַארֶעטֶעס, א. ז. וו. א. ז. וו.

גַארְפִּינְקֶעל הָאט גֶעקֶענְט שֶׁאן רַיידֶען, אוּנ דֶער־צוּ הָאט עֶר אַ וָוארְט נִיט אַרוֹיס־גֶעלָאזְט אָהן פַייעֶר.

דִי גוּטֶע עֶהְרְלִיכֶע אוּנְפְּרַאקְטִישֶׁע פְרַאנְיָא הָאט אִיהם זֶעהר גֶעאַכְטֶעט פַאר זַיין רֶעדֶען מִיט פַייעֶר, ד. ה. וָואס עֶר הָאט לִיעבּ דֶעם אֱמֶת, אוּנ זָאגְט עֶס יֶעדֶען גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען.

פְרַאנְיָא הָאט זִיךְ צוּ־גֶעבּוּנְדֶען צוּ־אִיהם וִוי צוּ אַ גוּטֶען פְרַיינְד, וִוי צוּ אַיין אַיינֶענֶעם בְּרוּדֶער, וָואס מְרוֹיעֶרְט צוּזַאמֶען מִיט אִיהר אוֹיף דִי פַאלְשְׁקַייט פוּן דֶער וֶועלְט. וֶוען אַלֶע מֶענְשֶׁען זָאלְלֶען אַזוֹי לִיעבּ הָאבֶּען דֶעם אֱמֶת וִוי גַארְפִּינְקֶעל— פְלֶעגְט פְרַאנְיָא טְרַאכְטֶען וָואלְט נָאר קַיין פַאלְשְׁקַייט, נִיט אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעוֶועזֶען, קַיין טְרֶעהרֶען אוּנ בְּלוּט וָואלְטֶען זִיךְ נִיט פַאר־גָאסֶען.

אוֹיסֶער גַארְפִּינְקְלֶען זֶענֶען אַלֶע יוּנְגֶע לַייט וָואס הָאבֶען זִיךְ גֶעדְרֶעהט אַרוּם אִיהר גֶעוֶועזֶען אִיבֶּערִיג.

נָאר לָאמִיר זִיךְ ווייטֶער צוּ־הֶערֶען צוּ אִיהרֶע גֶעדַאנְקֶען:

—אַמָאהל הָאט זִיךְ מִיר אַלְץ גֶעגְלוּסְט, עֶס אִיז בַּיי מִיר גֶעוֶועזֶען דָאס בֶּעסְטֶע פַאר־גֶענִיגֶען, אָבֶּער הַיינְט, וָואס קוּמְט מִיר אַרוֹיס פוּן דִי אַלֶע וָואס דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם מִיר? נִיט פִין דִי וֶועל אִיךְ אַ כַּלָּה וֶוערֶען. אַייגֶענְטְלִיךְ וָואלְט אִיךְ דֶערְפוּן גָאר נִיט גֶעדַארְפְט טְרַאכְטֶען וָוארוּם וָואס פַארְזָאמְט מֶען דָא? דוּכְט זִיךְ אַז אֲפִילוּ אִין פִינְף יָאהר, אִין עֶלְף יָאהר אַרוּם, וֶועל אִיךְ נָאךְ אוֹיךְ הָאבֶען צַייט אוֹיס־צוּ־חַאפֶּען דֶעם פַיינְסְטֶען חָתָן. נָאר וָואס זָאלל אִיךְ טוּהְן? אַז בַּיי אוּנְז אִין שְׁטָאדְט שְׁטֶעכְט יֶעדֶער דִי אוֹיגֶען וֶוען מֶע אִיז אַבִּיסֶעל אִיבֶּערְגֶעוָואקְ־סֶען, הָאטְשׁ יֶעדֶער זָאגְט דִיר גָאר נִיט אוּנ רֶעדְט נִיט אַ הַאלְבּ וָוארְט, דוּ מֶעגְסְט דִיר זַיין אִיבֶּער־גֶעוָואקְסֶען וִויפִיעל דוּ ווילְסְט, נָאר אוֹיף יֶעדֶענְס אוּנ אִיז אָנגֶעשְׁרִיבֶּען „אִיךְ קוּק אוֹיף אַיין אַלְטֶע מוֹיד". אוֹי נַאטְט, וָואס הָאבּ אִיךְ אַזוֹינְס גֶעזִינְדִיגְט וָואס אִיךְ קוּם אָבּ אוֹיף דֶער וֶועלְט! נַא, אִיךְ ווילל נִיט חַתוּנָה הָאבֶען—אוּנ וֶוער נוֹיט עֶס מִיךְ דֶענְן דֶער־צוּ? מַיינֶע עֶלְטֶערֶען בָּרוּךְ הַשֵּׁם טְרַייבֶּען מִיךְ נִיט פוּן דֶער שְׁטוּבּ, צוּ־וָואס־זְשֶׁע דַארְף אִיךְ אוּנ מוּז חַתוּנָה הָאבֶען? אוּנ אַז אִיךְ זָאלל קוּמֶען צוּ דֶעם „מוּז", בִּין אִיךְ גֶעצְוואוּנְגֶען זִיךְ אַרוּם צוּ־שְׁלֶעפֶּען מִיט פוּפְצִיג קַאוַואלֶערֶען, וָואס אִיז? טָאמֶער וֶועל אִיךְ אַיין אַיינְצִיגֶען גֶעפֶעלֶען, אַזוֹי אַז עֶר וֶועט וֶועללֶען פַאר מִיר חַתוּנָה הָאבֶען אוּנ נִיט פָאדֶערֶען קַיין טוֹיזֶענְטֶער נַדְן.

וויסט זיי אללע דער גוטער יאהר ! אללע יאגען זיך נאך מיר . אללע דוכט זיך זענען פאר־ליעבט אין מיר— אונ צום סוף אז זיי דארפען חתונה האבען איז נאר פאר כלות מיט טויזענ־טער גדן . דא האבען זיי אללע חרטה אונ הייבען אהן אב־קיהלען צו מיר ; זיי האבען שוין איינינע יא געוואלט אונ ניט געפרעגט אויף קיין נדן , האבען זיך זייערע עלטערען אריין געמישט אונ ניט דער־לאזט , אזוי אדער אזוי אונ חתונה געהאט ניט פאר מיר .

אונ מיך זענען נאך אנדערע מיידליך מקנא ! וואס איז ? צו אונז אין הויז קומען אריין די פיינסטע אונ געבילדעטסטע יונגע לייט . א ! זיי זאללען וויסען וואס עס טהוט זיך ביי מיר אין הארצען ... פון זייער ארומבדרעהען זיך האב איך מעהר ניט ווי דאס דאזיגע : איך מוז אוועק ווארפען אללע ארבייט אונ ווערען יעדענס דיענסט , זיך אנטהון ד. ה. זיין איינגעשפאנט אין הארסעט אז עס ווערט שווער דעם אטהעם צו ציהען , ווארום ניט איינ־ציהען שטארק דעם קארסעט וועט נאך דאס קלייד אזוי גוט ניט ליגען אונ טאמער באמערקט מען דאס , וועט מען זאגען אז איך קען זיך ניט אנטהון" אדער מיין טאליע איז ניט אויס געוואקסען , אונ נאך אזוינע פעהלער . אונ אז מע איז שוין איינגעשפאנט , פארצויגען , פאר־קרעמפעוועט—מא זיץ אונ זיץ , רעד , לאך , שפרינג , מאך זיי פרעהליך—וואס איז ? לאזען זיי האבען א גוטע מיינונג , לאזען זיי דער־נאך זאגען , אז זיי האבען ביי אונז אין הויז די צייט גוט פארבראכט , מהו דאס אללעס ניט , פאסט ניט , עס איז ניט שאן , וואס פאר א יונגער מאנן וועט דערנאך אריין צו אונז אין שטוב . ווען מע וועט איהם חו"ש איבערלאזען מיט דער מאמען רעדען , אדער לאזען איהם שווייגען , צי חו"ש אליין זיצען אונ אברוהען דאס מויל ;

אין דעם איינענעם צימער , נאר אויף איין אנדער בעטעל , האט מאניא , די יונגערע שוועסטער , אויך געטראכט מיט זיפצען אונ קרעכצען—אויך וועגען די קאוואליערען :

—איין אונגליק איז פאר מיר מיין עלטערע שוועסטער ! אומעטום שטעהט זי מיר אין וועג ; וואלטען דען די יונגע לייט ארום מיר זיך ניט געדרעהט , ווען ניט זי ? אונ צו וועמען קומען זיי דען , אז ניט צו מיר ? עס איז נאר צום לאכען ווי זי מיינט אין אמת'ן , אז זיי געהען צו ליעב איהר , דער גאנצער יחוס איז מיט איהר וואס זי איז די ע ל ט ע ר ע , אונ די מאמע זאגט מיר אן , אז ווען עס קומט א יונגער מאנן , זאל איך זיך ווינציגער ווארפען אין די אויגען" אונ אמאהל זיך גאר ניט ווייזען , וואס איז ? — איך האב איין ע ל ט ע ר ע שוועסטער ! אוי , ווי גליקליך זענען די וואס האבען ניט קיין עלטערע שוועסטער ! איך טאר אפילו קיין ווארט ניט אויסרעדען ווען פראניא רעדט ; קען איך דען ניט שאנער רעדען פון איהר ? דאס שאנסטע קלייד מאכט מען איהר , וואלט עס מיר דען ניט שאנער געפאסט ? איך וואלט שוין לאנג געוועזען א כלה , ווען מיין עלטערע שוועסטער זאל מיר ניט שטערען—ניט שטעהן אין וועג .

אויף דעם דריטען בעטעל האט מאניא , די יונגסטע שוועסטער , אויך געטראכט :

—עס איז נאר צו לאכען ; איך בין שוין אלט זיבעצען יאהר—אונ די מאמע לאזט מיך ניט ארויס פון מיין קורץ קליידעל ! וויפיעל איך האב זי געבעטען זי זאל מיר שוין מאכען א לאנג קלייד , ווילל זי ניט , זי זאגט אז איך ביז נאך א קינד אונ מען נאך טראגען א קורץ קליידעל , מע דארף נאר לאכען . האט איהר געהערט־א קינד ? א שאן קינד , חלעבען ;

אנדערע אין מיינע יאהרען טראגען שוין פון צוויי יאהר לאנגע קליידער נאר איך טאר ניט, וואס איז? איך האב צוויי עלטערע שוועסטער! אוי איז ניט גוט אז מע האט צוויי עלטערע שוועסטער! בערטע מיין הכלה איז איינע יאהרען מיט מיר — איז שוין פון צוויי יאהר פארליבט, און אפאנאסיא האט זי אזוי שטארק ליעב!... באריס איז שוין אין זעכסטען קלאס — און ער האט מיך דען ניט ליעב? ער ווארט דען ניט געקומען אפט צו אונז אין הויז? נאר די מאמע וועט ניט לאזען. וואס האט צו טוהן באריס ביי אונז? וועם באלד דיא מאמע פרעגען. און ווען ער קומט יא אמאהל, רעדט מיט איהם פראניא און מאניא, און איך טאר אפילו אוואַרט ניט אויס-רעדען — וואס איז? איך האב עלטערע שוועסטער!.... וואס, וואס לייד איך דען ניט איבער זיי? — איך מוז זיך מאכען פאר א נארעש קינד, איך מוז ווערען אשטומע און טאר ניט רעדען ווי א מענש רעדט מיט מענשען, איך קען רעדען נאר מיט קליינע קינדער, איך טאר ניט זיין און זיך ניט רעכענען פאר קיין מענש גלייך מיט מיינע שוועסטער. קען איך דען ניט רעדען גלייך ווי זיי, זיך אנטוהן שאן ווי זיי? נאר איך טאר ניט — איך טאר גאר ניט! ווייל איך בין פונ גאטט געשטראפט מיט עלטערע שוועסטער! עס איז אזא פאר-דראס!...

ביי יעדען צו-פאלל ווי עס האט זיך גאר עפיס א קליינינקייט אנגעהייבע צווישען די שוועסטער, פלעגען די יונגערע געבען שטארק צו-פיהלען פראניאן, אז זי שטעהט זיי אין וועג. און ווען ניט זי וואלט-מען זיי שוין לאנג אויס-געחאפט, זיי וואלטען שוין לאנג געוועזען כלות פאר די רייכסטע, געבילדעטסטע און שאנסטע יונגע לייט. און פראניא, וועלכע האט געהאט דאס אומגליק צו געבוירען ווערען די עלטערע, פלעגט איהר שוועסטערס ווינק גוט פאר-שטעהן און פיהלען „אז זי שטעהט זיי אין וועג“ — און זיך ניט איין; מאל דעריבער בעוואַ-שען מיט טרעהרען.

—איבער דעם אלליין וואס זיי ווייזט זיך אויס אז איך שטעה זיי אין וועג, וואלט איך אנטלאפען אין עק וועלט — פלעגט פראניא זיך טראכטען און די טרעהרען זיך גיסען פון די אויגען — דאס אלליין קען מיך ברייננגען איך זאל חתונה האבען אפילו פאר א איך ווייס ניט וועמען, אבי זיי ניט שטעהן איז וועג, נא? און אפילו „איך וויים ניט וועמען“ קען מען דען חאפען פון דער גאס? און אפילו די יונגע-לייט וואס דרעהען זיך ארום מיר און זיצען איבער טאג און נאכט ביי אונז אין הויז, קען מען דענן חאפען?

דורך די גרויסע ליעבשאפט פון די עלטערען צו איהר, פלעגט זי אפט קומען צו איהר פריערינגען שטאלץ און זיך אויפ-הערען אזוי האלטען פאר אראב-געפאלען, אז זי וועט מוזען חתונה האבען פאר א מענשען וואס שטייט קלענער פון איהר. און אויך האט זי נייע געדולד בעקומען זינט זי האט זיך באקענט מיט דעם עהרליכען גארפינקלען.

-- גארפינקעל איז זעהר איין עהרליכער מענש — פלעגט פראניא טראכטען; וועגען איהם — וואס ער רעדט דאס מיינט ער. א! ווען אללע מענשען זאללען זיין אזוי ווי ער וואלט גאר איין אנדערע וועלט געוועזען.

פראניא האט געמעגט רעכענען אז ער זאלל זיך אין איהר פאר-ליעבען, ווייל שוין כמעט דאס דריטע יאהר ווען ער קומט אויף קאניקול, פער-ברייננגט ער די צייט מיט איהר מעהר ווי מיט אללע אנדערע פרייליין

—און אֶפְשַׁר איז עֶר שוֹין פַאר־לִיעבְּט— פְלֶעגְט פְרַאנְיַא טְרַאכְטֶען— עֶר איז אַזַא עֶהר־לִיכֶער, אַז עֶס אֶפֶּענְט זִיךְ אִיהם גָאר נִיט דָאס מויל. עֶר זָאלל עֶס מִיר קֶענֶען זָאגֶען, דוּכְט זִיךְ וִוי עֶר בַּאגֶעהט זִיךְ און רֶעדְט מִיט מִיר, דַארְף אִיךְ שוֹין אַללֵיין פַאר־שְׁטֶעהן, יָא, עֶר הָאט מִיךְ לִיעבּ, דָאס ווייס אִיךְ, דָאס זֶעה אִיךְ, וָואס וַוייטֶער איז עֶר אִין מִיר אַלְץ פַאר־לִיעבְּטֶער.

אִין דִי מִינוּטֶען וֶוען זִי הָאט גֶעטְרַאכְט פוּן נַארְפִּינְקְלֶען איז פְרַאנְיַא נָאךְ גְעוֶועזֶען גְלִיקְלִיךְ און הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט גוּט וִוי גְלֵייךְ זִי הָאט קֵיין צָרוֹת נִיט גֶעהַאט. נָאר וֶוען דִי יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער הָאט גֶעוִויזֶען אַ מִינֶע אַז זִי שְׁטֶעהְט אִיהר אִין וֶועג, איז פְרַאנְיַא בַּיי זִיךְ בַּאלְד ווידֶער אָראבְּגֶעפַאלֶען, גֶעפִיהְלְט זִיךְ פַאר דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכְסְטֶע, פַארְגֶעסֶען אָן אַללֶע יוּנְגֶע לֵייט וָואס דְרֶעהְן זִיךְ אַרוּם אִיהר, פַארְגֶעסֶען אֲפִילוּ אָן נַארְפִּינְקְלֶען אַז עֶר הָאט זִי לִיעבּ, פַארְגֶעסֶען אַז זִי איז נָאךְ יוּנְג, שֶׁאן, גֶעבִּילְדֶעט און הָאט נָאךְ פִּיעל אוֹיסְזִיכְטֶען זִי זָאל זַיין גְלִיקְלִיךְ. אִין דִי טְרוֹיעֶריגֶע מִינוּטֶען הָאט זִיךְ אִיהר אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז זִי איז שוֹין אַלְט, זִי הָאט שוֹין אִיהר יוּגֶענְד אָבְּגְעלֶעבְּט, זִי איז שוֹין אִיבְּרִיג אֲפִילוּ בַּיי אִיהרֶע עֶלְטֶערֶען אִין הויז, און עֶס איז שוֹין צַייט אַנְדֶערֶע אָבְּטְרֶעטֶען דֶעם וֶועג—נִיט שְׁטֶערֶען אוּמְזִיסְט יֶענֶעם, וָוארוּם יֶענֶע ווילְלֶען און דַארְפֶען אויךְ הָאבֶּען אַ יוּגֶענְד גְלֵייךְ מִיט אִיהר. אִין אַזֶעלְכֶע מִינוּטֶען איז זִי גֶעוֶועזֶען גְרֵייט אוֹיף אַללֶעס, אַבִּי נִיט זַיין מֶעהְר בַּיי אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן אִין הויז. אִין דֶער מִינוּט וֶוען עֶס וָואלְט מֶעגְלִיךְ גְעוֶועזֶען זִי זָאל וֶוערֶען אֶ כַּלָּה פַאר וֶועמֶען עֶס אִיז, נָאר אַבִּי וֶוערֶען אַ כַּלָּה, אַז זִי זָאל טַאקֶע אִין דָער מִינוּט חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אִיהם, און טַאקֶע אִין דֶער אַייגֶענֶער מִינוּט אַרוּיס פוּן אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען מִיט אִיהר מַאנְן וָואהְנֶען, אֲפִילוּ אִין אַ פָּאדְוַואל, אִין אַ קַאנוּרֶע, וָואלְט זִי זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר דִי גְלִיקְלִיכְסְטֶע אִין דֶער וֶועלְט.

חָאטְשׁ דִי עֶלְטֶערְן הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט גֶעהֶערְט און נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶס קוּמְט פַאר צְווִישֶׁען זֵייעֶרֶע טֶאכְטֶער. נָאר חַיִּים־ען הָאט זַיין פָּאטֶערְס הַארְץ אוֹיסְגֶעזָאגְט פַאר וָואס פְרַאנְיַא איז טְרוֹיעְרִיג, און אַיין מָאל וֶוען עֶר הָאט זִי גֶעפוּנֶען אִין אַזַא לַאגֶע, הָאט עֶר זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּשֶׁען און הַאלְזֶען.

—דוּ זָאלְסְט זַיין טְרוֹיעֶרִיג, פְרַאנֶעטְשְׁקֶע? דוּ זָאלְסְט זִיךְ רֶעכֶענְען פַאר אוּנְגְלִיקְלִיךְ, וֶוען אִיךְ לֶעבּ נָאךְ, וֶוען דוּ גֶעפִינְסְט זִיךְ בַּיי מִיר?! וַוייסְט דוּ דֶען נִיט, אַז דוּ בִּיזְט בַּיי מִיר קֵיין מָאל נִיט אִיבְּרִיג, אַז מַיין לֶעבֶּען, מַיין הָארְאוַואנְיֶע, אִיז נָאר פוּן דַיינֶעטְוֶועגֶען, אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעבֶּער פוּן אַללֶע מַיינֶע קִינְדֶער? וָוארוּם דוּ בִּיזְט בַּיי מִיר דִי עֶלְטֶערְסְטֶע דִי שֶׁאנֶערֶע, דִי וואוילֶערֶע, דִי קְלִיגֶערֶע! דוּ בִּיזְט מַיין קִינְד, דוּ בִּיזְט אויךְ מַיין טַייעֶרֶע חֲבֶרְטֶע, אִיךְ גִיבּ דִיר און וֶועל דִיר גֶעבֶּען אַללֶעס, וָואס גֶעהְט דִיר דֶען אָבּ וָואס דוּ הָאסְט נִיט? דַאכְט זִיךְ אִיךְ גִיבּ דִיר אַללֶעס, און פוּן קֵיין זַאךְ בְּרוֹיכְסְטוּ זִיךְ נִיט אָבּ צוּ זָאגֶען— הַיינְט צוּ־וָואס־זְשֶׁע דַארְפְסְט דוּ זַיין טְרוֹיעֶרִיג? וָואלְסְט דוּ דֶען זִיךְ נִיט בֶּעדַארְפְט פִּיהְלֶען גְלִיקְלִיךְ? זָאג מִיר אַדְרַבָּה וָואס פֶעהְלְט דִיר? בִּיזְט דוּ אֶפְשַׁר נִיט גֶעזוּנְד, און ווילְלְסְט מִיר נִיט אוֹיסְזָאגֶען? זָאג, זָאג דָאךְ מַיין לֶעבֶּען!

נִיט אַיין מָאל הָאט עֶר אִיהר אַזַא לִיעבְּשַׁאפְט אַרוֹיס גֶעוִויזֶען און גֶעבֶּעטֶען זִי זָאל אִיהם זָאגֶען וָואס אִיהר פֶעהְלְט, פַאר וָואס זִי איז טְרוֹיעֶרִיג, און זִי פְלֶעגְט אִיהם עֶנְטְפֶערְן, אַז זִי

איז נאָר נִיט טרויעריג זי איז געזונד, עס ווייזט זיך איהם נאָר אויס. זי פיהלט זיך גליקליך א. ז. וו., אונ קיין מאָל דעם אֱמֶת איהם ניט געזאָגט, נאָר איצטער האָט זי אַליין ניט באַמערקט. ווי זי האָט אָנגעהויבען אַרויס רעדען פאַר איהם איהר ריין האַרץ.

—טייערער פאַטער! איך פיהל אונ ווייס. ווי גליקליך איך בין. וואָס גאָטט האָט מיך געבענשט מיט אַזוינע טייערע עלטערען, מיט אַזא געטריינען פאַטער ווי דו. איך ווייס אַז איך בין דיר קיין מאָל ניט איבריג, אונ ווילסט מיר מיט פרייד אַוועק געבען דיין גאַנץ לעבען פון דער לעצטער נשמה. נאָר טייערער פאַטער, אַללעס קענסט דו מיר געבען, נאָר ניט קיין מזל; אַללעס קענסט דו מיר געבען—נאָר ניט אַזא זאַך איך זאָל מעהר ניט דאַרפען זיין אין דיין הויז.

אין מיין הויז! וואָס העֶר איך? דו באַלײדיגסט מיך! אין מיין הויז ווילסט דו ניט זיין.

—איך ווילל זיין, נאָר איך קען מעהר ניט אונ טאָר טאַקע מעהר ניט זיין אין דיין הויז.

—דו ווילסט ניט? דו טאָרסט ניט? איבער וועמען? ווער איז אין דעם שולדיג? ווער לאָזט דיך ניט זיין? ווער מאַכט דיר שווער ביי מיר אין מיין הויז—אין ביין הויז מיין איך, מיינס איז דיינס!

—פאַטער! דו ביזט ניט אַליין אונ איך אויך ניט אַליין

—וואָס הייסט?

—דו האָסט קיין רעכט ניט צו זאָגען אַז דיינס איז מיינס, דו האָסט נאָך קינדער, איך האָב נאָך שוועסטער, זיי ווילען אויך זיין יונג, זיי ווילען אויך לעבען.

—איך פאַרשטעה ניט. וואָס הייסט? זיי האָבען רעדן ניט ביי מיר אַללעס וואָס דו? זיי שטערען דיר אין מיין הויז? אַ! זיי האָבען דיר עפּיס געזאָגט, געקריגט זיך מיט דיר, זאָג מיר באַלד!

—זיי האָבען מיר גאָר ניט געזאָגט, אונ מיר האָבען זיך גאָר ניט געקריגט, ניין פאַטער, ניט זיי שטערען מיר, נאָר איך זיי. איך האָב קיין שום רעכט ניט זיי אין וועג צו שטעהן. עס איז שוין פון מיר אַ יושר זיי אָבטרעטען דעם וועג, צו מיר אין זייערע יאָהרען האָבען זיך שוין לאַנג געשדכנט חתנים, אונ זיי מוזען צו ליעב מיר אַלץ זיין גרויסע קינדער—מוזען זיין קינדער מיט אַ דערוואַקסענעם שכל,—קינדער מיט אַ האַרץ וואָס פיהלט אַ סך. ניין פאַטער! פאַרשטעה אַליין אַז ניט זיי זענען שולדיג, נאָר איך; איבער מיר רעכענען זיי זיך אפשר פאַר אונגליקליך, אונ האָבען פאָלקאָמען רעכט דאָס צו טראַכטען, אַפילו מיר די גרעסטע שונאים ווערען. ניין פאַטער! ניט אַללעס וואָס דו גיבסט מיר צוזאַמען מיט דיין גרויס ליעבשאַפט אונ געטריישאַפט קען מיר דער ווייל קיין גליק ניט געבען; ניט צו זיין אין דיין הויז איז איצט מיין איינציגער ווילען.

—דו ... מיין קינד ... ניט אין מיין הויז! ... האָט ער קוים אויסגערעדט אונ מעהר ניט געפונען קיין ווערטער וואָס צו ענטפערן אויף איהר אֱמֶת. ער האָט זי נאָר אַ סך

עקוּשְׁט אוּנ גֶעהַאלְזְט אוּנ אָהְן וָוארטֶער אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיהר. וִוי אַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער רֶעמֶער פָאטֶער וָואס זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען שְׁטֶעקְט נָאר אִין דִי קִינְדֶער אוּנ קֶען זַיי גָאר נִיט עבֶּען, מִיט גָאר נִיט הֶעלְפֶען, אֲפִילוּ נִיט מִיט קַיין טְרוּקְען שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, וָואס אָהְן עם קֶענֶען דִי קִינְדֶער אַיין טָאג וַוייטֶער נִיט לֶעבֶּען.

—חַנָּה דִי פְּרָאסְטֶע יוּדֶענֶע אִיז גֶערֶעכְט אוּנ פַארְשְׁטֶעהְט מֶעהְר וִוי חַיִּים דֶער עלֶערְנְטֶער מַאנְסְבִּיל- הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ— עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען אִיז זִי אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גֶערֶעכְט, י מוּטְטֶערְם מִיט אִיהְרֶע נַארִישֶׁע וַוייבֶּערְשֶׁע רֵייד זֶענֶען אַמָאל קְלִיגֶער פוּן דִי מַאנֶען מִיט ייעֶרֶע חָכְמוֹת... אוּנ עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ אוֹיף אִיהר גֶעבֵּייזֶערְט — אִיךְ קֶען עֶס ויר נִיט שֶׁענְקֶען!

## IX.

## נֶעכְטִיגֶען אַבֶּענְד.

נֶאכְטֶען הָאט זִיךְ חַיִּים גֶעבֶּאזֶערְט אוֹיף חַנָּה'ן אִיבֶּער דֶער דָאזִיגֶער מַעֲשֶׂה: זִינְט חַנָּה הָאט פַארְטְרַאכְט אָבְּשְׁפָּארֶען פוּן דֶער הוֹצָאָה אוֹיף־צוּ־קְלַייבֶּען גְרָן. הָאט זִי נִיט פַארְשְׁפֶּארְט נָאר פַארְקֶעהְרְט: דִי הוֹצָאָה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען גְרֶעסֶער אוּנ עֶס אִיז אִיהר אִיצְט גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער אוֹיסצוּקוּמֶען, חָאטְשׁ חַיִּים הָאט שׁוֹין פוּן אַ יָאהְר צְוַוייא אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֵיכֶערֶען טַאבַּאק.

אַיין חוֹדֶשׁ הָאט חַנָּה'ן גֶעפֶעהְלְט צוּ דֶערְצִיהֶען דִי הוֹצָאָה בִּיז אִין עֶרְשְׁטֶען, אוּנ זִי הָאט זִיךְ פַארְשׁוּלְדִיגְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל אִין דִי קְלֵייטְלֶעךְ וואו זִי הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעקוֹיפְט שְׁפַּייז מִיט דֶעם אוֹפֶן, אַז דֶעם „עֶרְשְׁטֶען", וֶוען חַיִּים וֶועט בְּרֶענְגֶען, זַיין זְשַאלָאוַואנְיֶע, זָאל זִי בַּאצָאהְלֶען, נָאר דֶעם צְוֵוייטֶען חוֹדֶשׁ הָאט זִי זִיךְ נָאךְ מֶעהְר פַארְשׁוּלְדִיגְט — אוּנ זִי הָאט וַוייטֶער גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם „עֶרְשְׁטֶען". פוּן דֶעם דְרִיטֶען חוֹדֶשׁ הָאט זִי זִיךְ נָאךְ מֶעהְר פַאר שׁוּלְדִיגְט, אוּנ וָואס וַוייטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עֶרְגֶער.

אִין דִי עֶרְשְׁטֶע חֳדָשִׁים אִיז אִיהר גֶעוֶועזֶען זֶעהְר שְׁוֶוער אַזוֹי פִיעל אָנְצוּבָּארְגֶען אוּנ לַייעֶן, וַוייל זִי גֶעדֶענְקְט גָאר נִיט אוֹיף אִיהר גַאנְץ לֶעבֶּען זִי זָאל אוֹיף אַזוֹי פִיעל זִיךְ פַאר־שׁוּלְדִיגֶען, נָאר כְּדֵי אִיהְר מַאנְן גִיט מְצַעֵר צוּ זַיין, הָאט זִי עֶס גֶעמוּזְט טְהוּן, אוּנ אַלְץ גֶעוַוארְט בִּיז אִין „עֶרְשְׁטֶען" דַאנְן וֶועט זִי זִיךְ אוֹיסצָאהְלֶען. מִיט אַזַא אוֹפֶן הָאט זִי זִיךְ צוּ־גֶעוָואהְנְט צוּ בָּארְגֶען אוּנ צוּ בָּארְגֶען.

דֶער חוֹב אִיז אָבֶּער אַזוֹי גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אַז מֶע הָאט אִיהר אוֹיפְגֶעהֶערְט וֶועלֶען בָּארְגֶען, אוּנ דִי שְׁוֶוערֶע נוֹיט הָאט חַנָּה'ן אוֹיסגֶעלֶערֶענְט, צוּ זָאגֶען, אַז זִי וֶועט דֶעם עֶרְשְׁטֶען אִין גַאנְצֶען בֶּעצָאהְלֶען אוּנ דֶער נָאךְ נִיט מְקַיֵּים זַיין, ד. ה. פְּרָאסְט: חַנָּה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערֶען אַ לִיגְנֶערִין, אוֹיס זָאגֶען אִיהר חַיִּים'ן, אִיז אִיהר גֶעוֶועזֶען זֶעהְר שְׁלֶעכְט. זִי הָאט גֶעוואוּסְט וִוי עֶר וֶועט זִיךְ דֶער שְׁרֶעקֶען, וֶוען עֶר וֶועט פְּלוּצִים דֶערְהָארֶען, אַז זִי אִיז שׁוּלְדִיג אַזוֹי פִיעל גֶעלְד. עֶס הָאט אִיהְר שׁוֹין בַּאנְג גֶעטְהוּן. פַאר וָואס זִי הָאט אִיהְם נִיט גֶעזָאגְט פְרִיהֶער— וֶוען זִי אִיז נָאךְ אַזוֹי פִיעל נִיט שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען. חַנָּה אִיז אַרוּם גֶעגַאנְגֶען וִוי אַ דֶער־שְׁלָאגֶענֶע אוּנ אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן, נָאר דִי לִיעבֶּע טַייעֶרֶע נוֹיט רֶעשֶׁעט אַללֶעס

בײַם מֶענְשֶׁען, וָואס דֶער מֶענְשׁ הָאט מוֹרָא אונ שְׁרֶעקְט זִיךְ צוּ טְהוּן, אונ אַז זי (דִי ,,נױט" מֵיין אִיךְ) קוּמְט נָאר אָן וָוערְט דֶער מֶענְשׁ אַ הֶעלְד. אונ טְהוּט אונ רֶעשֶׁעט אַלֶעס אָהְן אַ שׁוּם פַּחַד אונ שְׁרֶעקֶענִישׁ. דֶער קְרֶעמֶער הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אַז עֶר בְּאַרְגְט אִיהְר דָאס רֶעצְטֶע מָאל, אונ טָאמֶער וֶועט זִי דֶעם ,,עֶרשְׁטֶען" נִיט בַּאצָאהְלֶען וֶועט עֶר אִיהר מַאנֶען די גַאס נִיט דוּרְךְ־לָאזֶען, אונ חַנָה הָאט זִיךְ בַּאלְד פֶּעסְט גֶערֶעשֶׁעט:

—אִיךְ וֶועל אִיהם זָאגֶען, אוֹיס זָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֶמֶת! אונ וָואס הָאבּ אִיךְ דָא מוֹרָא, וָואס אִיז? אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶען פַארְשׁוּלְדִיגְט אִיבֶּער מִיר, דָאס גֶעלְד אִיז דֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוֹיף מִיר? אֵיין גָאטט וַוייס דֶעם אֶמֶת אונ חַיִים מִיט דִי קִינְדֶער מַיינֶע ווייסֶען עֶס זֶעהְר גוּט. אַז אִיךְ פַּארְגִינְן אוֹיף זִיךְ נִיט קֵיין אֵיינְצִיגֶען גְרָאשֶׁען, מַיין מֶענְטֶעלֶע, גָאטט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִי רֵייד, וָואלְט קֵיינֶער שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעטְרָאגֶען, אונ אִיךְ טְרָאג עֶס נָאךְ, אונ וויפִיעל חַיִים מִיט דִי קִינְדֶער בֶּעטֶען מִיךְ עֶס אִיז שׁוֹין צֵייט אִיךְ זָאל זִיךְ מַאכֶען אַנֵייעס, קֶענֶען זֵיי בַּיי מִיר נִיט פוֹיעֶלֶען. נַארִישֶׁע קִינְדֶער, זֵיי מֵיינֶען אַז אִיךְ ווילל נִיט! אִיךְ וָואלְט בֶּוַדַאי גֶעוָואלְט. עֶס פְלַאמְט מִיה שׁוֹין דָאס פָּנִים טְרָאגֶענְדִיג דִי אַלְטֶע שְׁמַאטֶע; נָאר וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, אַז קֵיינֶער ווייסְט נִיט מַיינֶע צָרוֹת. אַז אִיךְ הָאבּ נִיט פוּן וַואנֶען אונ בִּין אַזוֹי פִיעל שׁוּלְדִיג אִין דִי קְלֵייטֶען! בֶּעסֶער וֶועל אִיךְ פַאר דֶעם גֶעלְד אָבּ־גֶעבֶּען אַ חוֹב, וֶועל אִיךְ חָאטְשׁ אַיינֶעם מִיט עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל ווינְצִיגֶער שׁוּלְדִיג זַיין. פוּן מַיין אַלְט מֶענְטֶעלֶע פְלַאמְט מִיר נָאר אַיין מָאל דָאס פְּנִים, אונ אַז יָענֶער מָאנְט מִיךְ אונ אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט צוּ גֶעבֶּען, פְלַאמְט מִיר צֶעהְן מָאל דָאס פָּנִים. —

אונ טַאקֶע גֶעבְּטֶען אַבֶּענְדס פַאר דֶעם שְׁלָאף הָאט זִי אִיהם גְלֵייךְ אוֹיסגֶעזָאגְט אַז זִי אִיז שׁוּלְדִיג חוֹבוֹת בִּיז צְווייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל! חַיִים הָאט זִיךְ אָנְגֶעכַאפְּט בַּיים קָאפּ, זִיךְ שְׁטַארְק גֶעבֶּאזֶערְט. חַנָה הָאט אִין אִיהְר גַאנְץ לֶעבֶּען אַזוֹי פִיעל נִיט גֶעהֶערְט פוּן אִיהם, נָאר פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הָאט זִי אַ וָוארְט נִיט גֶעעֶנְטְוֶוערְט. אַלֶץ גֶעשְׁווִיגֶען, אונ זַיין גַאנְצֶען כַּעַס פַאר לִיעבּ אָנְגֶענוּמֶען, ווִי אַ פֶערְבְּרֶעכֶער וֶוען עֶר הֶערְט זַיין גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט.

חַיִים הָאט זִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בֶּאזֶערֶען אונ בְּאוֶערֶען. בִּיז עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער גֶעבֶּאזֶערְט אונ אַבִּיסֶל שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען.

—נָאר... נָאר, זָאג מִיר ווִי אַזוֹי אונ אִיבֶּער וָואס הָאסְט דוּ זִיךְ גֶעקֶענְט פַאר שׁוּלְדִיגֶען צְווייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל? — צְווייא הוּנְדֶערְט רוּבִּיל אִיז נִיט קֵיין גְרָאשֶׁען! אונ אִיךְ הָאבּ גֶערֶעכֶענְט אַז דוּ פַארְשְׁפָּארְסְט, צוּם סוֹף ... וָואס שְׁווייגְסְט דוּ? זָאג מִיר חָאטְשׁ פוּן וַואנֶען הָאט זִיךְ בַּיי דִיר אָנְגֶעקְלִיבֶּען אַזַא חוֹב?

— פוּן וַואנֶען? גְלוֹיבּ מִיר, חַיִים, אַז אוֹיף מִיר הָאבּ אִיךְ אֲפִילוּ אַ הַאלְבֶּען גְרָאשֶׁען נִיט אוֹיסגֶעבְּרַאכְט, נָאר אוֹיף דֶער שְׁטוּב, דִי הוֹצָאָה אִיז גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען.

—פַאר וָואס גְרֶעסֶער? עֶס אִיז אוּנְז דֶען קִינְדֶער צוּ גֶעקוּמֶען? צִי וָואהְנֶען מִיר דֶען אִין גְרֶעסֶערֶע צִימֶער! לֶעבֶּען מִיר דֶען שֶׁענֶער? דַאכְט זִיךְ עֶרְגֶער! אֲפִילוּ אַ נֵייעַ מֶענְטֶעלֶע קֶענְסְט דוּ דִיר דִי גַאנְצֶע צֵייט נִיט מַאכֶען. וֶוען אִיז דָאס גֶעוֶועזֶען בַּיי מִיר. אַז דוּ זָאלְסְט זִיךְ דַארְפֶען עֶפֶּעס מַאכֶען אונ זָאלְסְט נִיט קֶענֶען בַּאלְד מַאכֶען? אִיךְ הָאבּ אַלֶץ גֶערֶעכֶענְט, אַז דוּ מַאכְסְט זִיךְ נִיט קֵיין מֶענְטֶעלֶע נָאר דֶער פַאר, ווייל דוּ ווילְסְט פַאר שְׁפָּארֶען, טְרַאכְט

איךְ זיךְ־לָאז זַיין. וָואס טְהוּט מֶען נִיט פוּן קִינְדֶער וֶועגֶען? צוּם סוֹף וָאלְסְט דוּ נָאךְ שׁוּלְדִיג זַיין צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבִּיל? סְטַייטְשׁ, צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבִּיל! ווִי קוּמְט צוּ אוּנְז אַזאַ הוֹב! אוּנ אִיבֶּער וֶועלְכֶער הוֹצָאָה? צְוַויי הוּנְד...

—אִיךְ מֵיין דֶער פַאר אִיז גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען דִי הוֹצָאָה, וַוייל מִיר דַארְפֶען טְרַאכְטֶען ווִי אַ קִינְד חֲתוּנָה מַאכֶען...

—דָאס פַארְשְׁטֶעה אִיךְ גָאר נִיט—אַ הַאלְב וָוארְט פַארְשְׁטֶעה אִיךְ נִיט! מִיר הָאבֶּען נָאךְ נִיט חֲתוּנָה גֶעמַאכְט. קֵיין אֵיידֶעם אִין שְׁטוּב הָאבֶּען מִיר נָאךְ נִיט אוּנ דִי הוֹצָאָה אִיז שׁוֹין גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען! קֵיין גַארְדֶערָאבֶּע צוּ דֶער חֲתוּנָה הָאסְט דוּ דַאכְט זִיךְ נָאךְ אוֹיךְ נִיט גֶעמַאכְט, פַאר וָואס־זְשֶׁע אִיז דִי הוֹצָאָה גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען?

—דוּ וַוייסְט גַאנְץ גוּט, אַז מֶע הָאט דֶערְוַואקְסֶענֶע טָאכְטֶער מוּז אוּנְזֶער הוֹיז זַיין אָפֶען פַאר יֶעדֶען, אוּנ אַיין אָפֶען הוֹיז קָאסְט גֶעלְד.

—דוּ מֵיינְסְט דִי גֶעסְט וָואס קוּמֶען צוּ אוּנְז? אַז מֶע קֶען נִיט דַארְף מֶע נִיט קֵיין גֶעסְט, גֶעסְט זֶענְען נָאר פַאר גְבִירִים גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען.

—וָואס־זְשֶׁע זָאל אִיךְ טְהוּן, אַז מֶע קוּמְט צוּ אוּנְז? אוּנ גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטט דֶערְפַאר! פִיעל עֶרְגֶער אִיז אַז מֶע הָאט אַ דֶערְוַואקְסֶענֶע טָאכְטֶער אוּנ קֵיין יוּנְגֶער מַאנְן פַארְשְׁמֶעקְט נִיט אִין הוֹיז אַרַיין. אַז קֵיין שַׁדְכָנִים גֶעהֶען נִיט צוּ אוּנְז, דַארְפֶען חָאטְשׁ דִי גֶעסְט זַיין בַּיי אוּנְז בִּייעֶר; פוּן דֶער גַאס קֶען מֶען דָאךְ קֵיין חֲתָנִים נִיט חַאפֶּען.

—נָא, אוּנ אִיבֶּער דִי יוּנְגֶע לַייט וָואס זֶענֶען בֶּעקַאנְט מִיט פְרַאנְיַא׳ן אִיז גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען דִי הוֹצָאָה?

—פַארְשְׁטֶעהְסְט זִיךְ; עֶס הוֹיבְּט זִיךְ דַאכְט זִיךְ אָן נָאר פוּן אַ זִיס גְלֶעזֶעל טְהֶעע, אוּנ יֶעדֶען אַבֶּענְד קָאסְט דָאס גְלֶעזֶעל טְהֶעע אַגַאנְצֶען רוּבִּיל, אַמָאהְל נָאךְ מֶעהְר, טְהֶעע אַלֵיין פַאסְט נִיט צוּ גֶעבֶּען, מוּז זַיין דֶער צוּ עֶפִּים, אוּנ עֶפִּים קָאסְט אוֹיךְ גֶעלְד. אֵיינֶער וֶוערְט גָאר הוּנְגֶערִיג, מוּז מֶען אַוַודַאי עֶפִּים גֶעבֶּען עֶסֶען, אוּנ דֶער לַאנְגֶען צוּם טִישׁ אַז דָאס פָּנִים זָאל נִיט שְׁוַוארְצֶען, אוּנ אַז „דָאס פָּנִים זָאל נִיט שְׁוַוארְצֶען״ קָאסְט בְּוַדַאי גֶעלְד, דֶער וַוייל אִיז מֶען דָאךְ אַלֵיין אוֹיךְ מֶעהְר נִיט ווִי לֶעבֶּעדִיגֶע מֶענְשֶׁען—וֶוען מֶע פַאר זִיצְט זִיךְ שְׁפֶּעט וֶוערְד מֶען אוֹיךְ הוּנְגֶערִיג. אַזוֹינֶע זַאכֶען קֶען מֶען נִיט פַארְשְׁפָּארֶען, חַיִים. פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען אִיז גָאר אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ פֶערְשְׁפָּארֶען, וָואס מֶע מוּז—מוּז מֶען, ווִי עֶס אִיז אוּנְז שְׁוֶוער—ווִי קֶען מֶען אַנְדֶערְשׁ מַאכֶען? — מֶע מוּז אַלֶּעס לַיידֶען בִּיז אַצַייט, וָואס דֶען טְהוּט מֶען נִיט צוּ לִיעבּ קִינְדֶער וֶוען מֶע דַארְף זַיי חֲתוּנָה מַאכֶען?

—לָאז מִיךְ צוּ רוּהֶע; פוּן דִי אַלֶּע יוּנְגֶע לַייט וֶועט גָאר נִיט וֶוערֶען! —הָאט חַיִים אַ זִיפְץ גֶעטְהוּן אוּנ אַוֶועק־גֶעמַאכְט מִיט דֶער הַאנְד—וִויפִיעל חֳדָשִׁים לַאנְג הָאט זִינְגֶער בַּיי אוּנְז גֶעפְרֶעסֶען אוּנ גֶעזָאפֶען, דָאס לֶעצְטֶע הָאט מֶען אִיהם אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען אוּנ אַלֵיין הָאט מֶען גֶעדַארְט. דוּ הָאסְט דֶערְנָאכְמָאל אוֹיךְ גֶעזָאגְט: וָואס טְהוּט מֶען דֶען נִיט צוּ לִיעבּ קִינְדֶער, וֶוען מֶע דַארְף זַיי חֲתוּנָה מַאכֶען״.

—וָואס־זְשֶׁע דֶען קֶען אִיךְ טְהוּן? אִיךְ זָאל חָאטְשׁ הָאבֶּען עֶמִילִיבֶּע טוֹיזֶענְט גֶעבֶּען נְדָן

וואָלט איך געזאָגט די שדכנים וואָלטען זיי געֶרעדט שידוכים. אז קיין געלד האָב איך ניט, מוז איך דאָך חאָטש שאָן אויפנעהמען די יונגע לייט. סאָמער וועט טאַקע באמת נאָכ הערקאָפען. —

—אונ דערווייל איז שלעכט—אַ נייער גרויסער בעל חוב בין איך הייינט!

—אוודאי שלעכט, חיים. נאָר וואָס קען מען טהון?

נאָך אַסך קרעכצען אונ זיפצען זענען זיי טרויריג אונ שווער גנבשלאָפען געוואָרען.

—אַנייער בעל חוב! אונ אפשר אַ נייער אַנגעצער איז איצט אַנטשלאָפען געוואָרען. — ווער ווייסט?

*

אין דער צווייטער ספּאָלטע, וואו די קינדער זענען געשלאָפען, איז פראַניא געוועזען זייער פרעהליך. הייגטיגען אבענד האָבען זיי גוט פאַרבראַכט, גאַרפינקעל אונ שטיינפינקעל מיט נאָך עטליכע בעקאַנטע יונגע לייט האָבען ביי זיי ביי טהעע פערבראַכט דעם גאַנצען אבענד. גאַרפינקעל איז געוועזען זעהר פרעהליך, אונ שאָנער ווי אַללע אבענד, מע האָט געלאַכט, געטאַנצט אונ געשפּרונגען, פראַניא האָט זיך איצט מעהר פאַרזיכערט, אַז גאַרפינקעל האָט זי ליעב מיט זיין גאַנץ לעבען.

מאַניא אונ סאָניא זענען פון הייינטיגען אבענד אויך געוועזען צופרידען, פראַקט דער פאַר וואָס זיי האָבען זעהר גוט פאַרבראַכט די צייט, אונ גערעדט אונ געשמועסט האָבען מיט זיי די יונגע לייט מעהר ווי תמיד.

—אָ, ווען פראַניא זאָל מיר ניט שטעהן אין וועג! האָט מאַניא געטראַכט.

—אָ, ווען ניט מיינע עלטערע שוועסטער, וואָלט איך מאָרגען אָנגעטהון אַלאַנג קלייד. פע דאָס קורצע קליידעל! איך קען שוין דערוויף ניט קוקען! האָט געטראַכט סאָניא.

—ער האָט מיך ליעב!... האָט פראַניא ניט אויפגעהערט צו טראַכטען. מיט די געדאַנקען זענען די דריי שוועסטער זיס אַנטשלאָפען געוואָרען מיט אַ גרינגען שלאָף;

## X.

## גאַרפינקעל אונ שטיינפינקעל.

עס איז שוין געוועזען צוועלף ביי טאָג ווען גאַרפינקעל האָט אויף־געעפענט די אויגען, זיך אויסגעצויגען מיט אַזויגע הויכע לאַנגע גאַהנעצען, אַז דאָס מויל האָט זיך איהם שיער צוריסען, אונ שטיינפינקעל וואָס איז געשלאָפען קעגען איהם האָט זיך אויפ־געחאַפּט, אונ ליגענדיג אַזוי דערלאַנגט צו פינקעלשטייגען אַ פוס, אַז גאַרפינקעל האָט זיך ווי איין אבגעבריהטער אויפגעזעצט.

—וואָס הרגיתם דו זיך?

—איך האָב דיר טויזענט מאָל געזאָגט, אַז פון אַזויגע פריהמאָרגענדיגע ויהגעצען וועל איך סוף כל סוף טויב ווערען.

—האָסט אַ טָעוּת, עֶס אִיז נִיט קֵיין פְּרִיה מָארְגֶענְדְרִינְג גֶאהְנֶעצֶען, אִין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע עֶסְט מֶען שׁוֹין בַּאלְד מִיטָטָאג; שׁוֹין נָאךְ צְוֶועלְף—אוּנ גַארְפִינְקֶעל הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען נָאךְ בְּרֵייטֶער צִיהָען דָאס מוֹיל אוּנ אַרוֹיסְלָאזֶען נָאךְ הוֹיכֶערֶע מְשׁוּנֶה׳נֶע קוֹלוֹת אִין פֶערְשִׁידֶענֶע מָאנֶער. שְׁטֵיינְפִינְקֶעל הָאט זִיךְ מִיט דִי הָאנְד פַארְשְׁטֶעלְט דִי אוֹיעֶרֶען.

—נַא דִיר מַיין שְׁלִיכֶעלֶע אוּנ גֶעהֶע צוּ מַיין טְשׁוּמֶעדַאן, דָארְטֶען אוּנְטֶען לִיגְט אַ קֶעסְטְעלֶע, דָארְטֶן אִין אַ שְׁטִיקֶעל פַּאפִּיֶער וֶועסְט דוּ גֶעפִינֶען וַואטֶען, אָבֶער וַואטֶען זָאג אִיךְ דִיר, שְׁטֵיינְפִינְקֶעל. אַנְטִיטְשֶׁנֶע וַואטֶען, אַפְּטֶעטְשְׁנֶע וַואטֶען, הָאטְשׁ גְלַייךְ אִין אוֹיעֶר אַרַיין־צוּ־לֵייגֶען! אָט דִי דָאזִיגֶע וַואטֶען זָאלְסְט דוּ אַרַיין לֵייגֶען אִין דִי אוֹיעֶרֶען, וֶועסְט דוּ פַּארְשְׁפָּארֶען צוּ־הַאלְטֶען מִיט דִי הָאנְד.

נָאר אַנְשְׁטָאט וַואטֶען הָאט שְׁטֵיינְפִינְקֶעל גֶענוּמֶען זַיין שְׁטִיוֶועל אוּנ מִיט דֶער חָאלֶעוֶוע אָנְגֶעהוֹיבֶּען צֶעהֶלֶען אוֹיף גַארְפִינְקֶלֶען. גַארְפִינְקֶעל אִיז אַרָאבּ פוּן בֶּעט אוּנ זִיךְ בֶּעשִׁיטְצְט מִיט אַצְוֵייטֶען שְׁטִיוֶועל, דִי קְלֵיינֶע מִלְחָמָה הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דֶער מִיט, אַז מֶע הָאט זִיךְ בֵּיידֶע בְּשָׁלוֹם גֶענֶעצְט אִין אֵיין בֶּעט אוּנ אָהְן וֶוערְטֶער גֶעקוּקְט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען וִוי אַלְטֶע גוּטֶע בְּרִידֶער.

—נָא, וָואס זִיצֶען מִיר וִוי גוֹלְמִ׳ם? עֶס אִיז שׁוֹין צַייט דַאכְט זִיךְ אוֹיף־צוּ־שְׁטֶעהְן!—הָאט שְׁטֵיינְפִינְקֶעל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען.

—וָואס אַ אַרְט דִיךְ אַז מִיר זִיצֶען? דֶערוּ״ף זֶענֶען מִיר דָאךְ אִין דֶער פְּרָאוִוינְצְיֶע—אַךְ פְּרָאוִוינְצְיֶע, דוּ טַייעֶרֶע, לִיבֶע, זִיסֶע פְּרָאוִוינְצְיֶע!—אָט אַ לֶעבֶּען!—אָט וואו דָאס אֶמֶת׳עֶ לֶעבֶּען אִיז! בַּיי אוּנְז אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט. אַ לֶעבְּט מֶען דֶען?—בַּיי מִיר הָאט גַאנְץ...אַ פָּנִים וִוי אֵיין גְרוֹיסֶע קְרֶעטְשְׁמֶע, אַ גְרוֹיסֶער טְרַאקְטִיר, אַגְרוֹיסֶע חַארְטְשֶׁעוְונְיֶע—אוּנ מֶע לֶעבְּט מַאקֶע דָארְט וִוי אִין אַ קְרֶעטְשְׁמֶע. קֵיינֶער הָאט נִיט זַיין הוֹיז, זַיין שְׁטִיקֶעל אֶרְט, אֲפִילוּ נִיט זַיין בֶּעט אוֹיף צוּ שְׁלָאפֶען. דִי גַאנְצֶע הָארָאוַואנְיֶע, דָאס גַאנְץ גֶעלְד וָואס דוּ פַארְדִינְסְט, גֶעהֶעט אַוֶועק אִין דֶער סְטָאִיקֶע (בּוּפֶעט) פַאר אַ בּוּלְקֶע, אַ טְרוּנְק בְּרַאנְפֶען מִיט אַשְׁטִיקֶעל פַארְדַארְטֶע קִישְׁקֶע, אוּנ אַז עֶס בְּלַייבְּט נָאךְ עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אִין קֶעשֶׁענֶע גִיט מֶען אַוֶועק דִי בַּאלַאלַאיְקֶעס, דִי פָאקוּסְנִיקֶעס, דִי טָאנְצֶערְס, זִינְגֶערִינְס, שְׁפְּרִינְגֶערִינְס וָואס טוּפֶּען, קְלַאפֶּען אִין דֶער גְרוֹיסֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, דֶעם עוֹלָם פְרֶעהְלִיךְ צוּ מַאכֶען—אַזוֹי גֶעהְט אַוֶועק דָאס לֶעבֶּען בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, אוּנ דֶער נָאךְ וִוי שְׁלָאפְט מֶען? וִוי רוּהְט מֶען זִיךְ אָב פוּן דֶעם פַארְשַׁאדֶעטֶען קְרֶעטְשְׁמַארְסְקִי לֶעבֶּען?—נִיט יֶעדֶער אוֹיף זַיין בֶּעט וִוי מֶענְשֶׁען! נָאר דֶער אוֹיף אַ טִישׁ, דֶער אוֹיף אַ בַּאנְק, דֶער זִיצֶענְדִיג אוֹיף אַ בֶּענְקִיל א. ז. וו., אוּנ אַז דוּ פַאר חַאפְּסְט שׁוֹין יָא אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אַ שְׁטִיקֶעל אָרְט, בִּיזְט דוּ נִיט זִיכֶער, אַז אֵיין אַנְדֶערֶער זָאל צוּ דִיר נִיט אַרַיין קְרִיכֶען מִיט דִי פִיס, אָדֶער דִיךְ אִין גַאנְצֶען אַרָאבּ־וַוארְפֶען פוּן דַיין גֶעלֶעגֶער עֶרְגִיץ אוּנְטֶער אַ טִישׁ אוּנ אַלֵיין זִיךְ לֶעגֶען אוֹיף דַיין אָרְט—הֵייסְט דָאס אַ לֶעבֶּען? אִין דֶער פְּרָאוִוינְצְיֶע הָאט יֶעדֶער זַיין הוֹיז, זַיין פַאמִילְיֶע, זַיין בֶּעט, אוּנ קֵיינֶער שְׁטֶערְט נָאר נִיט זַיין הוֹיזְלִיךְ—פַאמִילְיֶען־לֶעבֶּען; יֶעדֶער לֶעבְּט פַאר זַיין פַאמִילְיֶע, זַיין גַאנְצֶע הָארָאוַואנְיֶע, זַיין גַאנְץ גֶעלְד גֶעהֶעט נָאר אַרַיין אִין זַיין פַאמִילְיֶע, עֶסְט פוּן דַיין קִיךְ אוּנ טְרִינְקְסְט פוּן דַיין קְוָואל...

—וַואס הָאסְט דוּ זִיךְ פְּלוּצִים צוּ רֶעדְט דֶער פוּן.

נָאר נִיט פְלוּצִים, נָאר וָואס מֶעהְר אִיךְ קוּם צוּ דִי פְרַיידְקִינְזָאהְנִם אִין הוֹיז: טָעהְר טְרַאכְט אִיךְ דֶער פוּן, וָואס פַאר אַ לֶעבֶּען עֶס אִיז אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶאדְט אוּנ אִין דֶער פְּרָאוִוינְצְיֶע: עֶרְשְׁט גֶעבְּטֶען וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דִי פְרַיידְקִינְזָאהְנִם, הָאבּ אִיךְ אַ גַאנְצֶע שָׁעה פַאר דֶעם שְׁלָאף גֶעטְרַאכְט אַז אִין א וֶועסְט דוּ נִיט גֶעפִינֶען אַזוֹינֶע פְרַיילַיין חִי אִין דֶער פְּרָאוִוינְצְיֶע—דָארְט זֶענֶען זֵיי עֶפִּים אַללֶע לַאנְג, מִיט אַ הַאלְבּ טוּטֶען פָּנִים אוּנ דִישְׁלֶעוַואטֶע, דֶער צוּ אַיינְס פוּן דִי צְוַויי, אָדֶער רֶעוְומַאטִיזְים אִין דִי פִים אָדֶער אַ מַאגֶענְ־קַאטַאר.

—אוּנ דִי דָארְטִיגֶע יוּנְגֶע לַייט זֶענֶען דֶען נִיט אַזוֹי?

—עָרְגֶער, נָאר אִיךְ רֶעד נִיט פוּן זֵיי, אִיךְ זָאג נָאר אַז עֶס אִיז קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס זֵיי זֶענֶען אַזוֹי—פוּן אַזַא קְרֶעטְשְׁמַארְסְקֶע לֶעבֶּען קֶענֶען קַיין גֶעזוּנְדֶערֶע קִינְדֶער נִיט גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען. אַדְרַבָּה קוּק זִיךְ צוּ צוּ דִי א—ער פְרַיילַיין, וֶועסְט דוּ חוּץ אַ שֶׁאן מוֹיל צוּם רֶעדֶען אוּנ דֶער בַּיי צוּ־הוּסְטֶען [קָאשְׁלֶען] אוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁפְּרַאךְ—וֶועסְט דוּ מֶעהְר נִיט גֶעפִינֶען.

—פוּן הֶעסְט וֶועגֶען הָאבֶּען מִיר אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרג גֶעזֶעהֶען גֶענוּג גֶעזוּנְדֶע יוּנְגֶע לַייט אוּנ שֶׁאנֶע גֶעזוּנְדְטֶע פְרַיילַיין.

—וֶוער זָאגְט דִיר נַיין? נָאר זֵיי זֶענֶען גֶעוִוים נִיט קַיין גֶעבּוֹירֶענֶע אָ־עֶר נָאר נִיט לַאנְג אָנְגֶעקוּמֶענֶע פוּן דֶער פְּרָאוִוינְץ, אוּנ הָאבֶּען נָאךְ זַאפַּאס פוּן דֶעם פְּרָאוִוינְצִיַאלִישֶׁען לֶעבֶּען, דְרוּם זֶעהֶען זֵיי הֶער וַוייל נָאךְ אוֹים אַזוֹי פַיין

—נָאר אִיךְ פַארְשְׁטֵעה פָארְט נִיט, צוּ וָואס הָאסְט דוּ זִיךְ פְלוּצִים צוּ־דַרְשֶׁעט דֶער פוּן? גֶעפֶעלְט דִיר נִיט א—עֶר פְרַיילַיין, וֶועסְט דוּ נָאךְ זֵיי נִיט אוֹחַאזְשֶׁעוֶוען. נִיט זַיינֶע פוּן זֵיי וֶועט דִיךְ בַּיי דִי פָאלֶעם נִיט שְׁלֶעפֶּען.

—דַארְף מֶען נִיט!

—נָא, אִיז בְּוַדַאי רֶעכְט, צוּ וָואס־זְשֶׁע דַארְפְסְט דוּ זִיךְ קְרִיגֶען מִיט דֶער שְׁטָאדְט *N*, חָעוֶען נָאךְ קַאנִיקוּל דַארְפְסְט דוּ צוּרִיק אַהִין פָאהְרֶען?

— דֶער אֶ מֶ ת אִיז אָבֶּער אַזוֹי. דְרוּם רֶעד אִיךְ—הָאט גַארְפִינְקֶעל שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען וִוי זַיין שְׁטֵייגֶער אִיז שְׁפְּרִיטְצֶען דָאס וָוארְט „אֶ מֶ ת" מִיט פַייַער.

—קִיהְל זִיךְ אָב!

—אִיךְ בִּין שׁוֹין אָבְּגֶעקִיהְלְט אוּנ זָאג דִיר אַז אִיךְ פִיהְל אוּנ זֶעהֶע דָאס אֶמֶתֶע לֶעבֶּען נָאר אִין קַאנִיקוּל, וֶוען אִיךְ בִּין אִין דֶער פְּרָאוִוינְצְיֶע, דָא פַארְבְּרֶענְג אִיךְ בֶּאֱמֶת גוּט דִי צַייט. וָואס קֶען נָאךְ זַיין אַבֶּעסֶער פֶערְגְנִיגֶען וִוי פַארְבְּרֶענְגֶען צְווִישֶׁען אַזוֹינֶע פְרַיילַיין וִוי דִי פְרַיידְקִינְזָאהְנִם אוּנ נָאךְ מֶעהְר—וִוי דִי עֶלְטֶערֶע פְרַאנְיָא? אָ וִוי פִיעל לֶעבֶּען זֶעהְט מֶען אִין אִיהְרֶע אוֹיגֶען אִין אִיהר יֶעדֶע בֶּעוֶועגוּנְג, וִוי אִיז זִי אִין גַאנְצֶען שֶׁאן אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען חָאס פַאר אַ גֶעזוּנְדֶע, שֶׁאנֶע פַארְבּ אִין אִיהר גֶעזִיכְט! וָואס פַאר אַ הָאָר! וָואס פַאר אַ טַאלְיֶע! וואוּ זֶעהְט מֶען נָאר אַזוֹינֶע פְרַיילַיין אִין *N*? —דָארְטֶען טַאנְצְסְט דוּ גָאר נִיט מִיט קַיין פְרַיילַיין, נָאר מִיט שְׁטַארְקֶע הָארְטֶע, אַיְיזֶערְנֶע אוּנ שְׁטָאהְלֶענֶע קָארְסֶעטְן:

—אויב אַזוי, בְּרוּדֶער, אַז פְּרַאנְיַא גֶעפֶעלְט דִיר יָא אַזוי, הָאבּ חֲתוּנָה פַאר אִיהר! ־ז ווִיקְסְט דָאךְ חֲתוּנָה הָאבְּן בַּאלְד ווֶען דוּ ווֶעסְט עֶנְדִיגֶען, ווֶער דֶער תַּייל אַ חָתָן אָדֶער ־בּעט זִי וַוארְטֶען.

—חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר פְּרַאנְיַאן קֶען אִיךְ נִיט.

—פַאר וָואס? זִי אִיז דָאךְ גֶעבִּילְדֶעט, קְלוּג אוּנ מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת. קַיין פֵּיינֶערֶע פְרוֹי קֶענְסְט דוּ זִיךְ גָאר נִיט ווִינְשֶׁען.

—אֱמֶת: נָאר אִיךְ קֶען נִיט אוּנ טָאר טַאקֶע נִיט פַאר אִיהר חֲתוּנָה הָאבֶּען.

—פַאר וָואס?

—זִי הָאט נִיט קַיין נַדָן.

—פָאדְלִיֶעץ!

—נִיט קַיין פָּאדְלִיעֶץ.

—בִּיסְט דוּ אַ מֶערְזַאוֶועטְץ!

—אֲפִילוּ נִיט קַיין מֶערְזַאוֶועטְץ.

—נוּ, בִּיסְט דוּ וָואס אִין דֶער קָארְט!

—אויךְ נִיט.

—וָואס—זְשֶׁע דָען?

—נִיט קַיין יוּנְגֶעל, ווִי דוּ, נָאר אַ פְּרַאקְטִישֶׁער מֶענְשׁ!

שְׁטֵיינְפִינְקֶעל הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אויף אִיהם מִיט א פוּלל מוֹיל זִידְ רַיי. נָא רֵינְקֶעל הָאט אִיהם אָבּ־גֶעהַאלְטֶען.

—קִיהל זִיךְ אויךְ אָבּ אוּנ הֶער אויס וָואס אִיךְ ווֶעל דִיר עֶרְקְלֶעהרֶען.

—נוּ?

—נֵיין, דוּ בִּיסְט נָאךְ הַיים גֶעבָּארֶען, כָּל־זְמַן דוּ ווֶעסְט נִיט ווֶערֶען קָאלְט ווִי אַייז, ווֶעל אִיךְ אַוָוארְט נִיט רֶעדֶען.

—שׁוֹין קַאלְט ווִי אַייז.

—שׁוֹין?

—אַייז—קַאלְט.

—נָא, הֶער־זְשֶׁע מִיט מוֹחַ, מִיט אוֹיעֶרֶען אוּנ לֶעג צוּ קָאפּ: נִיט דוּ בִּיסְט אֵיינֶער נָאר אַ סַךְ בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אוּנְז סְטוּדֶענְטֶען, גֶעלֶעהרֶענְטֶע לַייט, וָואס מִיר הָאבֶּען חֲתוּנָה גָאר פַאר דִי צְוַואנְצִיגֶער טויזֶענְטֶער רוּבִּיל. גֶעווִיס זָענֶען אִיהר אַלֶע גֶערֶעכְט, בֶּאֱמֶת דַארְף נִיט אַזוי זַיין. נָאר גֶעהט אַרַיין אִין אוּנְזֶער לַאגֶע, אָט לְמָשָׁל אִיךְ: אַ יָאהר פִיעֶר הָאבּ

אִיךְ גֶעלֶערְנְט אֵיידֶער אִיךְ בִּין אַרַיין אִין גִימְנַאזְיֶע, אַכְט יָאהְר זִיךְ גֶעוואַלְגֶערְט אִין גִימְנַאזְיֶע, פִינְף אוּנ אֶפְשַׁר זֶעקְס יָאהר וֶועט גֶעדויֶערֶען דֶער אוּנִיווֶערְזִיטֶעט, בס״ה אַכְצֶעהְן יָאהְר—ווִי פִיעל הָאבּ אִיךְ גֶעהוּנְגֶערְט, גֶעדָארְשְׁט, קֶעלְט גֶעלִיטֶען; ווִי פִיעל צָרוֹת אוּנ נוֹיט הָאבּ אִיךְ אִיבֶּער גֶעטְרָאגֶען אִין דִי אַכְצֶעהְן יָאהְר! וָואס וֶועל אִיךְ הָאבֶּען פַאר דִי אַכְצֶעהְן יָאהְר, פַאר מַיין יוּגֶענְד, פַאר מַיינֶע בֶּעסְטֶע יָאהְרֶען? — אַדִיפְּלָאם אוֹיף דָאקְטָאר מִיט אַיין אֵיינֶגֶעם מָאגֶען־קַאטְהַאר פוּן דִי וָואלְוֶועלֶע מִיטְטַאגְס! מִיט אַזוֹינֶע צְוֵויי זַאכֶען וָואס קֶען אִיךְ טְהוּן מִיט אַ פְרוֹי, ווֶען אִיךְ וֶועל בַּיי אִיהר קַיין סַךְ גֶרְן נִיט גֶעהְמֶען? טַאקֶע בֶּאֱמֶת, נָאךְ אַזוֹינֶע בִּיטֶערֶע אַכְצֶעהְן יָאהְר זָאל אִיךְ ווַייטֶער הוּנְגֶערֶען אוּנ ווִיסֶען פוּן נוֹיט, אוּנ דֶער צוּ נִיט אַלֵיין, נָאר מִיט אַ ווַייבּ אוּנ קִינְדֶער?

—וֶועסְט דָאךְ זַיין אַדָאקְטָאר! נָא, וֶועסְט דוּ זִיךְ פַאר דִינֶען גְלַייךְ מִיט אַלֶע אוּנ קֶענֶנען לֶעבֶּען גְלִיקְלִיךְ.

—הָאסְט אַ טָעוּת. אַ דָאקְטָאר וָואס זָאל פַארְדִינֶען דַארְף הָאבֶּען אַשֶׁאן וָואהְנוּנְג, אַ רַייכֶען קַאבִּינֶעט, אַקַארֶעטֶע מִיט צְוֵויי פֶערְד א. ז. וו. א. ז. וו., אָהְן דִי אַלֶע זַאכֶען וֶועל אִיךְ נָאר קֶענֶען זַיין אַ דָאקְטָאר אִין אַטֶעסְטַאט. וואו־זְשֶׁע וֶועל אִיךְ נֶעהְמֶען דִי אַלֶע זַאכֶען וֶוענן אִיךְ זָאל נִיט בֶּעקוּמֶען פִינְפְצֶעהְן אָדֶער צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְט רוּבִּיל נָדָן? נִיט פְּרַאנְיַאס שֶׁאנְקַייט, פְּרַאנְיַאס חָכְמָה מִיט אִיהְרֶע אַלֶע מַעֲלוֹת קֶענֶען מִיר גֶעבֶּען דָאס וָואס אַיין קֶערְבֶּעלֶע—אַ רוּבֶּעלֶע, בְּרוּדֶער!

—אוֹיבּ אַזוֹי, צוּ וָואס־זְשֶׁע קְרִיכְסְט דוּ נָאךְ צוּ פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס אִין הוֹיז? פַאר וָואס נִיט צוּ דֶעם הִיגֶען גְבִיר אִין הוֹיז, וָואס ווִילל זַיין טָאכְטֶער קְלַארַא גֶעבֶּען צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְט רוּבִּיל?

— אַ הַארְבֶּע פְרַאגֶע, חָלֶעבֶּען! ... נָא וֶועל אִיךְ דִיר עֶרְקְלֶערֶען, נַארִישׁ יוּנְגֶעלֶע, מַיין טַייעֶר אוּנ פְּרַאקְטִישׁ קוּנְדֶעלֶע: טַאקֶע בֶּאֱמֶת אַז אִיךְ גֶעה פַאר בַּיי אוּנ דֶער זֶעה וואַקְסֶען אַשֶׁאנֶע רָאזֶע, טָאר אִיךְ זִיךְ נִיט אָבְּשְׁטֶעלֶען קוּקֶען אוֹיף דֶער דָאזִיגֶער רָאזֶע אוּנ פוּן דֶעם דָאזִיגֶען קוּקֶען הָאבֶּען פֶערְגְנִיגֶען, טַאקֶע בֶּאֱמֶת אִיךְ מוּז דַוְקָא זִי אוֹיסְרַייסֶען. פַאר זִיךְ— אַנְדֶערְשׁ טָאר אִיךְ נִיט קוּקֶען? אִיךְ פְרֶעג דִיךְ?

—אַיין זַאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּעטֶען, נַארְפִינְקֶעל, מִיר רֶעדֶען אִיצְטֶער פוּן אַ עֶרֶענְסְטֶע זַאךְ, דָאס רֶעדֶען קָאסְט מִיךְ גֶעזוּנְד. רֶעד מִיט מִיר נִיט פוּן קַיין פָּאֶעזְיֶע. אוֹיף אִיצְטִיגֶעם מָאהְל—פָּאֶעזְיֶע אִין אַ זַייט—גֶעדֶענְק־זְשֶׁע גוּט אַז דוּ וֶועסְט דַארְפֶען זָאגֶען „דִי שֶׁאנֶע פְּרַאנְיָא אִין אִיהר עֶלְטֶערֶענְס הוֹיז" זָאלְסְט דוּ נִיט זָאגֶען „אַ רָאזֶע וָואס וַואקְסְט אִין גָארְטִין"— רֵיינֶע שַׁארְפֶע, דַייטְלִיכֶע וֶוערְטֶער פָארְדֶערֶע אִיךְ פוּן דִיר!

—נָאר רֵיינֶע אוּנ דַייטְלִיכֶע וֶוארְטֶער; דִי שֶׁאנֶע רָאזֶע אִיז טַייטְשׁ „פְּרַאנְיַא" אוּנ דֶער גָארְטֶען אִיז דִי טַייטְשׁ „פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס הוֹיז"— נָא אִיז שׁוֹין גוּט? פְרֶעג אִיךְ דִיךְ אִיצְטֶער טַאקֶע בֶּאֱמֶת, אַזוֹי בַּאלְד אִיךְ זֶעה אַשֶׁאנֶע פְרַיילֵיין, מוּז אִיךְ שׁוֹין בַּאלְד אִיהר חָתָן וֶוערֶען. אַנְדֶערְשׁ טָאר אִיךְ אוֹיף אִיהר נִיט קוּקֶען, נִיט רֶעדֶען, נִיט קוּמֶען אִין אִיהר עֶלְטֶערֶענְס הוֹיז?

—דער מיט ביסט דו אפילו גערעכט, נאר דו זאגסט דאך אליין אז דו ביסט א פראקטישער מענש, ווייסט דו דאך אויך געוויס פון פראקטיקע, אז האטש דו מעגסט קומען אין יעדען הויז וואו עס געפינט זיך א פרייליין, פון דעסטוועגען, ווייסט דו ווערר גוט, אז מיט דיין אפט קומען צו די פריידקינזאהנס מיט דיין אפט ארום שפאצירען מיט פראניאן, קענסט דו איהר אומזיסט פאר דרעהען דעם קאפ. און נאך דיין אויפפיהרונג האט זי רעכט יך צו רעכענען פאר א קינפטיגען חתן. איך פרעג דיך וואו איז דיין סאוועסט? צו וואס ארפסט דו אומזיסט פאר דרעהען א ארומע אונשולדיגע פרייליין דעם קאפ? עס קען געוויס ין, אז ווען זי זאל ניט האפען אויף דיר, וואלט זי געוועזען אפשר צו פרידען מיט איין אנדערען ואס רעכענט זיך ניט פאר א צוואנציג־טויזענדיגען חתן.

—איך שלאג דיר איבער די רייד, זאג מיר נאר פון וואנען ווייסט דו אז פראניא האט יך ליעב? —האט נארפינקעל פלוצים מיט א שמייכעל געפרעגט, מע האט געזעהן אז זיין נים שיינט פאר פרייד, פון גרויס פערגעניגען אז מע זאגט און אז אללע ווייסען שוין, ז אזא שאנע פרייליין ווי פראניא האט ליעב נארפינקלען.

שטיינפינקעל האט אבער ווי דורך אגלאז דער זעהען וואס טהוט זיך ביי זיין חבר אין ארצען, ווי זיין כאראקטער איז פאר דארבען, ווי זיין עגאיזמוס איז נאך גרעסער.

שטיינפינקלען איז נמאס געווארען קוקען אויף זיין איצטעריגען שמייכעל און ינענדיג געזיכט.

—איך זאג גאר ניט, אז איך ווייס אז זיא איז שוין אין דיר פארליעבט, איך ווייס ילו ניט צי זי וואלט דיך גאר געוואלט פאר אחתן, גלויב מיר ווען איך זאל זיין א פרייליין וואלט דיך ניט געוואלט אפילו מיט אכטצעהן דיפלאמען אויף דאקטאר, און אפשר וויל פראניא קע אויך ניט, איך זאג עס נאר למשל, אז עס קען זיך אזוי זעהר גרינג טרעפען, און ר וואס ניט, וועלכע פרייליין אין די יאהרען וויל נאך זיצען ביי איהרע עלטערען הויז?

—וואס־זשע וואלסט דו געוואלט, איך זאל ניט געהן צו זיי אין הויז?

—אויב דו האסט נאר סאוועסט, וואלסט דו ניט בעדארפט געהן אהין פארדרעהען זיסט יענעם א קאפ. אזא מענש ווי דו וואס וויל נאר חתונה האבען פאר צוואנציג ענד רובעל, איז גלייכער צו געהן צום גביר אין הויז און אונאזשעווען ארום קלארען, קיינער צו דיר דער פאר גאר ניט האבען.

—קלארא! — אשאנע מעשה חלעבען, ערשט אין דריי יאהר ארום דארף איך חתונה ען, זאל איך זיך שוין ארום שלעפען מיט קלארען, א שאן געשעפט פאר מיר, חלעבען! אי וועל איך עס אן ווערען צוויי חדשים פאר די תנאים! גענוג פון מיינעט וועגען אז איך זיך דארפען ארום שלעפען מיט אזא קלארא אגאנץ לעבען און אלץ פאר די צוואנציג נד רובעל! ניין, איך בין נאך יונג, ברודער שטיינפינקעל, איך וויל נאך לעבען!! דער פיהל איך אז איך לעב ווען איך געפין זיך צווישען אזא געזעלשאפט ווי די פרייליין קינזאהנס און די קלארעם מעגען אביסעל צו־ווארטען ביז אין דער גוטער צייט.

-מעהר, ליעבער פריינד, האב איך מיט דיר דער פון ניט וואס צו רעדען. איצט קען איך דיך שוין אונ זאג דיר נאך אמאל, אז דו ביסט וואס אין דער קארט, ביסט שוין פאר דארבען פון קאפ ביז אין די פיס, ניט איך אונ ניט קיינער אפילו-קיין טאטער וועט דיר שוין אויך ניט העלפין. איך זאג נאר: אומגליקליכע יודישע טאכטער, וואס ערוואַרטען זייער גליק פון אזעלכע סטודענטען ווי דו! פאר איך ווייס גאר ניט וועמען, וואלטען זיי פיעל גליקליכער געווען ווען עזען ווי פאר אייך, יודישע סטודענטין, קינפטיגע אינטעליגענץ, דאקטוירים, אדוואקאטען, אינזשעניערען, א. ז. וו.! אין אונזערער אוניווערזיטעט געפינען זיך אויך פיעל פראקטישע קריסטליכע סטודענטען, נאר קיינער פון זיי טראכט גאר ניט מיט אזא ראזסטשאט חתונה האבען ווי טהייל פון אונזערע יודישע סטודענטען, וואס זייער גאנץ לערנען באשטעהט נאר אין דעם חתונה האבען פאר צוואנציג טויזענד רובל. ווי אפט טרעפט זיך אז דער קריסטליכער סטודענט האט חתונה פאר א ארומע פריילין וואס מוז איהר נאך פון זייגע קליינע פערדינסטען מאכען אגארדעראבע צו דער חתונה, פון דעסטוועגען וואהנען זיי שאן מע לעבט שאן אהן צוואנציג טויזענד רובל נדן; נאר איהר פראקטישע יודישע סטודענטין ווילט נאך זיין איבער-געשפיצטער פון אונזערע יודישע שיינקארעס, ראסטאווטשיקעס אונ עקספלואטאטארס, ווארום איהר זענט דאך געלערענטערע פון זיי.

אונגליקליכע יודישע קלארעס! אונגליקליכע ארומע פראניא'ס וואס פאר דרעהן זיך אומזיסט די קאפ! אייך פראניאס נעבעך, עקספלואטירען זיי מעהר ווי אללע, אז דער פראקטישער סטודענט האט ניט וואס צו עסען לויפט ער צו דער ארומער פראניא חאפע[illegible] א מיטטאג; אז די נאהט צו רייסען זיך, אדער די קנעפליך רייסען זיך אב פון דעם פראקטישע[illegible] סטודענטס אלטען פארלאטעטען פאלטא, לויפט ער צו דער ארומער פראניא; אפילו מזומנ[illegible] גראשענס ווען עס פעהלט, אויך ביי פראניאן נעהמט מען אונ אז מע בעקומט א דיפלאם לויפט מען צו קלאראן!...

—רעד, רעד, ברודעריל, זאג מוסר וויפיעל דו ווילסט, דו וועסט עלטער ווערען זועסט דו קלוגער ווערען. איך האב שוין פיעל אזעלכע צדיקים סטודענטען געזעהן!... הא[illegible] נארפינקעל גאנץ קאלט אונ שטיל געענטווערט.

שטיינפינקעל איז בלאס געווארען. ער האט מער ניט גערעדט, ער האט אויף געעפענ[illegible] דאס פענסטער, ארויס געקוקט אויף דער גאס, די זונן האט זיך שוין גאנץ הויך אוי[illegible] געהויבען, געבראטען אונ געוואַרעמט אריבאטאווקע פון אללע זייטען. די גאס איז געווע[illegible] פיעל מיט מענשען ווייל עס איז היינט יריד געוועזען, יודעלעך האבען זיך געדרעהט [illegible] זאמד אין א שטורם, דער הט גיטראגען א שווע[illegible] זאק אויף די פלייצעס דער אפעל פון א קו[illegible] וואס ער האט געקויפט אויף דעם יריד אויף [illegible] פארדינען א גילדען, דער פארקויפט א[illegible] ארשין ציץ אונ דינגט זיך שוין פון א שעה מיט [illegible] קונה איבער א גראשין, אומעטום בלישצ[illegible] אין די אויגען אזעלכע סוחרים מיט פארד[illegible] אונ פון אללע קאפעט דער שוויים פרייטאג אין שוויטץ-באד.

—גארפינקעל! — האט שטיינפינקעל איהם גערופען, — קום צום פענסטער, וועסט [illegible] זעהן די עקספלואטאטארס, די בלוט-זויגערס, פון וועלכע די פעטערבורגער שרייבען אין [illegible] גאזעטען זיצענדיג אין זייערע קאבינעטען.

## XI.

# די מאַנגעס־ביכער

## קלאַרעס טאַגע־בוך.

אריבאטאוקע. דען 20 אווגוסט... 188.

באַלד ווער איך צוואַנציג יאהר; די טהיר פאַרמאַכט זיך גאר ניט פון די שדכנים.
ער טאַטע אונ נאך מעהר־די מאַמע ווילען זעהר. איך זאל שוין אַ כלה ווערען אונ
אקע באַלד חתונה האבען. זיי זאגען, אויף וואס וואַרט איך אונ וואס וויל איך דא
וויס־זיצען? צוואַנציג יאהר איז שוין ביי לייטען לאַנג צייט אונ וואס ווילסט דו נאך?—
גען זיי — א דאקטאר, לאז זיין אַ דאקטאר; אַ אינזשינער— נו, אַ אינזשינער, חאטש
נוערע טאַטעס אונ זיירעס האבען גאר ניט געוואוסט פון די מינים, פון די לייט;
אר וואס טהוט מען דען ניט פאַר היינטיגע קינדער — וואסזשע נאך ווילסט דו?"

אזוי טענה'ט מיט מיר די מאַמע, אונ איז אפשר טאקע גערעכט—וואס וועל איך
א אויס זיצען? נאך צוואַנציג יאהר הייסט מען שוין ביי אונז אין אריבאטאווקע „איין אַלטע
יד", אונ ווער פאַרשטעהט עס דען ניט, אז עס איז בעסער צו זיין אַ יונג ווייבעל איידער
ין אַלטע מויד? נאר וואס זאל איך טהון? איך קען ניט! איך קען ניט! — איך קען ניט
העז ווי מע שדכנט זיך ניט צו מיר נאר צו מיינע צוואַנציג טויזענד רובל! איך קען
זם מיינע עלטערען ניט געבען צו פאַר־שטיין, אונ מוז טראגען די וואונד אין הארצען.
ם איז דאך שרעקליך!— מענשען געבילדעטע, געלערענטע, וואס וואוהנען פאַר
נרערטער אונ טויזענטער ווערסט ווייט פון מיר אונ האבען מיך קיין מאהל ניט געזעהן.
לען פלוצים פאר מיר חתונה האבען— וואס איז? האבען זיי דען ניט געזעהען קיין
נערע, געבילדעטערע פריילין פון מיר? איך גלויב אז אין די גרויסע שטאדט געפינען
פריילין פיעל לייטעשערע פון מיר, אונ וואלטען זיך דארטען אויך געקענט געפינען
פריינד צום לעבען". ווי זיי שרייבען צו די שדכנים; אבער דער אמת איז: ניט מיר
גען זיי, נאר די צוואַנציג טויזענד רובל! טויזענטער ווערסט ווייט אפילו פון דעם
אטינען שטאדטעל אריבאטאווקע, שמעקט זיי אויך דער ריח פון מיין נדן. מיט מיין
ראקטער קען איך ניט ליעב האבען אזא מאנן, חתונה האבען פאר אזעלכען וועל איך
נאר פאַר־ווייסטען מיינע יאהרען אונ ברייננען אויף דער וועלט אונגליקליכע קינדער—
ניין — פאַרזיטצען, פאַרזיטצען!...

נאטט! פאר וואס בין איך ניט געבוירען געווארען ביי ארעמע עלטערען. וואלט
דאן געוועזען די גליקליכסטע אין דער וועלט! פאר אַ פרוי קען איך זיך גאר ניט
שטעלען קיין בעסער גליק, ווי ווען זי ווייסט, אז איהר מאנן האט נאר חתונה געהאט
איהר. אזעלכע מאנן אונ ווייב, זיי מעגען זיין ווי ארעם, זענען זיי מיט זייער
צע פאמיליע דאך די גליקליכסטע אין דער וועלט... עס איז נאר צום לאַבען, ווי פיעל
ען עס מיך מקנא, וואס איך האב צוואַנציג טויזענד רובל נדן!— די מינוט וואלט
זיי די טויזענטער אוועק געגעבען, די מינוט וואלט איך מיין נדן פאר ברענט אין

גאַנְצֶען, אִין בְּלָאטֶע גֶעוואָרפֶען! — וָואס טוֹיגֶען מִיר דִי טוֹיזֶענְטֶער אַז אִיךְ קֶען פַאר זַיי נִיט קוֹיפֶען דָאס בִּיסֶעלֶע גְלִיק, וָואס דָאס אָרֶעמְסְטֶע מֵיידִיל קֶען עֶס אוֹיס פִירֶען. אִיךְ רֶעד שׁוֹין נִיט וָואס מֶע פַארלִיעבְּט זִיךְ אִין זַיי, אָבֶּער דָאס אִיז דָאךְ אַ רִיכְטִיגֶער כְּלָל: אַז דָאס מֵיידִיל וָואס מֶע נֶעהמְט זִי אָהן נְדָן הֵייסְט אַז דֶער מַאנן הָאט זִי אֱמֶת לִיעבּ. —

אוי, ווִי גְלִיקְלֶעךְ זֶענֶען דִי פְרֵיידְקִינְזָאהנְס! זַיי זֶענֶען אָרֶעם אוּנ מֶע הָאט זַיי לִיבּ אוּנ נִיט הַיינְט מָארְגֶען וֶועט זִי חֲתוּנָה הָאבֶּען אָהן נְדָן! נָאר זַיי, נָאר זַיי בִּין אִיךְ מְקַנֵא אוּנ וַוייטֶער קֵיינֶעם נִיט!

אָבֶּער צִי בִּין אִיךְ דֶען אֵיינֶע דִי אוּמגְלִיקְלִיכְסְטֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט? אָט עֶרְשְׁט הַיינְט הָאט זִיךְ אוּנְזֶער פֶּעסֶעל פַאר מִיר צוּ וַויינְט, זִי דִיעֶנְט בַּיי אוּנְז שׁוֹין דַאכְט זִיךְ אָ יָאהר צְוֶועלְף, אָבֶּער עֶרְשְׁט אִיצְט הָאבּ אִיךְ אַיינְגֶעזֶעהֶען אַז מִיר בֵּיידֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין אֵיין לַאגֶע, אִיהר גַאנְץ בִּיטֶער הַארְץ הָאט זִי נֶעבֶּעךְ הַיינְט פַאר מִיר גֶעעֶפֶענְט אוּנ זִיךְ גוּט אויס־גֶעוַויינְט.

אִין דִי צְוֶועלְף יָאהר וָואס אִיךְ דִין בַּיי אַייךְ, קְלַארֶעטְשְׁקֶע — הָאט זִי מִיר דֶער צֶעהלְט — הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גַאנְצֶע גַארְדֶעראָבֶּע צוּ דֶער חֲתוּנָה, צְוַויי טוּץ זָאקֶען, אַ טוּץ גוּטֶע הֶעמדֶער, אַ הַאלְבּ טוּץ פְּרָאסְטֶע, זֶעקְס לַאלִיכֶער, צְוַויי קוּשֶׁען, אַגְרוֹיס פוּכָאוֶוע אִיבֶּער־בֶּעט, צְוַויי קָאלְדְרֶעס אוּנ אַ סַאמֶעטֶענֶעם מַאנְטֶעל, דֶערצוּ הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ צוּ נוֹיפְגֶעקְלוֹיבֶּען אַ גַ א נְ צֶ ע ן הוּנְדֶערְטֶער, אוּנ אִיהר וַוייסְט דָאךְ אַז פַאר לַייבְּקֶע דֶעם שְׁנַיידֶער־יוּנְג בִּין אִיךְ שׁוֹין פוּן אַ יָאהר אַכַּלָּה (פַאר קְנָסוֹת גֶעוָוארֶען), — אִיהר גֶעדֵיינְקְט דָאךְ דֶעם טָאג הָאט אִיהר מִיר גֶעשֵׁיינְקְט נָאךְ גָאר אַנַיי קְלֵייד — אוּנ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט דִי חֲתוּנָה אוֹיף אַ יָאהר. שׁוֹין פוּן אַ הַאלְבּ יָאהר אַז עֶר הָאט בַּיי מִיר אַרוֹיס גֶעשְׁלֶעפְּט דִי הוּנְדֶערְט רוּבֶּל בִּיז אִין דֶער לֶעצְטֶער קָאפִּיקֶע. דִי גְרָאשֶׁענְס וָואס אִיהר אוּנ אַייֶער מַאמֶע זָאלֶען גֶעזוּנְד זַיין שֵׁיינְקְען מִיר, שְׁלֶעפְּט עֶר אוֹיךְ בַּיי מִיר אַוֶועק אוּנ אִיצְט ווִילל עֶר זִיךְ נִיט שְׁטֶעלֶען צוּ דֶער חוּפָּה, כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל אִיהם פְרִיהר נִיט גֶעבֶּען מִיט אַמָאל נָאךְ גַאנְצֶע פוּפְצִיג רוּבֶּל, וואו זָאל אִיךְ נֶעמֶען, מַיין טַייֶערֶע קְלַארַאטְשְׁקֶע, אַזוֹי פִיעל גֶעלְד מִיט אֵיין מָאהל — פוּפְצִיג רוּבֶּל! דַאכְט זִיךְ אֵיידֶער אִיךְ קְלֵייבּ צוּ נוֹיף אֵיין רוּבֶּל, ווִי פִיעל דַארְף אִיךְ הָארֶעוֶוען, אוּנ עֶר ווִילל פ וּ פְ צִ י ג  ר וּ בֶּ ל! וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהם בַּאלְד נִיט אַנִידֶער לֶעגֶען אָבְּגֶעצֵיילְט דִי פוּפְצִיג רוּבֶּל, זָאגְט עֶר, מֶעג נָאךְ אַיָאהר גְרוֹיעֶרֶען — אִיךְ וָואלְט שׁוֹין גֶעוַוארְט נָאךְ אַ יָאהר, אוּנ וָואלְט אֶפְשַׁר צוּ נוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג אָדֶער דְרַייסִיג רוּבֶּל, אֶפְשַׁר וָואלְט עֶר זַיי שׁוֹין נֶעהמֶען אַז עֶר וֶועט זֶעהֶען אַז אִיךְ הָאבּ מֶעהר נִיט; אָבֶּער לִיוּבֶּענְיָא, גָאלְדֶענֶע קְלַארַאטְשֶׁקֶע, זָאגְט מִיר: חִי קֶען אִיךְ נָאךְ וַוארְטֶען אַ יָאהר אוּנ דָאס סַאמֶעטֶען מַאנְטֶעל וַוייטֶער לָאזֶען אַזוֹי לִיגֶען? אַז עֶר וֶועט נָאךְ אַיָאהר לִיגֶען, וֶועט עֶר גֶעווִיס צוּ הַאקְט וֶוערֶען אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ, ווִי פִיעל קָאסְט מִיר דֶער מַאנְטֶעל אֶפְשַׁר פוּפְצִיג רוּבֶּל! זֶעקְס רוּבֶּל אֵיין אַרְשִׁין הָאבּ אִיךְ גֶעצָאהלְט — אִיהר גֶעדֵיינְקְט דָאךְ הַיינְט זַיידֶענֶע פָּאטְשֶׁעוֶוקֶע (אוּנטֶערְשְׁלַאק) אוּנ אַטְלֶעסֶענֶע בַּאלָאג.

וֶוען פֶּעסֶעל הָאט מִיר דָאס אַלֶעס דֶער צֶעהלְט, הָאט זִי בִּיטֶער גֶעוַויינְט. אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהר צוּזַאממֶען גֶעוַויינְט; אִיז דֶען פֶּעסֶעל נִיט אַזוֹי אוּנגְלִיקְלִיךְ ווִי אִיךְ? וֶוע

זי זאָל ניט געווען האָבען דעם הונדערטער גדן, אזוי פיעל זאָקען מיט אסאמעטענעם מאַנטעל, וואָלט דאך געוויס ליבשקע איהר חתן ניט געוואָרען, וואָרום וואָס טויג זי איהם אהן דעם הונדערטער? — וואָס טויג איך פאַר די אַללע געשטודירטע לייט, פאַר די דאָקטורים, אינזשעניערען א. ז וו. אהן מיינע צוואַנציג טויזענד רובל? זעגען זיי דען בעסער פון ליבשקע דעם שניידער־יונג? אונ אַז ליבקע זאָל ניט זיין איהר חתן, וואָלט זיך דאָך געפונען איין אַנדערער וואָס וואָלט זי גענומען אהן גדן. האָבען דען אַללע דינסטמיידליך גדן? נו, אונ פון דעסטוועגען פאַר זיצען ניט ב״ה. —יודישע מאַכטער פאַר זיצען זיי?

איין אונגליק האָט אונז ביידע געטראָפען: גאָטט האָט אונז געשטראָפט מיט גדן, מיט רייכע גאַרדאַראָבעס. אומגליקליכע פעסעל! מיר זענען ביידע גלייך אומגליקליך, ביידע דאַרפען מיר מקנא זיין די פריידקינזאָנס, וואָס גאָטט האָט זיי גיבענשט אהן גדן אהן רייכע גאַרדאַראָבעס!...

---

## גיטעלס טאַגע־בוך

מיר זאָלען ניט פאַרגעסען וואָס מאַכען איצט אונזערע צוויי בעקאַנטע יודישע טאָכטער גיטעל אונ געלע, קענען מיר זיך דער־וויסען פון זייערע טאַגע־ביכער:



ווי פליהעט דאָס פייגעלע
אזוי בין איך צו דיר געפלויגען טייערע גרינגעטעלע.
ווי די זון מיט דעם מאָרגענשטערען,
אזוי האָסטע, מיין גאָלד, אום געזעהען.
דיין ביידען, דיין שמועסען,
איז דער נאַכטיגאַלס זינגען אונ פיפטשען.
דיינע אויגען זענען ווי די שטערען,
דיינע ליפען ווי די הימעלשע ברענגען
דיינע האָר זעהען אויס
ווי אַ שמעקעדיגער וואַלד דורכאויס.
שבת ביי טאָג,
ווי דאָס פייגעלע פאַר טאָג
פליע איך צו דיר נשמהלע
אַך! מיין טייערע גרינגעטעלע!

אך, ווי גוט איז אַז מע ווערד געבילדעט! אַט שרייב איך זיך אויך אַ טאָג בוך, געכטען האָב איך בעקומען די טייערע ליעד פון מיין טייערסטען ליעבסטען מאַטוועיהען, וואָס ער האָט אַליין פערפאַסט פאַר מיר, אונ האָב עס שוין צום אַנדענק אין מיין טאָגע בוך פאַר־שריבען, אונ די טייערע ליעד מיט זיין שאָנעם פאַטשערעק (כתב) וועל איך אויף דעם האַרצען טראָגען. אַ וויפיעל מאָל האָב איך שוין דאָס ליעד געזונגען מיט מיין אייגענע מעלאָדיע וואָס איך האָב אַליין פערפאַסט, וויפיעל מאָל האָב איך דאָס פאַטשטאָווע בייגעלע

גְאפִּיער גֶעקוּשְׁט, ווִיפִיעֶל וָואזְרוּשְׁנֶע פָּאצֶעלוּנֶען הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעשִׁיקְט

אָךְ! ווִי גוּט, ווִי גוּט — ווִי גוּט אִיז אַז מֶע אִיז פַארלִיעבְּט אוּנ מֶע שְׁפִּיעֶלְט אַ רָאמַאן! אָ! אִיךְ הָאבּ אִיהם לִיעבּ מִיט מַיין גַאנְצֶער זֶעללֶע, מִיט'ן גַאנְץ הֶערְץ, קֵיין שׁוּם חְוַאלְיֶעס אוּנ שׁוּים פוּן וַואסֶער וֶועט אוּנְזֶער שְׁטַארְקֶע לִיעבֶּע נִיט שְׁטֶערֶען, דִי שְׁטַארְקְסְטֶע פֶעלְזֶען מִיט שְׁטוּרֶעמְווִינְדֶען מִיט פַאר דְרַאללֶעטֶע פַארגְלִיוֶוערטֶע חְמַארֶעס וֶועלֶען זִיךְ צוּ גֶעהְן פַאר אוּנְזֶער שְׁטַארְקֶער לִיעבֶּע ווִי וַואסֶער! דִי מַאמֶע מִיט דֶעם טַאטֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה — דִי חֲסִידִים דִי פַאנַאטִיקֶער מֶעגֶען אַבטְצֶעהן בֶּערְג מִיט וֶועלְדֶער אוֹיף מִיר אַרוֹיפ־וַוארְפֶען, וֶועט אוּנְזֶער לִיעבֶּע ווִי אַ הֶעלֶעשׁ פַייֶער נִיט פַארלָאשֶׁען וֶוערֶען אוּנ וֶועלֶען זִיךְ אוֹיף אֵייבִּיג, אֵייבִּיג בִּיז אִין גְרוּבּ, פַארבִּינְדֶען מִיט אֵיין אֵייבִּיגֶען בּוּנְד.

אָ גָאטְט מַיין גָאט! אָ הִימֶעל! בִּיז וַואנֶען וֶועלֶען נָאךְ מַיינֶע עֶלְטֶערֶען זַיין פַאנַאטִישׁ! אִין דֶעם נֵיינְצֶעהנְטֶען יָאהר־הוּנְדֶערְט תאו דִי בִּילְדוּנְג שַׁיינְט אִין אַללֶע ווִינְקֶעלֶעךְ! בִּיז וַואנֶען וֶועט הֵייסֶען בַּיי זֵיי אָ פֶערְבְּרֶעכֶען אַ לִיעבֶּע אֶפֶענְטְלִיךְ צוּ פִיהרֶען אוּנ מַיין מַאמֶעוּוֶעי זָאל קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען קוּמֶען אַללֶע אָבֶענְד צוּ אוּנְז אוֹיף טְהֶעע, ווִי דִי קַאוַואלֶיערֶען וָואס קוּמֶען צוּ דִי פְרֵיידקִינְזָאהנְס, אוּנ דֶער נָאךְ זָאל אִיךְ קֶענֶען גֶעהֶען מִיט אִיהם שְׁפַּאצִיֶערֶען אִיבֶּער דֶער גַאס פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט גֶעאַרֶעמְט! אָ! נִיט אוּמְזִיסְט זָאגְט דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט־בֶּערִיהמְטֶער פֶּערפַאססֶער אִין זַיין רָאמַאן, "דִי פַארבְּלָאנְזֶעטֶע שְׁטֶערֶען" וָואס הָאט אַלֵיין פֶּערפַאסְט, "בִּיז וַואנֶען — זָאגְט עֶר — וֶועלֶען מִיר לַיידֶען פוּן אוּנְזֶער פַאנַאטִיזְם!" אוּנ אִין דֶעם רָאמַאן, "דִי פַארפְלָאנְטֶעטֶע צִיגֶען" פוּן דֶעם אֵייגֶענֶעם פֶּערפַאסֶער וָואס עֶר הָאט אַלֵיין פֶּערפַאסְט זָאגְט עֶר דֶען נִיט, "בִּיז וַואנֶען וֶועלֶען מִיר פְרַייַלַיין לַיידֶען פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען", אוּנ אִין דֶעם רָאמַאן, "דֶער קוּדְלֶעוַואטֶע פְרַאנְט", טַאקֶע פוּנֶ'ם אֵייגֶענֶעם פַארפַאסֶער וָואס עֶר הָאט אַלֵיין פַארפַאסְט, זָאגְט עֶר דֶען נִיט, "אָ אִיהר עֶלְטֶערֶען!!!", אוּנ אִין דֶעם הֶעכְסְט אִינְטֶערֶעסַאנְטֶען רָאמַאן, "דִי פַארקַאטְשֶׁעטֶע רָאזֶע" אָדֶער, "דִי אַיינְגֶעפַאלֶענֶע נָאז", טַאקֶע פוּן דֶעם אֵייגֶענֶעם פֶערפַאסֶער וָואס עֶר הָאט אַלֵיין פֶּערפַאסְט זָאגְט עֶר דֶען נִיט, "מִיט אַ רֶעוָואלְוֶוער וֶועל אִיךְ זִיךְ אוֹיפְהֵיינְגֶען אוּנ מִיט אַ שַׁארְפֶער בְּלוֹיזֶער שְׁוֶוערְד וֶועל אִיךְ זִיךְ דֶערְשִׁיסֶען וֶוען מֶע וֶועט אוּנְז צְווִינְגֶען אַז מִיר זָאלֶען פָאלְגֶען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען!" אָ! ווִיפִיעל פֶּערגֶענִיגֶען הָאבּ אִיךְ פוּן לֶעזֶען דִי רָאמַאנֶען פוּן דֶעם וֶועלְט בֶּערִיהמְטֶען פֶּערפַאסֶער, וָואס עֶר הָאט אַלֵיין פֶּערפַאסְט! עֶרְשְׁט פוּן דִי רָאמַאנֶען הָאבּ אִיךְ דָער זֶעהֶען ווִי פֶּערדָארבֶּען זֶענֶען מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, ווִי זֵיי פִיהרֶען זִיךְ שְׁלֶעכְט אוֹיף מִיט זֵייעֶרֶע קִינְדֶער — דִי רָאמַאנֶען הָאבֶּען מִיר מַיינֶע אוֹיגֶען לִיכְטִיג גֶעמַאכְט.

אִיךְ וָואלְט נִיט אִיבֶּער־גֶעלֶעבְּט דִי גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצֶען, אוּנ דִי סְטְרַאדַאנִיֶעס מִיט דִי שְׁוַוארְצֶע וָואלְקֶען וָואס אִיךְ טְרָאג אִיבֶּער פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, וֶוען אִיךְ זָאל אִיצְט אוֹיךְ אַזוֹי זַיין נִיט גֶעבִּילְדֶעט ווִי פְרִיהֶר, אָךְ, ווִי גְרוֹיס אִיז מַיין פְרֵייד אוּנ מַיין הִימֶעלְשֶׁע פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג וָואס אִיךְ בִּין גֶעבִּילְדֶעט אוּנ מַיין גְרוֹיס פֶּערגֶענִיגֶען אִיז דִי לַאנְגֶע נֶאכְט מִיט דִי טַייעֶרֶע וֶועלְט־בֶּערִיהמְטֶע רָאמַאנֶען פוּנֶ'ם פֶּערפַאסֶער וָואס עֶר הָאט אַלֵיין פֶּערפַאסְט.

דִי דָאזִיגֶע רָאמַאנֶען מִיט מַיין לִיעבֶּע צוּ מַאטוֶועיֶען זֶענֶען מַיינֶע טְרֵייסְטֶען צוּ מַיינֶע גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצֶען אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶע סְטְרַאדַאנִיֶעס פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערֶען!

מַיין הַאַרְץ אִיז מִיר פוּל אוּנ וָואלְט נָאךְ אוֹיס־גֶעגָאסֶען אִין מַיין טַאגֶע־בּוּךְ, נָאר אִיךְ וֶועל גֶעהֶען גִיכֶער עֶנְדִיגֶען דֶעם רָאמַאן „דִי צוּ־פַאמְשְׁטֶע מוֹיד״ אָדֶער „דִי אוֹיס־גֶעקְרָאכֶענֶע בָּארְד״, וָואס דֶער פֶערְפַאסֶער הָאט אַלֵיין פֶערפַאסְט, וָואס מַאטְוֶועי הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען אִין גַאנְצֶען אוֹיף צְוַויי טֶעג אוּנ מַיין פְרַיינְדִין קְלַאווַארְיָע (גֶעלֶע) הָאט מִיךְ אוֹיךְ גֶעבֶּעטֶען אִיהר אִיהם גֶעבֶּען לֶעזֶען:

## גֶעלֶעס טַאגֶע־בּוּךְ.

„מַיין פְרַיינְדִין גְרִינֶעטֶע הָאט שׁוֹין אֶפְשַׁר אִיבֶּערגֶעלֵייעֶנְט פוּפְצִיג רָאמַאנֶען, אוּנ אִיךְ עֶרְשְׁט צֶעהְן, אוּנ אֲפִילוּ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם דְרִיטֶען טְהֵייל פוּן דֶעם רָאמַאן „דֶער קוֹדְלֶעוַואטֶער פְרַאנְט״ וָואס דֶער פֶערְפַאסֶער הָאט אַלֵיין פֶערְפַאסְט, דַארוּם אִיז קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס זִי אִיז אַ סַךְ גֶעבִּילְדֶעטֶער פוּן מִיר אוּנ קֶען שֶׁענֶער רֶעדֶען מִיט אַ מֶענְשֶׁען וִוי אִיךְ. עֶס אִיז אַזַא פַארְדְרָאס; מִיר הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע גְלַייךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בִּילְדֶען — אִיךְ גֶעדֵיינְק עֶס וִוי הַיינְט פוּן זִינְט מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער „חֲתוּנָה מִיט קַאוַואלִיעְרֶען״, בֵּיידֶע גְלַייךְ הָאבֶּען מִיר זִיךְ בֶּעקַאנְט מִיט מָאטְקֶען אָדֶער וִוי זִי מַאכְט פוּז אִיהם אַגַאנְצֶען צִימֶעס אוּנ רוּפְט אִיהם מַאטְוֶועי, בֵּיידֶע גְלַייךְ הָאבֶּען מִיר אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען לִיעבֶּען אוּנ עֶר הָאט אוּנְז בֵּיידֶען בִּיכֶער גֶעגֶעבֶּען לֶעזֶען, נוּ וואוּ הַאלְט זִי אוּנ וואוּ הַאלְט אִיךְ?״ דָאס אִיז אַלְץ מַיין פַאנַאטִישֶׁע מַאמֶענְיָא שוּלְדִיג, וָואס וִוי בַּאלְד זִי זֶעהְט מִיר הַאלְטֶען אַ רָאמַאן צוּ־רַייסְט זִי אִיהם. דְרוּם הָאט מִיר מַאטְוֶועי אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גֶעבֶּען. אִיהר מַאמֶע שְׁלָאגְט זִי דֶען נִיט פַאר דֶעם לֶעזֶען רָאמַאנֶען אָדֶער וִוי זִי רוּפְט עֶס אָן: „לֵיינֶען לִיעבֶּעס״? נָאר גְרִינֶעטֶע הֶערְט זִי וִוי דֶעם פַאר אַ יָאהְרִיגֶען שְׁנֶעע אוּנ טְהוּט זִיךְ טַאקֶע אִיהְרְס. דִי רָאמַאנֶען וָואס עֶר הָאט אַלֵיין פֶערפַאסְט זֶענֶען מַאקֶע גֶערֶעכְט וָואס זָאגֶען, אַז מִיר לֵיידֶען פוּן אוּנְזֶערֶע „פַאנַאטִישֶׁע עֶלְטֶערֶען״. אָךְ וִוי גְלִיקְלִיךְ אִיז גְרִינֶעטֶע וָואס הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט פַאר אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען זִיךְ בִּילְדֶען! אוּנ אִיךְ טָאר נִיט, אִיךְ דַארְף מוֹרָא הָאבֶּען פַאר דֶער מַאמֶען! נָאר מֶעהר וֶועל אִיךְ שׁוֹין אַזוֹי פוּן אִיהר נִיט לֵיידֶען, אִיךְ וֶועל זִי אָנְהוֹיבֶּען אַזוֹי הֶערֶען וִוי גְרִינֶעטֶע הֶערְט אִיהר מוּטֶער, אוֹיבּ מַיין מוּטֶער וֶועט מִיר נָאךְ אַלְץ שְׁטֶערֶען, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעשְׁוֶוירֶעט — אִיךְ וֶועל זִיךְ לוֹיפֶען טְרִינְקֶען!... אַזַא פַארְדְרָאס — עֶרְשְׁט צֶעהְן רָאמַאנֶען אִיבֶּער גֶעלֵיינְט אוּנ זִי שׁוֹין אֶפְשַׁר פוּפְצִיג״...

## XII

# דער ערשטער פראסט

דער אסיען איז געקומען און אונזער לעבעדיג שטעדטיל א ר י ב א ט א ו ו ק ע איז טויט געווארען. די בלאטעס, דער קאלטער רעגען, דער פארחמארעטער הימעל האט פארשלאפען אונזערע יודישע טאכטער אין זייערע עלטערענס הייזער. אויף דער גאס האבען זיך נאר בעוויזען די וואס האבען דארט בעדארפט זוכען פרנסה פאר זייער הויזגעזינד. אויך אמאהל די וואס האבען געהאט גאנצע שטיוועל מיט לאנגע חאליעוועס און געקענט נובר זיין די אריבאטאוועקער גרויסע איינענדיגע בלאטעס. די קרעמערס זיצען אהן אגראשען לייזונג. דער זונטיגדיגער יריד, פון וועלכען מעהר וויא אהאלב שטעדטיל לעבען איז שוין פון צווייא דרייא וואכען ניט געווען, און דא ווערט דער יקרות אלע טאג גרעסער און גרעסער. קיין סימן פון לעבען איז אין שטעדטיל ניט צו געפינען, דער ליעבער זומער האט אלעס מיט זיך גענומען: די ליעבע ווארעמע זונן, די גרינע פעלדער און וועלדער, די שפיעל פעגעלעך, די הייסע ברענענדיגע ליעבעס, אללעס, אללעס! אפילו די עטליכע יונגע לייט: נארפינקעל, שטיינפינקעל און נאך אנדערע וואס האבען אויף זוממער קיין אריבאטאוועקע מיט געבראכט א ביסעל לעבען פון דער גרויסער וועלט, פון פרעמדע שטאדט, זענען אויך מיט דעם זוממער אוועק, אפילו איניגע פון די יודישע טאכטער וואס זענען אין אריבאטאוועקע געבליבען, וועט איהר יעצט אויך ניט דערקענען. למשל: די צווייא פריילין, ג י ט ע ל ע און נעלע, וואס איהר האט זייא געזעהן דעם גאנצען זוממער געהן אנגעטהון אין עסיג און אין האניג, מיט לאסטיגענע הייטמאדישע שיכעלעך אויף הויכע קארקעס, מיט הענטשקילעך, שטרויענע היטעלעך און זיידענע זאנטיקלעך, געהן איצט אין שטיוועל מיט חאליעוועס מיט פערדריפעטע קליידלעך ביז אין גארטעל, מיט אנגערוקטע שאלען אויף די קאפ. אז איהר וואלט קיין מאהל ניט געגלויבט, אז די יעצטיגע פריילין אין שטיוועל מיט חאליעוועס האבען נאר אמאהל אהייסע ליעבע געשפיעלט און ראמאנען געלעזען. זייא גלויבען דאס אויף זיך אויך ניט. ווען זייא טהון איצט אומגערען אקוק אין שפיעגעל און דערזעהן וויא זייא זעהן אויס — וויא פראסטע קליין-שטאדטעלדיגע יודישע מיידלעך.

די האפנונג די טייערע האפנונג! די טייערע מתנה וואס גאט האט געשענקט ארעם און רייך, האבען ג י ט ע ל ע ן און נ ע ל ע ן נאך ניט אנגעוואהרען. זייא האפען און ווארטען און קענען זיך ניט דערווארטען אויף דעם ערשטען פרעסטעל, דעם ערשטען שניי! דאנן וועלען אונזערע יודישע טאכטער אראפ ווארפען די בלאטיגע שטיוועל מיט די חאליעוועס און וועלען אריין אין שטיוועלעך מיט קאלאשען; וינטערטיגע היטעלעך מיט מופטעלעך האבען זייא זיך שוין לאנג אנגעגרייט און דאנן וועט איהר ווייטער אונזערע יודישע טאכטער ניט דערקענען, איהר וועט זעהן פאר זיך ווייטער הייטמאדישע פריילין, דאס פרעסטעל וועט רויט מאכען די בעקעלעך, זייא וועלען זיך ווייטער באגעגנען מיט זייער ליעבען, ליעבען און טייערען ס א ט ו ו ע י ע ן, וואס האט איין אוצר פון „העכסט אינטערעסאנטע ראמאנען" און קען זינגען ליעבע-לידלעך אויף יודיש און אפילו אויף רוסיש און זייער זוממערדיגע ליעבע וועט ווערען אווינטערדיגע.

דִיא לְבָנָה וֶועט שַׁיינֶען, דֶער שְׁנֶעע וֶועט סְקְרִיפֶּען, אָ וִויא דֶער לֶעבְּט מֶען נָאר דָאס עֶרְשְׁטֶע פְרֶעסְטֶעל, דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁנֶעע, דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁלִיט־וֶועגְם! . . :

—וִויא דֶער לֶעבְּט מֶען שׁוֹין דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁלִיט־וֶועגְם, זָאגֶען אוֹיךְ אַלְלֶע אַרִיבַּאטָאווָקֶער יוּרֶען אוּנ וַוייבֶּער—וִויא הֶעלְפְט שׁוֹין גָאטט! עֶס אִיז שׁוֹין מֶעהְר נִיט צוּ דֶערהַאלְטֶען דֶעם גְרוֹיסֶען יַקְרוּת, צֶעהְן גִילְדֶען אַפּוּד קָארְן־מֶעהְל! וואוּ הָאט מֶען אַזַא יַקְרוּת גֶעהֶערְט אִין דֶער גַאנְצֶער הַאלְבֶּער וֶועלְט! אֵיין גָאטט וַוייסְט וָואס עֶס קֶען נָאךְ זַיין, אַז דִיא בְּלָאטֶעס זֶענֶען אַזוֹי גְרוֹיס אַז מֶען קֶען מִיט קַיין רָאד נִיט אַרַיין, מֶען קֶען אִין שְׁטָאדְט קַיין זַאךְ נִיט בְּרֵיינְגֶען צוּם פַארְקוֹיפֶען, אוּנ וֶוען עֶס וֶועט חַס וְשָׁלוֹם אַזוֹי גִיךְ נִיט חַאפֶּען אַ פְרָאסְט אוּנ קַיין וֶועג וֶועט זִיךְ נִיט שְׁטֶעלֶען, וָוער וַוייסְט וִויא דֶער יַקְרוּת וֶועט נָאךְ גְרוֹיס וֶוערֶען!

—עֶס בַּארְף נָאךְ גְרֶעסְסֶער וֶוערֶען? צִי קֶען שׁוֹין זַיין גְרֶעסֶער אַז צִיבֶּעלֶעס הָאט מֶען שׁוֹין אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארְקוֹיפֶען אוֹיף דֶעם פוּנְט, אִיז נִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער: צִיבֶּעלֶעס אוֹיף דֶעם פוּנְט!

אַזוֹי הָאבֶּען גֶערֶעדְט דִיא וָואס הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאט דֶעם גְרָאשֶׁען, אָדֶער צוּ פַארְזֶעטְצֶען אַבִּי אִיבֶּער צוּ־לֶעבֶּען דִיא טוֹידְטֶע צַייט, דֶעם פִינְסְטֶערֶען ווִיסְטֶען אָסְיֶען, נָאר [illegible] וָואס, אַז זַייא פַארְדִיעֶנֶען נִיט הַיינְט הָאבֶּען זַייא אוֹיף מָארְגֶען נִיט מִיט וָואס [illegible] לֶעבֶּען, זֶענֶען יֶעצְטִינֶע צַייט גָאר גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער.

— אַךְ! וִויא דֶער לֶעבְּט מֶען שׁוֹין דֶעם עֶרְשְׁטֶען פְרָאסְט עֶס אִיז גָאר נִיט אוֹיסְצוּהַאלְטֶען פוּן דֶער שְׁלֶעכְטֶער פָאנָאדְרֶע קְלָאגְט זִיךְ קְלַארֶע־רַיקְלְמַן קָאפֶּעלְס, בּוּלְחַאנָאווָקֶער גְבִירְם טָאכְטֶער: אִין אִיהר שַׁיין רַיין צִימְמֶער אִיז אִיהר אַיינְג, דוּשְׁנֶע—עֶס פֶעהְלְט אִיהר פְרִישֶׁע לוּפְט.

— אָ וִויא הֶעלְפְט שׁוֹין גָאטט דֶעם עֶרְשְׁטֶען פְרָאסְט! זָאגְט כִּמְעַט יֶעדֶען טָאג רָאזָא צוּא אִיהר מוּטְטֶער, אִיךְ זָאל שׁוֹין קֶענֶען אַרוֹיס גֶעהְן אוֹיף דֶער גַאס, וָואלְט אִיךְ נִיט גֶעהֶערְט פוּן דִיר אַזוֹי פִיעל קְלָלוֹת: דוּא וָוערְסְט גָאר נִיט מִיעד צוּ שֶׁעלְטֶען טָאג אוּנ נַאכְט.

— אַ צָרָה אִין דַיין פָּנִים פַארְפַּאטְשְׁטֶע מוֹיד! עֶס אִיז אִיהְר גָאר בִּיטֶער צוּ זִיטְצֶען אִין שְׁטִיבּ, אַ! אַ! עֶס ווִיל זִיךְ אִיהְר אַטָאנְצֶעלֶע, אַ שְׁפַּאצִירֶעלֶע, אַ קַאוַאלִיֶערֶע. אַלֶץ דֶער טַאטֶענְיֶא הָאט זַייא אַזוֹי אוֹיסְגֶעלֶערְנְט, אוּנ אִיךְ הַיים בַּייא זַייא דִיא פְרָאסְטֶע זִדְנֶע, וָואס מֶעהְר וִויא דִיא קָאטְשֶׁערֶע מִיט דֶער לָאפֶּעטֶע מֵיינֶען זַייא אַז אִיךְ וַוייס נִיט: וַוארְט נָאר וַוארְט, לָאז נָאר חַאפֶּען דֶער עֶרְשְׁטֶער פְרָאסְט! . . . אִיךְ וֶועל מִיר מֶעהְר פוּן אַייךְ נִיט לָאזֶען שְׁפַּייֶען אִין דֶער קַאשֶׁע.

פֶּעסִיל וָואס דִיעְנְט בַּייא ר׳ קַלְמָן קָאפֶּעלְס אִין הוֹיז בֶּעט אוֹיךְ אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען פְרָאסְט וִויא אֵיין עֶהְרלִיכֶער יוּד אוֹיף מָשִׁיחַ׳ן, עֶרְשְׁטֶענְס אִיז אִיהְר נִמְאַס גֶעוָוארֶען יֶעדֶען צֶבֶענְד בְּרֵיינְגֶען דִיא בְּלָאטֶע פוּן עֶטְלִיכֶע פָאר שְׁטִיוֶועל מִיט קַאלַאשֶׁען אוּנ אִין צְווייטֶענְס הָאט אִיהְר לֵייבְּקֶע אָבְּגֶערֶעגְט דִיא חֲתוּנָה בַּאלְד וִויא דֶער עֶרְשְׁטֶער פְרָאסְט וֶועט חַאפֶּען.

נָאר אֵיין פְרַאנְיַא עֶרְוַוארְטֶעט גָאר נִיט פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען פְרָאסְט. זִיא זֶעהְט פָאר פַאר זִיךְ אַלַאנְגֶען, לַאנְגֶען אָסְיֶען, אַפַאר חְמַארֶעטֶען הִימְמֶעל אָהְן אַיין לוֹיטֶערֶען טָרֶעג . . . :

## XIII.

### די מוטטער אונ די טאכטער

—קיין ערגערס איז שוין ניט דא. ווען מע ווערט אן די האפפענונג, האט פראניא געזאגט צו זיך קוקענדיג אויף דער גאס, ווי דער קאלטער אסיענדינער ווינד פאטשט אין איהר פענסטער אונ ווי די נאנצע טראפפענס פון רעגען צוגיעסען זיך איבער די טאפליעס אראפ, אראפ.

—ווי שלעכט עס איז מיר אויף דעם הארצען, איך ווייס ניט, אפשר ווירקט אויף מיר אזוי די שלעכטע פאגאדע? ניין, ניין, ווען עס איז אויף דעם הארצען גוט איז די פאגארע אויך גוט. אונ צוריק מיט עטליכע וואכען ווען די זונן האט טאג טעגליך געשיינט האט זי דען געשיינט פאר מיר? איז מיר דענסמאל דען אנדערש געוועזען אויף דעם הארצען וויא אט יעצט אין דרויסען?... אונ וואס וועט זיין דער סוף?.... שוין-זשע בין איך טאקי אזוי אומגליקליך אז איך פרעג זיך וואס וועט זיין דער סוף? אויף וואס קען איך האפפען — געפון איך זעלבסט פאר זיך קיין ענטווער.... מיין לאגע איז שרעקליך! איך זעה מיין סוף יעדען טאג, יעדע מינוט. אויף וואס קען איך ווארטען, אויף וואס קען איך האפפען? מיין ארעמער אומגליקליכער פאטער ווערט אללע טאג עלטער, אויסגעהארעוועטער; מעהר ווי דירה-געלד אונ אמאהל א קלייד קען ער אונז ניט געבען, אונ דאנקען נאטט דערפאר אויך! גיב נאטט ער זאלל שטענדיג זיין אין שטאנד צו הארעווען ווי יעצט, וועט עס אויך זיין א גליק. מיין געטרייע מוטטער זעה איך שטענדיג פארזארגט, אונ ווען זי טהוט א קוק אויף מיר, מוז זי א זיפץ ארויסלאזען פונקט ווי איך בין אקראנקע וואס קיין דאקטאר קען מיר ניט העלפען... מיין פאטער האט קיין צייט ניט צו קוקען אויף זיינע קינדער אונ וואס קען ארויס קומען פון זיין קוקען? מיינע שוועסטער ווערען מיר אין הארצען אללע טאג גרעסערע שונאים, האטש זיי ווילען מיך גליקליך זעהן — זיי זענען מיר שונאים פאר וואס איך בין ניט גליקליך, פאר זייער שנאה צו מיר קען איך אויף זיי ניט אין כעס זיין — זיי זענען פון זייער זייט פאלקאממען גערעכט... אזוי געהען אוועק חדשים, וואכען אונ טאג, איך ווער עלטער, אדער איך וועל גיך אלט ווערען. מיינע שוועסטער ווערען אויך עלטער, מיין פאטער ווערט איין אלטער יוד אונ מיין מאמע איין אלטע יודענע!

דער רעגען האט ווייטער געקלאפט אין פענסטער אהן דעם טאקט צו פראניא'ס מחשבות אונ די טראפפענס רעגען האבען זיך צוגאסען איבער די טאפליעס גלייך מיט טראפפענס טרעהרען איבער פראניא'ס באקען.

פראניאס מוטער האט אין דער צייט אויפגעראמט אין שטוב ושוין פון א חודש א; חנה האט אבגעשאפט די דיענסט, זי האט אלץ געוואלט פערשפארען. ויסגעוואשט די גלעזער אונ צושטעלט אין שאפע, זי האט עפים געטראכט אונ אלע מאל א זיפטין געטוהן, כ׳וצים האט זי זיך אניעדערגעשטעלט. האלטענדיג דעם האנדטוך אין איין האנד אונ א גלאז אין דער צווייטער האנד. אונ געקוקט אויף איהר טאכטער פראניאן. חנה׳ס געזיכט איז עפעס זיי פרעהליכער געווארען דאס הארץ האט זיך איהר געפרייעט קוקענדיג, ווי איהר שאנע טאכטער פראניא האט נאך קיין מאל אזוי שאן ניט אויסגעזעהן ווי יעצט. איהרע שווארצע, לאנגע, ניט קיין פארקעמטע האר האבען בעדעקט איהר ווייסען האלז אונ נאקקען זיי האבען געגרייכט כמעט ביז איהר אויסגעזאסענע טאליע; איהרע שווארצע, גרויסע אויגען האבען ווי א גרויס בעלייכטונג בעשיינט איהר שאן קיילעכעג געזיכט. פראניא איז געזעסען פערטראכט מיט אראבגעלאזט גרויסע שווארצע ברעמען, נאר איהרע שאנע אויגען האבען, ווי די זונן דורך א זיידענעם פארהאנג, דורכגעזעצט איהרע שטראהלען וואס האבען בעשיינט דאס גאנצע צימער. דאס מוטערליכע הארץ האט זיך דערווארעמט. אונ חנה איז מיט שטילע טריט צוגעגאנגען צו איהר טאכטער אונ אהן ווארטער א שטילען נאר א הייסען קוש געגעבען. פראניא האט אויך אהן ווארטער ארומגענומען איהר מוטטער אונ געקושט.

חנה האט ווייטער זיך גענומען צו איהר ארבייט, אונ האט זיך ווידער אבגעשטעלט אונ גערעדט צו זיך.

— ווי נארריש איז די וועלט, ווי נארריש זענען די מאנספערזאנען! מיט אזא טייערען ברילליאנט דארף איך זיך זארגען?! איך בין ניט פערנאררישט אין מיינע קינדער, לאמיך דאס זאגען אויף מאניאן מיט פראניאן—ביי מיר אונ ביי יעדער מוטער זענען אלע קינדער גלייך, איך האב זיי אלע גלייך ליעב, נאר פארט ווייס איך אונ מוז זאגען אז פראניא איז דאס בעסטע, שאנסטע אונ געראטענסטע קינד.

אין דעם שטילען צימער איז פלוצים פרעהליך אריין געפלויגען מ א נ י א

—מאמע, האסט ניט געזעהן מיין נייעם בוך מיט די רויטע מאוועל?

—אט ליעגט ער נעבען פ ר א נ י א ן.

מ א נ י א איז צוגעלאפען אונ האט מיט כעס א חאפ געטוהן דעם בוך וואס איז געלעגען פערמאכט אויף דעם פענסטער וואו פראניא איז געזעסען.

—אלעס נעהמט זי, אלעס געהער צו איהר! זי מיינט אין אמת אז די איז אלעס אונ אלעס איז פאר איהר, עס איז דען דיין בוך? האט זיך מאניא געווענדעט צו פראניאן.

—אונ אז עס איז ניט מיין בוך, דארום טאהר איך אויך איהם ניט נעהמען? קענסט איהם נעהמען, איך האב איהם אפילו נאך ניט אנגעהויבען צו לייענען.

—אונ דו מעסט איה. טאקע ניט לייענען, ווייל מאטוועי גרינגארעוויטש האט איהם מיר געליען אין גאנצען אויף דריי טאג.

די צוויי ווערטער „מ א ט ו ו ע י  ג ר י נ ג א ר ע ו ו י ט ש“ האט מאניא אזוי געזאגט,

אַז אִיהר עֶלְטָערֶע שְׁוֶועסְטֶער זָאל פֶערְשְׁטֶעהְן, אַז מַאנְיַא אִיז שׁוֹין נִיט-קַיין קְלֵיין מֵיידֶעלֶע, אַז זִי אִיז דִי יוּנְגֶע פְּרֵיילַיין אִין הויז.

— אוּנ אַז אִיךְ וֶועל נִיט לֵייעֶנֶען מַאטְוֶועי גְרִינָארֶעוִויטְשְׁ'ס בוּךְ, בִּין אִיךְ אוֹיךְ נִיט אוּמְגְלִיקְלִיךְ.

— אַוַודַאי שְׁטֶעהְט דִיר נִיט אָן מַאטְוֶועי גְרִינָארֶעוִויטְשְׁ'ס?! פְּסִי, קַיין קַאטַאוֶועס נִיט?! ... הָאט מַאנְיַא גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁטָאלְצֶער מִינֶע אוּנ אִיז פְרֶעהְלִיךְ אַוֶועקְגֶעפְלוֹיגֶען.

דֶער פְּרָאסְטֶער הֵיימִישֶׁער שְׁמוּעֶס מִיט אִיהר יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער, וָואס אִיז אִין גַאנְצֶען בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן עֶטְלִיכֶע ווערְטֶער, הָאט פְּרַאנְיַאן גֶעשְׁמַאכֶען בִּיז אִין הֶער זִיבֶּעטֶער רִיפּ, נָאר נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל הָאט זִי גֶעהַאט פוּן מַאנְיַאן אַזוֹיגֶע שְׁטֶעכְוֶוערְטֶער.

זַייעֶר מוּטֶער פְלֶעגְט דִי וֶוערְטֶער אָנְגֶעהְמֶען פַאר אַ פְּרָאסְטָען הֵיימִישֶׁען שְׁמוּעֶס צְווִישֶׁען אֵיינֶגֶע שְׁוֶועסְטֶער. אַ מָאל פְלֶעגְט זִי זִיךְ אַרַיין-מִישֶׁען אוּנ זָאגֶען: „לָאז זַיין שְׁטִילֶער, קֶענְט אִיהר דֶען נִיט רֶעדֶען שְׁטִילֶער? אוּנ דָאס מֶעהר מָאל פְלֶעגְט זִי אִין גַאנְצֶען אָבְּשְׁווַייגֶען אָדֶער כְּלַל נִישְׁט בַּאמֶערְקֶען. דִי רִיכְטִיגֶע בֶּעדַייטוּנְג פוּן דִי וָוערְטֶער הָאבֶען נָאר דִי בֵּיידֶע שְׁוֶועסְטֶער גוּט גֶעוואוּסְט.

פְּרַאנְיַא הָאט אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער טְהִיר וואוּ מַאנְיַא אִיז אַוֶועק-גֶעגַאנְגֶען, וִוי זִי הָאט זִיךְ נָעדְרֵייט אוּנ גֶעקָאקֶעטִירְט.

נָאךְ אַזַא אִיבֶּער-שְׁמוּעֶסֶען זִיךְ מִיט דֶער שְׁוֶועסְטֶער פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג פְּרַאנְיַא אִיבֶּער-לֵייעֶנֶען אוֹיף אִיהר גֶעזִיכְט דִי דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער: „אַ נָא פְּרַאנְיַאטְשְׁקַא: זָאג אַלֵיין, וֶוער אִיז דָא אִין שְׁטוּב דִי אַלְטֶע מוֹיד, אוּנ וֶוער אִיז דָא דִי יוּנְגֶע פְרֵיילַיין וָואס בְּלִיהֶעט וִוי דִי בְּלוּמֶען?

הַנֵה הָאט שׁוֹין אִין שַׁאפֶע אוֹיסגֶעשְׁטֶעלְט אַלֶע גְלֶעזֶער אוֹיף זַייעֶר אָרְט אוּנ גֶעוָואלְט אַרַיינְגֶעהְן אִין קִיךְ, נָאר זִי הָאט פְּלוּצִים וַוייטֶער אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אִיהרֶע אוֹיגֶען אוֹיף פְּרַאנְיַא'ן, זִי הָאט זִיךְ כִּמְעַט דֶערשְׁרָאקֶען פַאר אִיהר מָרָה-שְׁחוֹרָה, פַאר אִיהר בְּלַאס גֶעזִיכְט, זִי הָאט גֶעוָואלְט צוּ גֶעהְן צוּ אִיהר אוּנ זִי פְרֶעגֶען, נָאר פְּרַאנְיַא פְלֶעגְט אִיהר קַיין מָאל נִיט וֶועלֶען עֶנְטְפֶערֶען אוֹיף אַזוֹיגֶע פְרַאגֶען, דַארוּם הָאט זִי יֶעצְט אוֹיךְ מוֹרָא גֶעהַאט צוּ פְרֶעגֶען. זִי אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין קִיךְ אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין צִימֶער גֶעוַוארְט, טָאמֶער וֶועט זִיךְ פְּרַאנְיַא אָנְרוּפֶען, דַאנְן וֶועט זִי מִיט אִיהר יֶעצְט רֶעדֶען — רֶעדֶען עֶרֶענְסְט.

— נָאר וָואס קֶען אִיךְ מִיט אִיהר רֶעדֶען, מִיט וָואס קֶען אִיךְ אִיהר טְרַייסְטֶען, אַז אִיךְ בִּין אַ טוּידְטֶער מֶענְשׁ, אִיךְ הָאב אֲפִילוּ קַיין הָאפְפֶענוּנְג, אִיךְ הָאפְּ נָאר אוֹיף גָאטט, עֶר קֶען אַלֶעס, אוֹיף מַיין מַאגְס פֶערדִיעֶנְסְטֶען קֶען אִיךְ נִיט הָאפֶען — גָאטט זָאל נָאר בַּאשֶׁערֶען, וַוייטֶער דַארְף אִיךְ גָאר נִיט; חָלֶעבֶּען אַז מֶען וִויל בֶּעטְרַאכְטֶען אִיז נָאךְ גָאר נִיט אַזוֹי שְׁלֶעכְט וִוי אוּנְז וַוייזְט אוּיס, בַּאֲשֶׁר מִיר הַלְטֶען זִיךְ גְרוֹיס, וֶוער שְׁמוּעֶסְט מַיין פְּרַאנְיַאטְשְׁקֶע זָאל לֶעבֶּען, אָבֶּער וֶוען מִיר זָאלֶען זִיךְ אַ בִּיסֶעלֶע אַרָאבְּלָאזֶען אִיז גָאר דֶער אוּמְגְלִיק נִיט אַזוֹי גְרוֹיס, וָואלְט גָאטט בַּאשֶׁערְט, אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער פַאר-זִיצְט נִיט ב״ה; אוֹי, אוֹי, מַיין פְּרַאנְיַאטְשְׁקֶע זָאל נִיט זַיין אַזוֹי צוּ פִיעל פוּן הַיינְטִיגֶע

וועלט. גאָטט זאָל מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר די רייד! וואָלט מען זיך געפֿיהרט ווי אַלע יודען פֿיהרען זיך — מע וואָלט געבעטען אַ שדכן אונ נאָר ניט — אונ גאָטט וואָלט געהאָלפֿען, האָבען דען התונה נאָר די וואָס האָבען נדן?

— איך האָב נאָר געוואָלט וויסען: וואָס שרייבט איהר גאַרפֿינקעל? ער וואָלט אפילו געפּאַסט פֿאַר פֿראַניאַ'ן, ער איז זעהר אַ ערליכער יונגער־מאַנן, זעהר אַ גוטער, ער קען לשון־קודש אויך. דאָס איז אַוודאַי זעהר שאָן, נאָר אַז ניט נאַרפֿינקעל האָט מען דען ניט חתונה? איך וועל זיך פֿריעווען..

אונ חנה איז צוגענאַנגען צו איהר מאַכטער, זיך געזעגט געבען איהר.

— פֿראַניאַטשקע. איך האָב דיך געוואָלט עפּעס פֿרעגען, נאָר זיי ניט באַז, ענטוועער מיר אויף אַלעס, דו ביסט טאָקע פֿון היינטיגער וועלט, געלעהרענטער פֿון מיר, קלוגער פֿון מיר, איך בין אַ פּראָסטע יודענע, נאָר איך בין דיר געטריי, מיין קינד, איך לעב נאָר פֿאַר דיר. פֿאַר אייך, פֿאַר מיינע קינדער — אונ חיל זיי זעהן גליקליך.

— מאַמאַניאַ! האָט זי זיך אָנגערופֿען אונ אַ קוש גגעבען איהר, וואָס זאָגסט דו, וואָס רעדסט דו? גלויב מיר, אַז קיין קלינערס אונ בעסערס פֿון מיין מאַמען איז נאָר פֿאַר מיר ניט דאָ, פֿרעג איך וועל איך דיר אויף אַלעס ענטפֿערען.

— דו בעקומסט אָפּטע בריעף פֿון גאַרפֿינקלען?

פֿראַניאַ האָט ניט ערוואַרטעט אַזאַ פֿראַגע, זי האָט אין אַנהייב ניט געוואוסט וואָס צו ענטוועערען נאָר זי האָט געזאָגט דעם אמת.

— יאָ, מאַמע, וואָס איז דען?

— דו האָסט מיר צוגעזאָגט אויף אַלעס ענטוועערען, וויל איך דיך בעטען, דו זאָלסט מיר איבער־לייענען אַ צוויי בריעף אָדער מיר דערצעהלען וואָס ער שרייבט דיר

— גאָר ניט, ער שרייבט מיר ווי עס געהט איהם אין פּעטערסבורג.

— ווי־זשע געהט עס איהם, גוט?

— ניט שלעכט, ער שרייבט פֿרעהליכע בריעף.

— נאָ, געלויבט גאָטט דער־פֿאַר! נאָ אונ וואָס שרייבט ער דיר? איך וויל זאָגען... זאָג מיר מיין טאָכטער דעם אמת, האָסט דו עפּעס האָפֿפֿענונג, אַז גאָטט זאָל דיר איהם צושיקען פֿאַר דיין באַשערטען?

פֿראַניאַ איז רויטה געוואָרען.

— ניין, מאַמע.

— ניין? האָט חנה געפֿרעגט זיי דערשראָקען אונ טרויריג געוואָרען.

— ניין!

וואָס־זשֶׁע רֶעדט שְׁרַייבְּט עֶר דִיר בְּרִיעף? אִיךְ פַאַרשְׁטֶעה נִיט.

—אָנ׳ שְׁרַייבְּט עֶר— ווָּס הַאַרְט עֶס אִיהם? זִיבֶּען קָאפִּיקֶעס אוֹיף אַ מַארְקֶע זְשַׁאלֶעווֶעט עֶר נִיט, נָאר אִיךְ גְלוֹיבּ אִיהם נִיט, מַאמֶע, אִיךְ הָאבּ אִיהם אוֹיפגֶיהֶערְט צוּ גְלוֹיבֶּען, אִיךְ װעל אִיהם דַאכְט זִיךְ שׁוֹין מֶעהר נִיט עֶנְטְפֶערֶען אוֹיף זַיינֶע בְּרִיעף; אִיךְ גְלוֹיבּ קֵיינֶעם נִיט, מַאמֶע, אוּנ ווֶעל מֶעהר נִיט גְלוֹיבֶּען.

— אוֹיבּ אַזוֹי, מַיין קִינְד, ווָאלְט אִיךְ דִיר גֶעווָאלְט עֶפֶּעס זָאגֶען, נָאר אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דוּ זָאלְסְט אוֹיף מִיר נִיט אִין כַּעס זַיין! דוּ זָאלְסְט מִיךְ נָאר אוֹיסהֶערֶען אוּנ דֶער נָאךְ מְחוּא ווִי דוּ פַארשְׁטֶעהסְט, אִיךְ ווִיל מַיינֶע קִינְדֶער נִיט צְווִינְגֶען צוּ קֵיין שׁוּם זַאךְ.

—צוּ ווָאס הָאבּ אִיךְ אִין כַּעס צוּ זַיין? זָאג מַאמֶע ווָאס דוּ ווִילְסְט נָאר.

—פָאלְג מִיךְ, פְרַאנְיַאטְשְׁקֶעוּ לָאמִיר אַװֶעק־װַארְפֶען אַלֶע נַארִישְׁקֵייטֶען, אָט דִי אַלֶע פּוּסְטֶע פְרַאנְטֶען זָענֶען נִיט װֶערְט קֵיין דְרַייֶער, הָאטְשׁ אִיךְ בִּין נִיט קֵיין גֶעבִּילְדֶעטֶע, פַאר־שְׁטֶעה אִיךְ אוֹיךְ אַז זֵיי זוּכֶען נָאר צֶעהְן טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל אָבֶער נִיט קֵיין פְרוֹי ווִי גָאט אוּנ לַייט הֵייסֶען. מִיר זֶענֶען יוּדֶען, פְרָאסְטֶע יוּדֶען— פָאלְג מִיךְ, אִיךְ װֶעל זָאגֶען אַ שַׁדְכְן, עֶר זָאל רֶעדֶען אַ שִׁידוּךְ אוּנ גָאט װֶעט דִיר גֶעבֶּען אַ גוּט מַזָל גְלַייךְ מִיט אַלֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער, אַ פִיער פִינף הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל װֶעלֶען מִיר דִיר גֶעבֶּען נְדָן, ווִי זָאגְט מֶען: אַ יוּד הָאט קֵיין בְּרוֹידְט נִיט אוּנ אוֹיף אַ קִינְדְס חֲתוּנָה גֶעפִינְט זִיךְ, מִיר קֶענֶען נִיט טְרַאכְטֶען פוּן טוֹיזֶענְדֶער נְדָן אוּנ מִיר טָארֶען עֶס גָאר נִיט טְרַאכְטֶען, גְלוֹיבּ מִיר אַז אֲפִילוּ צֶעהְן טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל נְדָן אִיז אוֹיךְ קֵיין צוּבְּרָאכֶענֶעט גְרָאשֶׁען נִיט ווֶערְט, זֶעהְסְט דוּ, אַז גָאט הֶעלְפְט דֶער נָאךְ— נָאךְ דֶער חֲתוּנָה גֶעזוּנְד, פַּרְנָסָה אוּנ שָׁלוֹם אִין שְׁטוּבּ, אָט דָאס אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְס גְלִיק, אָ ווִיפִיעל מֶענְשֶׁען קֶענֶען מִיר ווָאס הָאבֶּען רַייךְ חֲתוּנָה גֶעהַאט אוּנ אִיצְט זָענֶען זֵיי אָרֶעמֶע לַייט, ווִיפִיעל מֶענְשֶׁען קֶענֶען מִיר ווָאס הָאבֶּען אָרֶעם חֲתוּנָה גֶעהַאט, אַז אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטֶען מִיטְטָאג הָאט דֶער מַאנְן בֶּעדַארְפְט פַארזֶעצֶען דֶעם טַלִית אוּנ יֶעצְט זֶענֶען זֵיי גְרוֹיסֶע גְבִירִים.

—יָא, מַאמֶע, בִּיסְט גֶערֶעכְט נִיט דָאס מַזָל אִיז אִין דִי צֶעהְן טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל, דָאס אִיז אֶמֶת, אָבֶער דֶעם אֱמֶת אִיז גָאר אִיבֶּעריג מִיר זָאלֶען עֶס ווִיסֶען, ווִיסֶען דַארְפֶען עֶס דִי יוּנְגֶע לַייט ווָאס זוּכֶען נָאר צֶעהְן טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל נְדָן. אִיךְ ווִיל נִיט אוּנ הָאבּ קֵיין מָאל נִיט גֶעווָאלְט קֵיין רַייכֶען חָתָן, אִיךְ ווִיל נָאר אַ מֶענְשֶׁען, אַ גֶעבִּילְדֶעטֶען מֶענְשֶׁען, עֶר זָאל זַיין מַיין גְלַייכֶען, אִיךְ אוּנ מַיין מַאנְן זָאלֶען זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אַיינְס דָאס אַנְדֶערֶע קֶענֶען פַאר־שְׁטֶעהְן אוּנ קֶענֶען אַ ווֶעלְט אוֹיספִירֶען, צוּם בֶּעדוֹיעֶרֶען אָבֶער זֵיי גֶעבִּילְדֶעטֶע לַייט פַארגֶעווֶען נִיט מִיט כַּלוֹת דוּרְךְ מֶעקְלֶערְס (שַׁדְכְנִים) זֵיי הַאנְדְלֶען אָהְן מֶעקְלֶערְס, זֵיי הַאנְדְלֶען אַלֵיין, דִי מֶעקְלֶערְס זָאלֶען זֵיי חַס וְשָׁלוֹם נִיט אָבְּנַארֶען, ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז בַּיי מֶעקְלֶערְס, זֵיי שְׁטֶעלֶען דָאס גֶעשֶׁעפְט פַאר גְרוֹיס, אוּנ דֶער נָאךְ לָאזְט זִיךְ אוֹיס נִיט אַזוֹי גְרוֹיס, עֶס פֶעהלְט אַ צְווֵיי דְרַיי טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל.

דִי גֶעבִּילְדֶעטֶע גֶענְדִיגְטֶע טַארְגָאווִיצֶעס זֶענֶען קְלוּגֶער, זֵיי קוּמֶען פְרִיהֶר אַרַיין, אָהְן מֶעקְלֶערְס. אִין דֶעם הוֹיז ווִי זֵיי גֶעפִינֶען זַייעֶר סְחוֹרָה, זֵיי פֶערבְּרֵיינְגֶען דֶערוֹיף צַייט אוּנ דֶער־ווִיסֶען זִיךְ צוּ בִּיסְלַעכְווַייז אוֹיף רִיכְטִיג ווִיפִיעל קֶענֶען זֵיי נֶעמֶען פַאר דֶער סְחוֹרָה, אוּנ דָאס

"וּפֶען זַיי אָהן „אוּהַאזְשֶׁעוֶוען", „פֶערלִיעבְּען זִיךְ"—און דָער נָאךְ וָוען זַיי פֶערזִיכֶערֶען זִיךְ אַז עֶס גֶעפִינְט זִיךְ גֶעלְד בִּיז צוּ דָער קָאפִּיקֶע, קְלַאפֶּען זַיי צוּ און וָוענְן נִיט, אִיז נִיט, אוּים לִיעבֶּע, אוּים אוּהַאזְשֶׁעוָוען ".

—נָא מַאמֶע, זָאל זַיין שַׁדְכָנִים, הָאט פְרַאנְיַא וַוייטֶער גֶערֶעדְט, זָאל זַיין נִיט קַיין גֶעבִּילְדֶעטֶער גִיעֶנְדֶעגְטֶער טָארְגָאוֶועץ, זָאל זַיין דוּרְךְ אַ מֶעקְלֶער.

חַנָה הָאט נִיט אִין גַאנְצֶען פַארְשְׁטַאנֶען פְרַאנְיַא'ס וָוארְטֶער.

—נָא טָאכְטֶער, דוּ זָאגְסְט זִיךְ אַליין אַז דָאס גְלִיק אִיז נִיט אִין קַיין גֶעלְד, וִוי זְשֶׁע הַייסְט דוּ, זָאל אִיךְ רֶעדֶען מִיט שַׁדְכָנִים?

—רֶעד מִיט שַׁדְכָנִים, אַ יָא מַאמָאנְיַא דוּ און דָער טַאטֶע וָועלֶען זַיין גְלִיקְלִיךְ אַז אִיךְ וָועל אַ כַּלָה וָוערֶען?

—וָואס פְרֶעגְסְט דוּ, נַארְרָאנְיַא, אַזוֹא נַארִישְׁקַייט? גִיבּ גָאט מִיר זָאלֶען עֶס דֶערְלֶעבֶּען אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה!—הָאט דִי מוּטֶער גֶעזָאגְט און טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיהר גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִי אוֹיגֶען פַאר פְרַייד.

—נָא מַאמָאנְיַא, און אַז אִיךְ וֶועל וֶועל חֲתוּנָה הָאבֶּען און וָועל הָאבֶּען קִינְדֶערְלֶעךְ, אַ יוּנְגֶעלֶע מִיט אַ מֵיידֶעלֶע, וֶועסְט דוּ זַיי לִיעבּ הָאבֶּען, וֶועסְט דוּ זַיין גְלִיקְלִיךְ?

—נַארֶעלֶע, נַארֶעלֶע, קַיין גְלִיקְלִיכֶערֶר מֶענְשׁ פוּן מִיר וָועט דֶענְסְטְמָאל נִיט זַיין!—הָאט דִי מוּטֶער זִיךְ צוּ וַויינְט וִוי אַ קְלַיין קִינְד, פִיעל גֶעקוּשְׁט דִי טָאכְטֶער און בֶּעגָאסֶען זִי מִיט אַ סַךְ טְרֶערֶען — מִיט טְרֶערֶען פוּן פְרַייד, טְרֶערֶען פוּן גְלִיק. פְרַאנְיַא אִיז וֶועהְר פְרֶעהְלִיךְ גֶעוָוארֶען און חַנָה הָאט זִיךְ קַיין מָאהל אִין אִיהר לֶעבֶּען נִיט גֶעפִיהְלְט אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ וִוי אִין דִי אִיצְטִיגֶע מִינוּטֶען.

XIV.

## מַאטְוֵויי גְרִיגָארְיָווִיטְשׁ.

חַנָה אִיז אַוֶועק־גֶעגַאנְגֶען אִין קִיךְ. פְרַאנְיַא הָאט גֶענוּמֶען דָאס קְלַייד נַייעֶן וָואס זִי הָאט פְרִיהר אַוֶועק־גֶעלֶעגְט.

—מַיינֶע עֶלְטֶערֶען וֶועלֶען זַיין גְלִיקְלִיךְ, מַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער וָועלֶען בֶּעפְרַייעט וֶוערֶען וָואס דֶען נָאךְ דַארְף אִיךְ?

חַנָה הָאט אִין קִיךְ כָּשֵׁר גֶעמַאכְט פְלֵייש;

—עֶנְדְלִיךְ קוּמְט אוֹיף יֶעדֶער זַאךְ אַ צַייט, אַייבִּיג אִיז נִיט שְׁלֶעכְט, מִיט גָאטְס הִילְף מַיין פְרַאנְיַאטְשְׁקָא וֶועט אִין גִיכְסְטֶען אַ כַּלָה וֶוערֶען! דִי חֲתוּנָה וָועט מֶען אוֹיךְ אוֹיף לַאנְג נִיט אָבְּלֶעגֶען, צוּ וָואס זָאלֶען מִיר זִיךְ נַארְרֶען? פְרַאנְיַא אִיז שׁוֹין נִיט קַיין יוּנְג מֵיידִיל, עֶס גֶעהְט אִיהר שׁוֹין — בִּיז הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג יָאהר — דָאס צְוַואנְצִיגְסְטֶע יָאהר...

חַנָה הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעלֶע פַארְטְרַאכְט און אַ זִיפְץ גֶעטְהוּן.

—אַי, עס איז מיר די צייט שלעכט. איך בין פארשולדיגט איבערען קאפּ, אונ האב ניט אַ גראָשען. נאר מע מוז זעהן זיך נאך מעהר פארשולדיגען. איך וועל וואונען אין איין צימער מיט אַ שטיקעל טרוקען ברויט וועלען מיר זיך אַלע בעגניגען. וואס טהוט מען ניט פון אַ קינדס וועגען? גאט וועט מתן העלפען.

אויף דער נאכט צו טהעע איז ביי די פריידקינזאהנס אין הויז געווען פרעהליכער ווי תמיד, פאר וואס איז געוועזן פרעהליכער האט קיינער ניט געוואוסט, מע האט נאר באמערקט ווי חנה די בעל־ביתטע איז פרעהליכער ווי תמיד אונ דאס איז שוין אַ כּלל ווי די בעל ביתטע אַזוי איז שוין דאס גאנצע הויז:

ביים טיש האט זיך אויך געפונען מאטוויי גרינארעוויטש. אונ האט נאר גערעדט מיט מאניאן אונ מיט סאניאן אונ וואונדערליך: ווען ער האט אַ מאהל אנגעהויבען רעדען מיט פראניאן פלעגט זיך קיין מאל ניט קלעבען זעהר שמועס אונ מיט די קלענערע שוועסטער האט ער גערעדט אונ גערעדט אַז עס האט קיין מאהל קיין ענדע ניט גענומען, בעזאנדערס פלעגט ער מיט די יונגערע שוועסטער פריידקינזאהן אַ סך רעדען ווינטער צייט. פאר די פריידקינזאהנס איז מאטוויי גרינארעוויטש געוועזן נאר אַ ווינטער־קאוואליער, ווייל זומער־צייט האט שטענדיג דער גוטער יאהר אנגעטראגען קיין אַריבאטאוועקע אַ גימינאזיסטעל, עפעס אַ סטודענטיל אָדער אַזוי אַ פראַנט פון דער גרויסער וועלט. אונ מיט וועמען רעדען פלעגען זיך די לייט באגעגענען אין אַריבאטעוועקע אַז ניט מיט די פריידקינזאהנס? דערנסטמאל, איך מיין זומער צייט, פלעגט מאטוויי גרינארעוויטש קיין מויל ניט קענען עפענען ווען די צוזאמענגעלאפענע גרויס שטאדטיגע קאוואליערען פלעגען רעדען. ערשטענס דער פאר ווייל ער האט זעהר שלעכט געשפּראכען רוסיש, חאטש ער האט געהאט אַ רוסישע געמבע אונ איז געגאנגען געקליידעט נאך דער נייעסטער מאדע אונ נאך פיעל שאנער אונ עלעגאנטער ווי די גימינאזיסטליך, סטודענטלעך אונ אנדערע גרויס־שטאדטיגע פראנטען, אונ ווען אפילו ער זאל זיך ניט שעמען מיט זיין שלעכט רוסיש רעדען האט ער אויך ניט געקאנט אַ טהייל נעמען אין זעהר געשפּרעך. איבער דעם טאקע פלעגט ער זומער־צייט כמעט גיט אַריין קומען צו די פריידקינזאהן אין הויז אונ מאניא מיט סאניאן פלעגען כמעט אין גאנצען פארגעסען צי עס איז נאר דא ערגעץ אין אַריבאטאוועקע אַ מאטוויי גרינארעוויטש אונ אַז זיי האבען איהם יא אַ מאהל באגעגענט אין גאס אונ זיך דערמאנט אין איהם, אימשטיינס געזאגט, ווי האט ער ביי זיי אויסגעזעהן זומער צייט?—
אַ גאר ניט, פראסט אַ יונגעלע! אַי וועט איהר פרעגען מיט וואס האט זיך מאטוויי גרינארעוויטש פארנומען זומער־צייט? זארגט זיך ניט, ער איז שטענדיג געוועזן פארנומען אונ געהאט פיעל צו טהון, זומער־צייט פלעגט ער דרעהן אַ קאפּ געלען אונ גימעלען אונ נאך אנדערע אַזעלכע יודישע מיידליך, זיין אוצר העכסט אינטערעסאנטע ראמאנען מיט זיין זינגען רוסישע ראמאנסען אונ ליעבע־ליעדלעך האט ער געהאט גענוג מאטעריאל צו פארדרעהן כמעט אַלע אַריבאטאוועקער מיידלעך פון פרומע חסידישע עלטערען, נאר ווינטער־צייט פלעגט ער איזמעניאיען „זוממערדיגע די ליעבעס„ אונ שטענדיג זיצען ביי פריידקינזאהנס צוויי יונגערע פריילין. מאניא מיט סאניאן פלעגען מיט דעם איינציגען ווינטערדיגען קאוואליער זיין זעהר צופרידען אונ פיעל רעדען מיט איהם, מאטוויי גרינארעוויטש איז בודאי מיט זיי געוועזן צו פרידען, ווארום באמת וואס האט געזנאטשעט

אַכְטְצֶעהְן גֶעקֶעס, גִיטֶעלֶעךְ מִיט אַלֶע אָרִיבַּאטְאָווְקֶער מֵיידְלֶעךְ קֶענֶען פְרַייְדְקִינְזָאהנִם שָׁאנֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע טֶאכְטֶער! אַי וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען זוּמֶער אוּנ עֶס אִיז זִיךְ אָנְגֶעלָאפֶען דִי סְטוּדֶענְטְלִיךְ אוּנ דִי פְרַייְדְקִינְזָאהנִם הָאבֶּען מַאטְוֵויי עָן אִיזְמֶעֶנְיָעס, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ נִיט גֶעפוּנֶען בֶּעלַיידִיגְט, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶס אִיז נִיט אוֹיף לַאנְג, עֶס אִיז נָאר בִּיז וִוינְטֶער.

אָט אַזוֹי אִיז אַוֶועק־גֶעגַאנְגֶען אַ סַךְ זוּמֶערְס מִיט וִוינְטֶערְס אוּנ מַאטְוֵויי גְרִינְגָארֶעוויטְשׁ הָאט זִיךְ גֶעלֶעבְּט גַאנְץ נִישְׁטִקְשֶׁה, אוֹיסֶער וָואס עֶר אִי׳ גֶעוֶועזֶען פַארנוּמֶען מִיט דִי אַרִיבַּאטְאָווְקֶער מֵיידְלֶעךְ, אִיז עֶר דִי אִיבְּרִיגֶע צַייט גֶעוֶועזֶען פַאר־נוּמֶען מִיט זִיךְ זָעלְבְּסְט ד׳ ה׳ מִיט גוּט זִיךְ אָבְּוואשֶׁען אוּנ אָבְּזַייפֶען, מִיט שֶׁאן אָנְטְהוּן זִיךְ אוּנ מִיט קוּקֶען אִין שְׁפִּיגֶעל, שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט פְלֶעגְט עֶר אִיבֶּער־זִיצֶען אִין פְרֶעמְדֶע הַייזֶער אוּנ דֶער נָ׳ךְ בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים אַנְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען בַּיי אַ זֶעהר הֶעכְסְט אִינְטֶערֶעסַאנְטֶען רָאמַאן. פַאר פַּרְנָסָה הָאט עֶר נִיט בֶּעדַארְפְט זָארְגֶען, זַיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קָהָל־שְׁרַייבֶּער אִין אַרִיבַּאטְאָווְקֶע, אוֹיף דֶער עֶלְטֶער הָאט עֶר זִיךְ גֶעקוֹיפְט אַ שְׁטִיבֶּעל אוּנ דֶעם וַוייב גֶעמַאכְט אַ קְלֵיינֶעם קַאפִּיטַאל אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיבֶּערגֶעלָאזְט אַיין אַלְמָנָה מִיט אַ בֵּן יָחִיד (אוּנְזֶער מַאטְוֵויי גְרִינְגָארֶעוויטְשׁ). דִי אַלְמָנָה אִיז דֶעם גַאנְצֶען טָאג גֶעזֶעסֶען אִין קְלֵייט, אוּנ גֶעהָאר׳וֶועט פַאר׳ן בֵּן יָחִיד אִיהר קַדִישׁ. קֵיין גְרוֹיסֶע הוֹצָאָה אִיז בַּיי אִיהר נִיט גֶעוֶוען. קֵיין דִירָה־גֶעלְד הָאט זִי נִיט בֶּעדַארְפְט צָאהלֶען אוּנ אוֹיף דֶעם אִיבְּרִיגֶען הָאט דָאס קַאפִּיטַאל גֶעטְרָאגֶען.

דִי אַלְמָנָה הָאט שְׁטֶענְדִיג פַאר אִיהר בֵּן יָחִיד אָנְגֶעגְרֵייט אַ מִיטָאג מִיט אַ וֶועטְשֶׁערֶע צוּ דֶער צַייט אוּנ אַ מַלְבּוּשׁ אוֹיךְ גֶעמַאכְט וֶוען עֶר הָאט נָאר בֶּעדַארְפְט, הַיינְט וָואס נָאךְ הָאט בֶּעדַארְפְט מַאטְוֵויי גְרִינְגָארֶעוויטְשׁ? דֶער צוּ הָאט עֶר נָאךְ גִיקֶענְט אַ בִּיסֶעל רוּסִישׁ לֵייעֶנֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען אוּנ אַ יוּדִישֶׁען רָאמַאן אִיבֶּערלֵייעֶנֶען, אַ גְלַייכֶע נָאז, שְׁווַארְצֶע גֶעגְרַייזֶעלְטֶע הָאר הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעהַאט, זַיין רָאק אִיז אוֹיף אִיהם אוֹיךְ גֶעלֶעגֶען גוּט „אוֹיסגֶעגָאסֶען", דֶער צוּ הָאט עֶר גֶעפִיהרְט לִיעבֶּעס כִּמְעַט מִיט אַלֶע אַרִיבַּאטְאָווְקֶער חֲסִידִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ אַרִיסְטָאקְרַאטְקֶעס.

אָט דָאס אִיז דֶער גְלִיקְלִיכֶער מַאטְוֵויי גְרִינְגָארָאווִיטְשׁ מִיט וֶועלְכֶען דִי אַרִיבַּאטָאווְקֶער פְרֵיילַיין הָאבֶּען אַזוֹי צוּ טְהוּן.

נָאר דֶעם לֶעצְטֶען זוּמֶער הָאט זַיין רוּהִיג לֶעבֶּען אִיצְט בִּיסְלֶעכְוַוייז אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ־שְׁטֶערְט וֶוערֶען. עֶס הָאט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְרֶעיְנְקֶען וָואס עֶר הָאט אִיבֶּער דִי אָנְגֶעלָאפֶענֶע סְטוּדֶענְטֶען נִיט גִיקֶענְט זַיין אָפְּט בַּיי דִי פְרַייְדְקִינְזָאהנִם, עֶר הָאט קֵיין נַאכְט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען. עֶר הָאט זִיךְ קֵיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען, עֶס הָאט אִיהם נָאר גֶעצוֹיגֶען צוּ פְרַייְדְקִינְזָאהנִם הוֹיז. אוּנ וִוי עֶר אִיז הַיינְטִיגֶען זוּמֶער גֶעגַאנְגֶען שְׁפַּאצִיעֶרֶען אִיז עֶר אַלְץ אוּם גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער „שְׁמָאלֶער" גַאס וואוּ פְרַייְדְקִינְזָאהנִם הוֹיז הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען. ווי עֶפֶּעס אַ נִיט־גוּטֶער הָאט אִיהם גֶעצוֹיגֶען אוֹיף דֶער „שְׁמָאלֶער" גַאס. זַיינֶע בֶּעקַאנְטֶע פְרֵיילַיין פְלֶעגֶען שׁוֹין ווִיסֶען אַז מַאטְוֵויי שְׁפַּאצִיעֶרְט נָאר אוֹיף דֶער שְׁמָאלֶער גַאס. אוּנ וֶוען עֶר פְלֶעגְט מִיט זֵיי צוּזַאמֶען שְׁפַּאצִיעֶרֶען פְלֶעגְט עֶר אוֹיךְ פַאר־בְּלָאנְדְזֶעט וֶוערֶען אוֹיף דֶער גַאס אוּנ וֶוען זֵיי פְלֶעגֶען אִיהם פְרֶעגֶען פַאר וָואס גֶעפֶעלְט אִיהם בֶּעסֶער דִי שְׁמָאלֶע גַאס. אִיז דֶען נִיט בֶּעסֶער

צוּ שְׁפַּאצִירֶען אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט? פְלֶעגְט עֶר עֶנְטְפֶערֶען אַז דִי עֶטְלִיכֶע בֵּיימֶלֶעךְ פוּן דֶער שְׁמָאלֶער גַאס שְׁמֶעקֶען בֶּעסֶער וִוי אוּנְטֶער דִי שְׁטָאדְט דִי וָואלְדֶער. אוּנ פֶעלְדֶער אוּנ בַּאנַאכְט וָוען דִי לְבָנָה שַׁיינְט, זֶעהְט עֶר נִיט אִין עֶרְגֶעץ אַזַא שֶׁאנֶעם לַאנְדְשַׁאפְט וִוי אוֹיף דֶער שְׁמָאלֶער גַאס; אוֹיף דֶ ע ר גַאס אִיז עֶר קֵיין מָאהל נִיט מִיעד גֶעוָוארֶען צוּ שְׁפַּאצִירֶען. ווִינְטֶער אִין דֶעם גְרֶעסְטֶען פְרָאסְט אִיז אִיהם נִיט קַאלְט גֶעוֶועזֶען, אֲפִילוּ אִין דִי אָסְיֶענְדִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע פַאגַארֶעס פְלֶעגְט זִיךְ אִיהם אוֹיךְ אוֹיסְוַויזֶען אַז אוֹיף דֶער שְׁמָאלֶער גַאס הַייבְּט אָן צוּ טְרִיקֶענֶען, אוּנ דִי זִינֶן שְׁלָאגְט זִיךְ דוּרְךְ דִי וָואלְקֶענְס אוּנ טְהוּט אַ קוּק עֶטְלִיכֶע מָאהל אִין טָאג, אוֹיף דֶ ע ר גַאס הָאט עֶר גֶעזִיפְצְט, גֶעקְרֶעכְצְט אוּנ אַמָאהל אוֹיךְ גוּטֶע מִינוּטֶען פַארְבְּרַאכְט, מִיט אַיין וָוארְט: אוֹיף דֶער שְׁמָאלֶער גַאס" הָאט אִיהם גֶעצוֹיגֶען וִוי מִיט אַ מַאגְנֶעט — עֶר אִיז גֶעוֶוען פֶערלִיעבְּט, וִוי מֶ'ע זָאגְט, אִיבֶּערֶען קָאפּ, מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְצֶען, מִיט זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען! דִי וָואס הָאבֶּען דָאס אוֹיף אִיהם בַּאמֶערְקְט הָאבֶּען אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר אִיז פֶערלִיעבְּט אִין פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס צְוַוייטֶער טָאכְטֶער, אִין מַאנְיַאן, וָואס דָען לִיעגְט עֶר דָארְט אִיבֶּער טָאג אוּנ נַאכְט? נָאר בֶּאֱמֶת אִין וֶועמֶען עֶר אִיז פֶערלִיעבְּט הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעווּסְט אֲפִילוּ נִיט דִי וָועלְכֶע עֶר הָאט לִיעב גֶעהַאט, נָאר עֶר אַלֵיין הָאט גֶעווּסְט פוּן זַיין גְרוֹיסֶע שְׁטַארְקֶע לִיעבֶּע צוּ פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס עֶלְטֶערֶע טָאכְטֶער פְרַאנְיַא'ן! עֶר הָאט קֵיין אַיינְצִיג מָאל נִיט גֶערֶעדְט מִיט פְרַאנְיַא'ן, אוֹיסֶער אַ מָאהל צְוַוייא וֶוערְטֶער וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן אַ גֶעוָואהְנְלִיכֶע פְרַאגֶע מִיט אַיין עֶנְטְוֶוער, אוּנ וִוי הָאט עֶר גָאר גֶעוַואגְט רֶעדֶען מִיט פְרַאנְיַא? עֶר הָאט אַלֵיין גוּט גֶעווּסְט, אַז עֶר קוּמְט נִיט מִיט אַיין זַאךְ צוּ אִיהר, עֶר הָאט גֶעווּסְט אַז עֶר אִיז אַ קֶעגֶען אִיהר אַ גָאר נִישְׁט אוּנ פוּן זַיין לִיעבֶּע קֶען גָאר נִיט אַרוֹיס קוּמֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען פְלֶעגְט עֶר נִיט אַרוֹיס טְרֶעטֶען פוּן פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס הוֹיז, רֶעדֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנ קוּקֶען—אוֹיף פְרַאנְיַא'ן. אִיהם אִיז עֶפֶּעס גֶעוֶועזֶען וַוארֶעמֶער, בֶּעסֶער אוּנ לִיעבֶּער וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין דֶעם צִימֶער ווּ פְרַאנְיַא, אוּנ וֶוען זִי הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען הָאט עֶר זִיךְ קֵיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען בִּיז עֶר הָאט זִי נִיט גֶעזֶעהְן. עֶר פְלֶעגְט אִין פְרֵיידְקִינְזָאהְנְס הוֹיז טְרָאגֶען דִי בֶּעסְטֶע בִּיכֶער צוּם לֶעזֶען, דִי בֶּעסְטֶע פְרוּכְטֶאוֶוע קָאנְפֶעקְטֶען, נָאר פְרַאנְיַא הָאט קֵיין מָאהל מִיט זַיינֶע אַנְטִיקֶען זִיךְ נִיט בֶּענִיטְצְט, אַ בּוּךְ קֵיין מָאהל נִיט גֶעבֶּעטֶען, נִיט וַוייל זִי הָאט פַיינְד גֶעהַאט מַאטְוַוייֶען נָאר פְרָאסְט דֶער פַאר וַוייל זִי הָאט אִיהם קֵיין מָאהל נִיט בַּאמֶערְקְט אוּנ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ פוּסְט יוּנְגֶעל, וָוס קֶען זַיין אַ בֶּקַאנְטֶער פוּן אַזֶעלְכֶע יוּנְגֶע מֵיידְלֶעךְ וִוי אִיהרֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע.

מַאטְוַויי פְלֶעגְט נָאר רֶעדֶען מִיט סָאנְיַא'ן אוּנ נָאךְ סֶעהְר מִיט מַאנְיַא'ן, אוּנ פְרַאנְיַא הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף זַייעֶר בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט אוּנ פְרֵיינְדְשַׁאפְט וִוי אוֹיף אַ גַאנְץ נַאטִירְלִיכֶע זַאךְ.

אִיצְט אִיז מַאטְוַויי אוֹיךְ גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען טְהֶעע כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען פַאר זַיין אַוֶועקְגֶעהְן אַ קוּק טְהוּן אוֹיף מַאנְיַא'ן, זָאגֶען אִיהר אַ גוּטֶע נַאכְט, גֶעבֶּען דִי הַאנְד פְרַאנְיַא עֶנְטְפֶערְט אַ גוּט יָאהר אוּנ גִיט אִיהם אוֹיךְ דִי הַאנְד. נָאךְ אַזַא גֶעזֶעגֶענֶען אִיז מַאטְוַויי שׁוֹין גֶעוֶועזֶען גְלִיקְלִיךְ, אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ.

אָבֶּער וִוי אוּמְגְלִיקְלִיךְ אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען וָוען פְרַאנְיַא אִיז גְרַאדַא נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ טְהֶע אוּנ עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט אַוֶועקְגֶעהְן אוּנ אֲפִילוּ נִיט זֶעהְן פְרַאנְיַא'ן!..

## XV

# אשלעכטע נאכט און א גוטער חלום.

היינטיגען אבענד איז פראניא אוועק־געגאנגען פון טיש מיט דער דעה זי זאל באלד קומען צוריק, דרום האט זי זיך מיט קיינעם ניט געזעגענט. נאר זי האט זיך געפיהלט זייער מיעד און איז געבליבען ביי זיך אין צימער. קיינער נאטירליך הט פון פראניא'ס אויס־בלייבען גאר ניט געוואונדערט און גאר ניט פארלירען. נאר איין מאטוויי האט זיך דעם אבענד געדערבענט פאר זעהר אומגליקליך.

ער האט זיך היינט פארבראכט כמעט א גאנצען האלבען טאג מיט מאניאן כדי ער זאל בלייבען צו טהע און האבען א געלעגענהייט צו זאגען פראניאן „א גוטע נאכט" ד. ה. פראניא וועט איהם דער־לאנגען די האנד און ענטווערען „א גוטע נאכט אייך. מאטוויי גריגארעוויטש" — צום סוף ווען ער דארף אוועק געהן איז זי ניט דא.—

ווען מאטוויי איז ארויס געגאנגען פון פריידקינזאהנס הויז האט ער פאר זיינע אויגען גאר ניט געזעהן, אזוי געדעכט־פינסטער איז געווען היינטיגע נאכט. אין ערגיץ האט מען ניט געזעהן קיין שיין וייל. עס איז שוין געוועזן ניט פריה און אלע לאדען צו געמאכט. ער איז געשטאנען עטליכע מינוט און זיך געפרובט עטוואס זעהן וואס עס טהוט זיך פאר אים — נאר אומזיסט. ער זעהט מעהר ניט פאר זיך א גראבען שווארצען טומאן, וועלכען מען קען מיט הענד כמעט אנטאפען. ער האט אנגעהויבען מאכען עטליכע טריט אבער עס איז ניט מעגליך צו געהן. אונטער די פיס איז נאס און ער פאלט אריין אלע מאהל אין א טיעפערער בלאטע. ער קוקט זיך אום טאמער געהט עמיצער, גאר מע זעהט ניט קיין לעבעדיגען מענשען.

—און וועלכער משוגענער וועט נאר יעצט געהן!—האט ער צו זיך געזאגט—נאר אזא פארליעבטער ווי איך קען אין אזא פאגאדע געהן. א ווי שטארק איז די ליעבע! עס איז דאכט זיך ניט מעגלעך א טריט צו טהון. נאר איך וואלט אין דער יעצטיגער פאגאדע, אין דער גרויסען פינסטערקייט צעהן ווערסט צו פוס געלאפען ווען איך זאל נאך א קוק קענען טהון אויף דעם געטליכען געזיכט.

אנהאלטענדיג זיך ביי די וואנד פון פריידקינזאהנס הויז, האט ער זיך געלאזט געהן א היים. ער האט אנגעטאפט לאדען פון א פענסטער — די לאדען פון פראניא'ס ספאלניא.

—אט דא, אט דא אונטער די הילצענע לאדען געפינט זיך מיין גליק, מיין גאנץ לעבען, מיין עק וועלט... איך מוז זי א קוק טהון... חאטש איין קוק טהון אויף איהר... ער האט זיך ניט איינגעהאלטען און צו־געשטעלט די אויגען צו די שפארינעס פון לאדען.

אין ספאלניא האבען זיך געפונען אלע דריי שוועסטער. נאר ער האט נאר געזעהן פראניאן, זי איז געוועזען אין א ווייסע קאפאטע מיט א ווייס קלייד; אין דעם ווייסען

קָאסְטִיוּם הָאט זִי מַאטְוֵויי גְרִינְגָערְעוִויטְשׁ דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאהל גֶעזֶעהְן אִין דֶעם קָאסְטְיוּם זִינְגָען פְּרַאנְיַאס הָאר אוּנ אויגְען נָאךְ שְׁוַוארְצֶער גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבֶּען אִיהר שָׁאנֶער גֶעפַּאסְט צוּם פָּנִים וִוי תָּמִיד, אִין מַאטְוֵויעֶן הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען צִיטֶערֶען אַלֶע גְלִידֶער. דֶער קָאפּ אִיז אִיהם גֶעוָוארֶען הֵייס, פוּן זַיין שְׁטֶערֶען הָאט גִיקָאפֶּעט דֶער שְׁוֵייס, דָאס הַארְץ הָאט זִיךְ אִיהם שְׁטַארְק פַאר קְלֶעמְט, טְרֶערֶען הָאבֶּען אִיהם אָנגֶעהוֹיבֶּען גִיסֶען פוּן דִי אוֹיגֶען.

אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער פָאנָאדֶע הָאט עֶר נִיט גֶעפִילְט וִוי עֶר אִיז אַזוֹי אָבְּגֶעשְׁטַאנֶען אַ צַייט אוּנ גָאטְט וֵוייסְט בִּיז וַואנֶען עֶר וָואלְט אַזוֹי גֶעשְׁטַאנֶען, נָאר עֶר הָאט גֶעזֶעהְן וִוי פְּרַאנְיַא גֶעהְט צוּם פֶּענְסְטֶער, הָאט זִיךְ אִיהם אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז זִי הָאט דֶערְהֶערְט אַז עֶמֶעצֶער שְׁטֶעהְט בַּיים פֶּענְסְטֶער, אִיז עֶר אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען לוֹיפֶען אִין דֶער בְּלָאטֶע פוּנְקְט וִוי אִיז דְרוֹיסֶען וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַ שֶׁאנֶע טְרוּקִינֶע זוּמֶער־נַאכְט. נָאר בַּאלְד הָאט עֶר דֶערְפִילְט וִוי עֶס אִיז אִיהם זֶעהְר קַאלְט גֶעוָוארֶען. עֶר הָאט גֶעפִיהלְט אַזַא מִין קֶעלְט פוּנְקְט וִוי דֶער וָואס דֶעקְט זִיךְ גוּט אַיין וִוינְטֶער אִין אַ וַוארֶעם בֶּעט שְׁלָאפֶען אוּנ בַּאלְד הֵייבְּט מֶען אָן שְׁטַארְק קְלַאפֶּען אִין דֶער טְהִיר אַז מֶען הָאט אֲפִילוּ קֵיין צַייט נִיט חַאפֶּען עֶפֶּעס אוֹיף זִיךְ אָדֶער אַרוֹיף שְׁלֶעפֶּען אַ פָּאר שִׁיךְ, מֶע לוֹיפְט בָּארְוָועס אִיבֶּער דֶעם קַאלְטֶען פָאל אוּנ דוּרְךְ דֶעם קַאלְטֶען פָאדֶער־הוֹיז וואוּ מֶע הַייצְט קֵיין מָאהל נִיט.

נִיט וִויסֶענְדִיג וואוּ הִין עֶס טְרָאגֶען אִיהם דִי פִּיס, הָאט עֶר אִין דֶער פִינְסְטֶער נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ לוֹיפֶען אוּנ אִיז שְׁטַארְק פַארוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען וָוען עֶר הָאט דֶערזֶעהְן אַז עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף דֶער גַאס וואוּ „פְרֵיידֶע־יֶענְטֶעס" שֶׁענְק גֶעפִינְט זִיךְ, עֶס הָאט זִיךְ נָאךְ דָארְט גֶעלוֹיכְטֶען אוּנ עֶטְלִיכֶע שְׁטְרַאלֶען פוּן אַ לֶאמְפֶּעל הָאבֶּן אָבְּגֶעשַׁיינְט אוּנ אָבְּגֶעבְּלִישְׁטְשֶׁעט אַ גַאנְץ גֶאסֶעל מִיט בְּלָאטֶע, מַאטְוֵויעֶן הָאט זִיךְ פְרֶעהלִיכֶער גֶעטְאפְּטְשֶׁעט דִי שֶׁאנֶע בְּלִישְׁטְשִׁינְדִיגֶע בְּלָאטֶע אוּנ אִיז גְלַייךְ אַרַיין צוּ פְרֵיידֶע־יֶענְטֶען; דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען רוּהִיג, דוּשְׁנֶע אוּנ בְּלָאטִיג, נָאר פָארְט וַוארֶעמֶער אוּנ טְרוּקֶענֶער וִוי אִין דְרוֹיסֶען, עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט בֶּעסֶער.

—אִיהר קוּמְט עֶרְשְׁט צוּפָאזְהרֶען? אִיהר הָאט זִיךְ אִיבֶּערגֶעקְערְט מִיט דֶער פוּהר? זָעהְט וִוי אִיהר זֶענְט אַייְנְגֶעטוּנְקְט אִין בְּלָאטֶע!—הָאבֶּען אִיהם אַלֶע אִין שֶׁענְק אָנגֶעהֵייבֶּען פְרֶעגֶען.

—יָא! הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין אַ ווִינְקֶעל אוּנ גֶעהֵייסֶען זִיךְ גֶעבֶּען אַ גְלָאז בִּיער.

אִין שֶׁענְק הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעפוּנֶען עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען — מֶענְשֶׁען פֶערְשִׁיעדֶענֶע אוּנ אוֹיךְ פִיעל שָׁאטֶענְס פוּן קָאפּ, בֶּארְד אוּנ פֵּאוֹת הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אוּנ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דִי הֶאנְד אוֹיף דִי שְׁוַוארְצֶע טוּנְקֶעלֶע נַאסֶע וֶואנְד.

אַ צְוֵויי דְרַיי יוּדֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ גְלַאט אַזוֹי גֶעדְרֶעהְט אִין שֶׁענְק מִיט דִי שְׁטֶעקְלִיךְ אִין דִי הֶאנְד אוּנ מִיט פֶערְרִיקְטֶע הִיטְלֶען, זֶענֶען דוּרְךְ גֶעגַאנְגֶען נֶעבֶּען מַאטְוֵויעֶן אוּנ הָאבֶּען אִיהם אַרַיין גֶעקוּקְט אִין פָּנִים, דֶער נָאךְ אִין דֶער גְלָאז בִּיער אַ שְׁמֶעק גֶעטוּהְן אוּנ זֶענֶען זִיךְ אַזוֹי אָהן וָוארְטֶער אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען בִּיז זֵיי זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען צוּ אַיין אַנְדֶער טִישׁ ווּ מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בַּיי לֵיידִיגֶע גְלֶאזֶער פוּן בִּיער אוּנ גְלֶאזְלִיךְ פוּן בְּרַאנְפֶען, דֶער־

נאך איז צוגעגאנגען צו איהם עפעס א יוד און פארגעלעגט קויפען ביי איהם איין אנטיטשנע איינגעלש מעסעריל מיט אכט קלינגלעך אויסער א אויער־לעפעלע מיט א קליין שערעלע אויף די נעגעל, מאטוויי האט געזאגט אז ער קויפט גאר ניט און דער יוד מיט זיינע אכט קלינגלעך איז זיך געגאנגען צו איין אנדער טיש; ווייטער איז צו געגאנגען א יוד און רוקט אריין א שלום עליכם און פרעגט איהם: מיר דאכט זיך איהר זענט הערר בערעלזאהן פון מאנקיזוקע?

—ניין. האט מאטוויי געענטווערט.

דער שענק־זייגער האט היייזריג און פארחליפעט צוועלף לאנגע קרעכץ געטהון און מאטוויי האט זיך אויף געחאפט און איז ארויסגעגאנגען פון שענק. און אנהייב איז פון דעם שענק־שיין נאך א ביסעל ליכטיג געוועזען צו געהן, נאר ווי ער האט זיך גענומען אין דער זייט אויף איין אנדער גאסעל, האט ער ווייטער פאר זיך די וועלט ניט געזעהן. פינסטער שרעקליך פינסטער! טאפשנדיג מיט די פיס די בלאטע איז ער ווייטער געגאנגען, ער האט זיך ארום געקוקט טאמער וועט ער דערזעהן ערגיץ א שיין, וועט האטש פרעהליכער זיין צו געהן, נאר אומזיסט, פינסטער אהן א ברעג! נאר פלוצים האט ער דערזעהן ווי פון א געסיל ציהט זיך צו איהם עטליכע שיינינדיגע לאנגע פאדעם... נאך איין מינוט א לאנגער שמאלער פאס... אלע מאל ציהעט זיך דער זעלבער שיינענדיגער פאס ווייטער פון איהם, וויט, ווייט אהן איין עק... נאך א מינוט, ער הערט ווי פיס טאפטשען מיט א טאקט אין בלאטע, שפעטער א רגע הערט ער הוסטען, זיפטצען, קרעכטצען, דער־נאך עפעס בארמאטשען אונטער דער נאז ווי א נגון, מען שנייצט די נאז, מען היסט ווייטער, מען טאפטשעט ווייטער און ער זעהט ווי עס געהט איינער מיט א לאמטערען.

מאטוויי האט אנגעהויבען צו־געהן צו דעם לאמטערען.

—קטא טאם? האט ער פלוצלים דער־הערט אויף רוסיש א יודיש קול.

—א יוד, האט מאטוויי געענטווערט.

דער יוד מיט דעם לאמטערען איז צוגעגאנגען צו מאטווייען, אריין געשטעלט דעם שטעקען אין דער בלאטע און אליין אויפגעהויבען דעם לאמטערען ביז מאטווייעס נאז, און איהם גוט אנגעקוקט:

—וואס קוקט איהר מיך אזוי לאנג אן, ר' זעליק, איהר האט מיך ניט דערקענט?

—טפו, טפו, טפו האט ר זעליק דריי מאל אויסגעשפיעגען, חלעבען אזוי ווי איך בין א יוד אז עס איז זיך מאטוויטשיק! און ר' זעליג האט איהם שטארק אנגעהויבען דרייען ביים אויער, אי מאטוויטשיק! מאטוויטשיק! וואס דרעהסט דו זיך אזוי באנאכט אין די גאסען? ווילסט א שמעק טאבאק? און ר' זעליג האט א נידערגעשטעלט דעם לאמטערען אויף דער בלאטע געבען שטעקין, ארויס גענומען זיין פארשמאלצעוועט טיכעל. זיך גיט אויס געשנייצט די נאז, דער נאך פון דער פאזוכע ארויס גענומען דאס קארענע

פִּישְׁקָעלֶע *) גֶעטוּהן אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק – שְׁמֶעק, שְׁמֶעק, מַאטְוַוייטְשִׁיק, שְׁמֶעק. זָאג אִיךְ דִיר, אִין אַזאַ בְּלָאטֶע שַׁאדְט נִיט אַבִּיסֶעל טַאבַּאק אֲפִילוּ פַאר אַזֶעלְכֶע דַייטְשִׁין וִוי דוּ

—גֶעהְט אַייךְ מִיט אַייֶער טַאבַּאק, אוּנ ר׳ זֶעלִיג הָאט טִיעף אִין דֶער פַּאזוּכֶע וַוייטֶער פַּררוּקְט זַיין קָארֶענֶע פִּישְׁקֶעלֶע.

עֶטְלִיכֶע מִינוּט זֶענֶען זֵיי בֵּיידֶע אַזוֹי גֶעשְׁטַאנֶען אָהן וָוארְטֶער. מַאטְוַויי הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט אַוֶועק־גֶעהְן, נָאר ר׳ זֶעלִיג הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין נִיסֶען, אִיהם צוּ־גֶעהַאלְטָען אוּנ גֶעווִינֶען מִיט אַלֶע אֵבָרִים אַז עֶר וֶועט זִיךְ אוֹיס נִיסֶען הָאט עֶר אִיהם צוּ זָאגֶען וֶועהְר אַ נָאטְהִיגֶע זַאךְ.

נָאךְ דֶעם וִוי ר׳ זֶעלִיג הָאט זִיךְ גוּט אוֹיס גֶענִיסְט הָאט עֶר מִאטְוַוייֶען גֶעגֶעבֶּען אַזאַ שְׁטַארְקֶען קְלַאפּ אִין דֶער פְּלֵייצֶע אַז עֶר הָאט זִיךְ אִין דְרַייֶען אַייְנגֶעבּוֹיגֶען.

אִיךְ זָאג דִיר, מָ א טְ קֶ ע, אַז אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק אִיז אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ, הָאט ר׳ זֶעלִיג. אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען וֶוען עֶר הָאט נָאךְ דֶעם קְלַאפּ אִין דֶער פְּלֵייצֶע אַ קְנַאק גֶעטְהוּן מִיט צְווַיי פִינְגֶער אוּנ אַ שְׁטַארְקֶען שָׁאקֶעל מִיט דֶעם קָאפּ — אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק, זָאג אִיךְ דִיר, עֶפֶענְט אַמָאהל דֶעם יוֹרֶען דֶעם מוֹחַ, נָאר וָואס וֶועל אִיךְ זִיךְ אִיצְטֶער מִיט דִיר שְׁטֶעלֶען אִין דֶער בְּלָאטֶע פְּלוֹידֶערֶען, קוּם נָאר אַקָארְשְׁט אַרַיין צוּ פְרוּמֶע־יֶענְטֶען, דָארְטֶען אִיז נָאךְ גֶעווִיס לִיכְטִיג, אָט בַּאלְד, נִיט וַוייט, עֶטְלִיכֶע טְרִיט.

ווּ וֶועל אִיךְ זִיךְ אִיצְט שְׁלֶעפֶּען? אִיךְ הָאבּ קֵיין כֹּחַ נִיט צוּ גֶעהְן אַ הַיים, גֶעהְט אַייךְ אַלֵיין, אִיהר וֶועט מִיר שׁוֹין אַיין אַנְדֶערְסְמָאהל דֶערְצֶעהְלֶען.

—נַיין, נָ א ר אִיצְטֶער, אִיךְ זָאג דִיר אַז עֶס אִיז נָאר אַ גָאטס־זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ בַּאגֶעגֶענְט, עֶס וָואלְט מִיר גָאר קֵיין מָאל אוֹיף דֶעם מוֹחַ נִיט אוֹיף גֶעקוּמֶען אַזאַ גְלַייכֶער שִׁידוּךְ, חָאטְשׁ אִיךְ בִּין שׁוֹין אַיין אַלְטֶער שַׁדְכָן.

—נָא ר׳ זֶעלִיג זָאל זַיין אוֹיף אַיין אַנְדֶערְס מָאהל, עֶס אִיז וֶועהְר קַאלְט צוּ שְׁטֶעהְן: אַ גוּטֶע נַאכְט.

—נָא, זָאל זַיין אוֹיף אַיין אַנְדֶערְס מָאל, עֶס אִיז טַאקֶע קַאלְט אוּנ שׁוֹין צַייט צוּ שְׁלָאפֶען: אִיךְ וָואלְט שׁוֹין לַאנְג גֶעווֶעזֶען אִין הֶער הַיים אוּנ גֶעזֶעסֶען בַּיי דֶעם אוֹיבֶען, נָאר אַז מֶע קוּמְט אַרַיין נָאר אוֹיף אַ מִינוּט צוּ דִי דַייטְשֶׁען, צוּ דִי פְרַיידְקִינְזָאהְנֶס, לָאזְט מֶען אַזוֹי גִיךְ נִיט אָב, נִישְׁקְשֶׁה, חָאטְשׁ אִיךְ בִּין אַ טַאלְנֶער חָסִיד, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וָואלְטֶען דִי דַייטְשֶׁען פַאר מִיר נִיט אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען דָאס אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן חָזַיין, נָא גֶענוּג — אַ גוּטֶע נַאכְט, מָארְגֶען וֶועלֶען מִיר זִיךְ זֶעהְן.

—אִיהר גֶעהְט יֶעצְט פוּן דִי פְרַיידְקִינְזָאנְס? הָאט אִיהם מַאטְוַויי פְּלוּצִים אָנְגֶעחַאפְּט

*) בְּמְעַט אַלֶע מְלַמְדִים אוּנ שַׁדְכָנִים שְׁמֶעקִין פוּן פִּישְׁקֶעלֶעךְ וָואס וֶוענֶען גֶעמַאכְט פוּן דֶער קָארֶע אוֹיס לִיפֶּענֶע הָאלְץ Jина אוּנ אַזֶעלְכֶע טַאבַּאקְקֶערְקֶעס רוּפְט מֶען „קָארֶענֶע״ (פוּן קָארֶע).

מִיט צִיטֶערְדִיגֶע הֶאנְד אוּנ אִיהם פָּערוואונְדֶערְט נָאךְ אַ מָאהל אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט — פוּן דִי פְרֵייךְקִינְזָאהנְס גֶעהְט אִיהר יֶעצְט?

—יָא, הָאט ר׳ זֶעלִיק גִיעֶנְטְוועֶרְט, נָאר וָואס, בִּין אִיךְ בַּיי זַיי גֶעוֶוען.

—אַ פָּנִים, אַז אִיךְ פְרֵיי זִיךְ דָא אִין דֶער בְּלָאטֶע אַ הִיבְּשֶׁע צַייט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ אוּנ גְלֵייךְ וַוייטֶער זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט מִיט פְרַאגֶען צוּ ר׳ זֶעלִיגֶען.

—דְא אִין דֶער בְּלָאטֶע וֵוייס אִיךְ גָאר נִיט, עֶס אִיז קָאלְט צוּ שְׁטֶעהְן. קוּם אַרַיין צוּ פְרֵיידֶע־יֶענְטֶען, דָארְט וֶועל אִיךְ דִיר שׁוֹין אַלֶעס דֶערְצֶעהלֶען, אוּנ דוּ וֶועסְט אַלֵיין זֶעהְן אַז עֶס אִיז אַ גָאטְס־זַאךְ וָואס מִיר הָאבֶּען זִיךְ יֶעצְט בַּאגֶעגֶנְט.

מַאטְוֵויי אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען נָאר גֶעלָאפֶען. דֶער קוּרְצֶער וֶועג צוּ פְרֵיידֶע יֶענְטֶע אִיז אִיהם גֶעוֶועזֶען צוּ וַוייט, עֶר הָאט גֶעשְׁלֶעפְּט ר׳ זֶעלִיגֶען ווִי אַ רוּחַ אַ מְלַמֵד, „עֶס אִיז מִיר זֶעהְר קַאלְט“ הָאט מַאטְוֵויי גֶעזָאגְט אוּנ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁפַּאנֶען אִין דֶער בְּלָאטֶע. וֶוען זַיי זֶענֶען אַרַיין גֶעקוּמֶען אִין שֶׁענְק אוּנ אֵיידֶער ר׳ זֶעלִיג הָאט אָבְּגֶעגֶעבֶּען פְרֵיידֶע יֶענְטֶען דֶעם „גוּטֶען אָבֶּענְד“ הָאט עֶר זִיךְ פַאר־הוּסְט אוֹיף אַ פֶערְטֶעל שָׁעָה. אַלֶע מָאל הָט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען אוּנ זִיךְ וַוייטֶער פַאר־הוּסְט.

—אִיךְ זָאג אַייךְ, פְרֵיידֶע יֶענְטֶע, אַז אִין דִי יוּנְגֶע לַייטְס דְרָכִים טָאר מֶען נִיט גֶעהְן. דָאס הֵייסְט אִיךְ וִויל זָאגֶען אַז אַיין אָקְס מִיט אַ פֶערְד טָאר מֶען נִיט שְׁפַּאנֶען אִין אַיין וָואגֶען, אָט בִּין אִיךְ מִיט דֶעם יוּנְגְען מַאנְן גֶעגַאנְגֶען עֶטְלִיכֶע טְרִיט, הָאבּ אִיךְ שׁוֹין פוּן זִיךְ מַיין לֶעצְט בִּיסֶעל גַאל אוֹיס־גֶעהוּסְט.

מַאטְוֵויעֶן אִיז צוּ לַאנְג גֶעוֶועזֶען ר׳ זֶעלִיגְס רֶעדֶען, עֶר הָאט אִיהם גֶעשְׁלֶעפְּט צוּם ווִינְקֶעל־טִישֶׁעל אוּנ גֶעהֵייסֶען גֶעבֶּען בְּרָאנְפֶען מִיט פַארְבַּייסֶען פַאר ר׳ זֶעלִיגֶען אוּנ פַאר זִיךְ אַ גְלָאז בִּיער, נָאר צוּ דֶעם טִישֶׁעל אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען דֶער יוּד פוּן דֶעם אֵיינְגֶעלְשֶׁען מֶעסֶערֶעל.

—אִיךְ זָאג אַייךְ יוּנְגֶערְמַאנְן אַז עֶס אִיז אַ גָאט־זַאךְ, וֶוען אִיהר זֶענְט אַוֶועק־גֶעגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעטְרַאכְט: פַארְפַאלֶען מַיין קוֹנֶה! אִיךְ וֶועל שׁוֹין הַיינְט גָאר נִיט לַייזֶען, נָאר אַז אִיהר זֶענְט אִיצְט וַוייטֶער דָא, מִסְתָּמָא אִיז דָאס זִיךְ אַ גָאטְס זַאךְ, אָט זֶעהְט אִין־מִיסְטְנֶע אַכְט קְלִינְגֶלֶעךְ הָאט דָאס מֶעסֶערֶעל, אָט אִיז אַ שֶׁערֶעלֶע צוּ דִי נֶעגֶעל אוֹיךְ.

—אִיךְ זָאג דִיר מַאטְוֵוייטְשִׁיק, אַז עֶס אִיז טַאקֶע אַ גָאטְס־זַאךְ, אָט וֶועל אִיךְ דִיר דֶערְצֶעהֶלֶען ווִי עֶס אִיז גֶעוֶוען.

וָואס רֶעדְט מַיינְט אִיהר, אַלֶעס אִיז פוּן גָאט, אָהְן גָאט טְהוּט זִיךְ גָאר נִיט.

גֶעהְט צוּ אַלְדֶע גוּטֶע יָאהר, אִיבֶּער אַייֶער פַארְשִׁיוֶוע מֶעסֶערֶעל דֶערְמָאנְט אִיהר פוּפְצֶעהְן מָאהל גָאט, לָאזְט צוּ רוּה, אִיךְ וִויל נִיט קוֹיפֶען, אִיךְ דַארְף נִיט קֵיין מֶעסֶערֶעל, אִיךְ הָאבּ אַ מֶעסֶערֶעל.

נִיט נָאר פוּפְצֶעהְן מָאהל נָאר הוּנְדֶערְט מָאהל וֶועל אִיךְ דַאנְקֶען אוּנ לוֹיבֶּען גָאט אוּנ פַאר אַייךְ אוֹיךְ בֶּעטֶען גָאט וַוען אִיךְ וֶועל עֶפֶּעס בַּיי אַייךְ הַיינְט לַייזֶען, אִיךְ זָאל הָאבֶּען

מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדָער עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אוֹיף בְּרוֹיט, עֶס אִיז זִיךְ יָעצְט אַזַא יַקְרוּת אוּנ גְלוֹיבְּט מִיר אַז דָאס מֶעסֶערָעל אִיז נִיט קַיין פַארשִׁיוָוע נָאר אַ אֶמֶת אַיינְגְלִישׁ. אָט אִין מִיסְטְנֶע בְּעטְרַאכְט עֶס נָאךְ אַיין מָאהל. וָואס הָאט אִיהר אַזוֹי מוֹרָא? אִיךְ נֶעם דָאךְ בַּיי אַייךְ דֶער פַאר קַיין גֶעלְד; אִיהר מֶעגְט זָאגֶען אַז אִיהר גִיט פַאר דֶעם אַיינְגְלִישֶׁען מֶעסֶערָעל אַ גְרָאשֶׁען, אַייֶער גֶעלְד, מַיין סְחוֹרָה, אָט קוּקְט עֶס נָאךְ אַ מָאהל אָן...

מַאטְוֵויי הָאט זִיךְ נִיט גִיקֶענְט אָבְּטְשֶׁעפֶּען פוּן אִיהם אוּנ גֶעקוֹיפְט דָאס מֶעסֶערָעל וַוי דֶער יוּד הָאט נָאר בֶּעקוּמֶען דִי עֶטְלִיכֶע גְרָאשְׁען אִיז עֶר מִיט זַיין פֶּעקִיל וִוי אַ בְּלִיטְץ אַרוֹיס פוּן קְרֶעטְשְׁמֶע, עֶר אִיז גֶעלָאפֶען אִיבֶּער דֶער בְּלָאטֶע, עֶר הָאט נָאךְ גֶעהַאט צוּ לוֹיפֶען אַ גַאנְצֶען ווְיָארְסְט, הִינְטָער דֶער שְׁטָאדְט, ווּ זַיין נִידְרִיג שְׁטִיבָעל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, ווּ אַ וַוייבּ מִיט קִינְדֶער הָאבֶּען בַּיי אַ קַיינָעץ גֶעוַוארְט אוֹיף זַייעֶר שְׁפַּייזֶער.

מַאטְוֵויי הָאט זִיךְ זֶעהְר פַאר אִינְטָערֶעסִירְט מִיט ר׳ זֶעלִיגְס דֶערְצֶעהְלֶען, אִיהם הָאט זִיךְ אַלְס אוֹיס־גֶעוִויזֶען אַז עֶר דֶער־הֶערְט נִיט אַלֶעס וָואס ר׳ זֶעלִיג דֶערְצֶעהלְט אִיהם, עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען מֶע זָאל זַיין הֶאלְבֶּע גְלָאז בִּיער אִיבֶּערטְרָאגֶען אִין דֶעם אַיינְצִיגֶען בֶּעזוּנְדֶערֶען צִימֶער וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין שֵׁיינְק אוּנ ר׳ זֶעלִיגֶען הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דֶער־לַאנְגֶען נָאךְ אַ בִּיסֶעל בְּרָאנְפֶען, דָא הָאט אִיהם ר׳ זֶעלִיג נָאךְ אַ מָאהל גֶעמוּזְט דֶערְצֶעהְלֶען פוּן אָנְהֵייבּ בִּיז צוּם סוֹף.

—נָא וָואס זָאגְסְט דוּ יָעצְט, מַאטְוֵויטְשִׁיק?

—וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען? אִיהר וֵוייסְט אַלֵיין, וֶוען גָאט זָאל הֶעלְפֶען דָער שִׁידוּךְ זָאל אוֹיסגֶעפִיהרְט וֶוערֶען, וָואלְט אִיךְ גֶעוֶוען דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער מֶענְשׁ. אִיךְ וָואלְט אַייךְ קַיין מָאהל נִיט פַארגֶעסֶען, אִיךְ וָואלְט אַייךְ אַייבִּיג לִיעבּ בֶּעקוּמֶען וִוי אַיין אַיינְגֶענֶעם טַאטֶען אוּנ מַאטְוֵויי הָאט מִיט טְרֶעהרֶען אִין דִי אוֹיגֶען אַרוּם־גֶענוּמֶען ר׳ זֶעלִיגֶען אוּנ גֶעקוּשְׁט.

ר׳ זֶעלִיגֶען הָאט עֶס גֶערִירְט צוּ טְרֶעהרֶען. זִינְט עֶר אִיז שַׁדְכָן הָאט זִיךְ אִיהם דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל גֶעטְרָאפֶען אַז מֶע זָאל אִיהם קוּשֶׁען דֶער פַאר וָואס עֶר רֶעדְט אַ שִׁידוּךְ.

דוּ מֶעגְסְט זַיין זִיכֶער, דֶער שִׁידוּךְ וֶועט מִיט גָאטְס הִילְף גֶעוִויס אוֹיס־גֶעפִיהרְט וֶוערֶען, אִיךְ וַוייס וָואס אִיךְ רֶעד, הָאבּ קַיין מוֹרָא נִיט.

אוּנ אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגֶען דֶעם אֶמֶת, אַז מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ נָאךְ נִיט אִין גַאנְצֶען, קֶען דָאס זַיין, אַז פְרַאנְיָא, פְרֵיידְקִינְזָאהנְס טָאכְטֶער, וֶועט זַיין מַיין כַּלָה, מַיין פְרוֹיא!

אַי נַארֶעלֶע, נַארֶעלֶע! וֶוען דוּ זָאלְסְט וִויסֶען וִוי מֶען וֶועט זִיךְ דָארְטֶען אָנְחַאפֶּען מִיט בֵּיידֶע הֶאנְד, אֶמֶת עֶס אִיז טַאקֶע נִיט צוּ גְלוֹיבֶּען, דוּ זָאלְסְט וֶוערֶען אַ חָתָן פַאר פְרֵיידְקִינְזָאנְס עֶלְטֶסְטֶע טָאכְטֶער, נָאר בְּרוּדֶער, דֶער דַלוּת, דֶער דַלוּת, דֶער דַלוּת קֶען אַלֶעס אִין דֶער וֶועלְט מַאכֶען אֲפִילוּ בַּיי דִי הֵיינְטְוָועלְטִיגֶע דַייטְשֶׁען אוּנ אַרִיסְטָאקְרַאטֶען קֶען דֶער דַלוּת אוֹיךְ אַלֶעס מַאכֶען.

זַיי זֶענֶען טַאקֶע אַזוֹי אָרֶעם?

—אָרֶעם זֶענֶען זַיי נִיט אוֹיף צוּ לֶעבֶּען הָאבֶּען זַיי. נָאר אוֹיף אַ קִינְד חֲתוּנָה מַאכְן הָאבֶּען זַיי נִיט אַ צוּבְרָאכֶענֶע קָאפִּיקֶע, זִי הָאט אֲפִילוּ מִיר גֶעזָאגְט אַז מֶע וֶועט פַארזֶעט־

ען פון זיך דאס לעצטע העמד אבי איהר ,פראניאטשקען' חאטש געבען פינף הונדערט
בעל נדן , זי וויל איהר עלטסטע טאכטער ניט חתונה מאכען אהן נדן .

–איך זאג אייך דעם אמת, ר' זעליג, אז ווי באלד זיי זענען אזוי ארעם בין איך זיי
וחל דעם נדן , איך וועל זיי אוועק־געבען וואס איך פאר מאג , אבי איך זאל ניבער
סען אז פראניא איז מיין כלה .

מיט פראניאן בין איך דער רייכסטער אין דער וועלט , אהן איהר בין איך דער
רעמסטער .

– וועהסט דו , מאטוויישיק , אט דער־פאר האב איך דיך ליעב , דו ווילסט ניט קיין
דן ביי עלטערן וואס קענען ניט געבען , וועט דיר געווים גאט העלפען , אבער שדכנות
ומט מיר ווי פאר א שידוך מיט פינף הונדערט רובעל נדן , זאג מיר נאר מאטוויישיק ,
ו ביזט דאך דארטען אפט אונ קענסט פריידקינזאהנס טאכטער . ווי מיינסט דו:וועסט דו איר
עפעלען , אפשר פיהרט איהר צווישען זיך שוין א פארליעבענעש וואס איך וויים ניט–איז
ודאי גוט , ווארום ווי באלד איהר וועט זיך געפעלען , וועט מען נאך היינטיגע וואך
שרייבען תנאים .

– איך קען זיך מיט איהר , נאר איך האב קיין מאהל מיט איהר ניט גערעדט , מיר
אכט זיך, אז איך וועל איהר ניט געפעלען, ווארום ווי קום איך קענען איהר ?

– אט מאקע דער פאר וואס דו הלסט זיך קלענער פון איהר וועסט דו איהר געווים
עפעלען . מעגסט זיין זיכער . מע הייבט שוין אן פארמאכען דעם שיינק , לאמיר געהן .
מארגען וועל איך זיין דארט אונ פארעגען , איך האב געזאגט דער מאדאם פריידקינזאהן אז
איך האב פאר איהר טאכטער זעהר א וואוהלען יונגען מאנן , חאטש איך האב זעלבסט נאך
ים געוואוסט , ווער אונ וואס אונ וועו נאר , פאר שטעהסט דו מיך , א סוחר מוז שטענדיג
אגען אז ער האט סחורה , סחורה קריגט מען שטענדיג אפילו באנאכט אין דער בלאטע .

אין שיינק האט מען אנגעהויבען פארמאכען די לאדען אונ אונזערע צוויי פארשפע־
יגטע געסט זענען ארוים־געגאנגען אויף דער פינסטערע גאס .

–א ווו נעם איך אזא לאמטערען ווי איהר , ר' זעליג ! ווי אזוי נעהט מען אין אזא
פינסטערניש !

–אזא יונגערמאנן ווי דו זאל ניט האבען קיין אויגען ? נא , איך וועל דיך א ביסעל
אונטער־פיהרען .

–איך דאנק אייך , א גוטע נאכט ! איך וועל שוין אליין טרעפען . מארגען , פארגעסט
ניט ! זיי זענען זיך צו־גאנגען אין פערשידענע גאסלעך .

שפאנענדיג אין דער בלאטע האט ר' זעליג ניט אויפגעהערט זיך לאזען הערען פון
ווייטען , דא האט ער גיקרעכצט , געהוסט , געניסט אונ גערעדט צו זיך . „אויב איך וועל
אויספיהרען דעם דייטשישען שידוך אונ יענע צוויי חסידישע שידוכים , וואלט איך זיך
געקענט אביסעל אברוהען דעם ווינטער אונ זיך ניט שלעפען אזוי שפעט אין דער נאכט".

האט ר' זעליג געטראכט און ווייטער געגיסט און געהוסט.

מיט פרישע קרעפטען און פיעל נייע גוטע האפפענונג איז מאטוויי געקומען שפעט א היים. ער האט נאך לאנג ניט געקענט אנטשלאפען ווערען, עס האט איהם געהויבען פון בעט פון גרויס שמחה.

—קען דאס זיין, אז דאס אלעס וואס ר' זעליג האט מיר דערצעהלט איז אמת?! עפעס האט עס א פנים ביי מיר ווי א גוטער חלום, קען דאס זיין אז: פראניא, די גאלדענע פראניאטשקא, זאל זיין מיין כלה, מיין פרוי, און איך וועל מיט איהר מעגען רעדען טאג רעדען און ווען איך וועל וועלען וועל איך קענען נעמען איהר האנד, קושען און האלדזען.

מיט די זיסע געדאנקען איז מאטוויי אנטשלאפען געווארען און א גאנצע נאכט האט זיך איהם געחלומט א לאנגער זיסער חלום. ווי ער זיצט מיט פראניא'ן, ער האלט זי ביי דער האנד, ער קוקט איהר גלייך אין די שאנע אויגען און רעדט מיט איהר, ער קען זיך זאטט ניט אן קוקען אין איהרע אויגען, וועלכע ציהען איהם צו איהר. ער חאפט זיך אויף און זעהט אז עס איז נאר א גוטער חלום געוועזען, ער הויבט זיך אן דער־מאנען אן דעם גאנצען שמועס מיט ר' זעליגען און טראכט טאמער איז דאס אויך געוועזען א חלום, נאר ער ווישט זיך אויס די אויגען און דער מאנט זיך ווי ער האט דעם אבענד פארבראכט ביי די פריידקינזאהנס, ווי ער איז אוועק־געגאנגען האט ער זיך אפילו מיט פראניא'ן ניט געזעגענט, ווי ער האט זיך געבלאנקט אין דער בלאטע ביז שפעט אין דער נאכט און ווי ער האט זיך באגעגענט מיט ר' זעליגען... און ער האט איהם היינט צו־געזאגט געבען א קלארע תשובה. ווען ער האט זיך אנגעטהון האט ער אין קעשענע געפונען דאס איינגילשע מעבערעל.

—א מיט ר' זעליגען איז ניט געווען קיין חלום!—האט מאטוויי געזאגט און כמעט אונטער־געשפרונגען פון גרויס שמחה.

XVI

# אלטע גוטע פריינד.

—די מאמע איז נאר וואס געוועזן ביי מיר און געזאגט, אז ר' זעליג שדכן רעדט מיר מאטוויי גרינגארעוויטשען. איך קען מיך גאר ניט פארשטעלען וואס פר א געזיכט איך האב אין דער מינוט געהאט, ווען איך האב פון מיין איינענער מוטער געהערט, אז מען רעדט מיר מאטוויי גרינגארעוויטשען. איך פארשטעה ניט ווי בין איך אויף דעם ארט ניט געבליבען, אדער פאר וואס האב איך זיך אזוי ניט צו לאכט ביז קאנוואולסיע, ווי זענען מיר די אויגען ניט ארויס־געשפארט פון קאפ פון גרויס פערוואונדערונג.

אללעס האב איך אין מיין יעצטיגער לאגע געקענט ערווארטען, אבער אז מאטוויי גרינגארעוויטש זאל וועלען ווערען מיין חתן איז מיר־קיין מאל ניט אויף מיין טוח געקומען און ווי האב איך גאר געקענט טראכטען דערפון, ווען איך האב מיט איהם אויסער א גוט מארגען, א גוט יאהר־קיין מאהל א האלב ווארט ניט גערעדט, עפעס איין מאהל דאכט זיך האב

יָא גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען מַאטְוֵויי גְרִיגָארֶעוִויטְשֶׁען ׃ נָאר וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעטְרַאכְט?— אִיךְ וִוי עֶר פַארבְּרֵיינְגְט אַ סַךְ צַייט מִיט מַאנְיַאן אוּן בְּרֵיינְגְט אִיהר שְׁטֶענְדִיג בִּיכֶער, הָאט מִיר גֶעבְּרַאכְט. אַז עֶר וִויל זִיךְ עֶפֶּעס פַארלִיעבֶּען אִין מַיין שְׁוֶועסְטֶער, נָאר אִיךְ הָאבּ קֵיין ־ל נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. אַז עֶס זָאל עֶפֶּעס וֶוערֶען פוּן דֶער לִיעבֶּע. וָוארוּם זִי מַיין שְׁוֶועסְטֶער נָאךְ אַ קִינְד, פַארשְׁטֶעהְט זִי אוֹיךְ, אַז זִי וֶועט אַ כַּלָּה וֶוערֶען פַאר אַ חָתָן וָואס וֶועט נִיט אַזוֹי וִוי עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר ׃ וֶועט עֶר אוֹיךְ פִיעל שְׁטֶעהְן הֶעכֶער וִוי מַאטְוֵויי ־אָרֶעוִויטְשׁ. אוּנ ווִידֶער הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעטְרַאכְט ׃ אַ קַשְׁיָא אוֹיף מַיין שְׁוֶועסְטֶער ׃ אֶפְשַׁר זִי אוֹיךְ פַארלִיעבְּט אִין אִיהם!—אוּנ יֶעצְט רֶעדְט מֶען מִיר מַאטְוֵויי גְרִיגָארֶעוִויטְשֶׁען ! עֶר ־זַיין מַיין חָתָן ׃ מַיין מַאנְן ...

פְרַאנְיַא הָאט זִיךְ מִיט בֵּיידֶע הֶענְד פַארשְׁטֶעלְט דָאס גֶעזִיכְט · זִי הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט ־ר זִיךְ אַלֵיין ׃ עֶס הָאט זִיךְ אִיהר אוֹיס גֶעוִויזֶען וִוי אוֹיף דֶער גַאס וַייזְט מֶען אוֹיף אִיהר מִיט פִינְגֶער, אַלֶע לַאכֶען פוּן אִיהר, פוּן דֶער שְׁטָאלְצֶער, שֶׁאנֶער פְרֵיילֵיין "פְרַאנְיַא יִידְקִינְזָאהְן".

—שָׁאמֶען זִיךְ פַאר לַייט ׃ לַייטֶעשׁ גֶעלֶעכְטֶער – דָאס אִיז נָאךְ דָאס קְלֶענְסְטֶע קוּק אִיךְ ־ אוֹיף זֵיי נִיט אוּם, הֶערְט מִיךְ נִיט, אָבֶער וָואס טְהוּט מֶען מִיט מִיר זֶעלְבְּסְט ? וִוי וֶועל ־ךְ גָאר קֶענֶען לִיעבּ הָאבֶּען אַזַא פוּסְט יוּנְגֶעל, וִוי וֶועל אִיךְ קֶענֶען אַ וֶועלְט מִיט אִיהם ־יספִּיהרֶען !... מִיךְ ווּנְדֶערְט נָאךְ מֶעהר אוֹיף מַיינֶע עֶלְטֶערֶען, וִוי עֶס וַייזְט אוֹיס בֶּע־ ־טֶעהְן זֵיי אוֹיף דֶעם שִׁידוּךְ, וָוארוּם אַנְדֶערְשׁ וָואלְט דִי מַאמֶע גָאר נִיט גֶעפְרֶעגְט בַּיי מִיר ־נ גֶעזָאגְט דֶעם שַׁדְכָן עֶר זָאל נִיט וַואגֶען מֶעהר רֶעדֶען דֶערפוּן. נָאר אוֹיף מַיין מַאמֶען ־אבּ אִיךְ זִיךְ נִיט צוּ ווּנְדֶערֶען אַז כָּל זְמַן אִיךְ הָאבּ נִיט חֲתוּנָה פִיהלְט זִי זִיךְ פַאר אוּמ־ ־יְקְלִיךְ · טַאמֶער חַס וְשָׁלוֹם וֶועל אִיךְ פַאר־זִיצְטֶען, וֶועט זִי עֶס גָאר נִיט אִיבֶּער־לֶעבֶּען, אוּנ ־יין פָּאטֶער וִוי אִיךְ קֶען אִיהם וֶועט זִיךְ גָאר נִיט מִישֶׁען אִין דֶעם שִׁידוּךְ, עֶר וֶועט בֶּעשְׁטֶעהְ־ ־וֹף אַלֶעם וָואס דִי מַאמֶע וֶועט זָאגֶען, ווַייל עֶר קֶען נִיט גֶעבֶּען דָם וָוס מֶע דַארְף הָאבֶּען צוּ לַייטֶעשֶׁען שִׁידוּךְ, דְרוּם הָאט עֶר גֶעווּיס דֶער מַאמֶען גֶעזַאגְט. טְהוּ וִוי דוּ פַארְשְׁטֶעהְסְט, ־ט וָואס אִיז דֶען נֶעבֶּעךְ מַיין אָרֶעמֶע מוּטֶער שׁוּלְדִיג ? זִי ווִיל הָאבֶּען נַחַת פוּן מִיר אוּנ ־ער־נָאךְ פוּן אַלֶע קִינְדֶער אַ מוּטֶער פַארשְׁטֶעהְט נִיט קֵיין אַנְדֶער נַחַת וִוי חֲתוּנָה מַאכֶען ־ינְדֶער, הָאבֶּען אֵיידֶעמְס אוּנ שְׁנִיער מִיט אֵיינִיקְלֶעךְ ׃ אַז אִיךְ וֶועל אַ מָאהל זַיין אַ מוּטֶער ־על אִיךְ אֶפְשַׁר אוֹיךְ וֶועלֶען הָאבֶּען אַזַא נַחַת פוּן מַיינֶע קִינְדֶער, וּבִפְרַט נָאךְ מַיין מוּטֶער ־יז אַבִּיסֶעלֶע פוּן דֶער אַלְטֶער וֶועלְט, אִיךְ הָאבּ אִין אִיהר פְרַאגֶע גֶעזֶעהְן וִוי זִי עֶרְוַוארְטֶעט ־יין עֶנְטְוֶוער וִוי אַ "פְרִיגָאוָואר" פוּן "גְלִיק" אָדֶער "אוּמְגְלִיק" פוּן "לֶעבֶּען" אָדֶער "טוֹידְט" ׃ ־יךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט זַיין אַזַא אַכְזָר אוּנ הָאבּ אִיהר גִיעֶנְטְוֶוערְט "יָא אִיךְ בֶּעשְׁטֶעה, דֶער ־ידוּךְ גֶעפֶעלְט מִיר, אִיךְ הָאפְף אַז דוּ וֶועסְט הָאבֶּען פוּן מִיר נַחַת", גָאט מַיין גָאט ! מִיט ־אס פַאר אַ הֶעלל לִיכְטִיג פַייעֶר הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִישְׁטְשֶׁען אִיהרֶע אוֹיגֶען ! אִיךְ הָאבּ ־אךְ מַיין מוּטֶער קֵיין מָאהל אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ נִיט גֶעזֶעהְן ׃ מִיט וָואס פַאר הֵייסֶע פְרֵיידֶענְטְרֶערֶען ־אט זִיךְ מִיךְ בַּאוַואשֶׁען !... מִיט וָואס פַאר אַ וַוארֶעמֶע לִיפֶּען הָאט זִי מִיךְ גֶעקוּשְׁט אוּנ ־עוואוּנְשֶׁען מִיר "אַ גוּט מַזָל", "אַ לִיכְטִיגֶע וֶועלְט", "גֶעזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה" "זִיךְ עֶלְטֶערֶען בִּיז ־וּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר מִיט מַיין בַּאשֶׁערְטֶען" —אוּנ אִיךְ— הָאט דִי מַאמֶע גֶעזָאגְט נִיט ־רוֹיס לָאזֶענְדִיג מִיךְ פוּן אִיהרֶע וַוארֶעמֶע הַאנְד— "זָאל מִיט דֶעם טַאטֶען דֶערלֶעבֶּען בַּיי דִיר

זעהן פיעל גוטס, גוטע קינדער און קינדסקינדערו״ ״קוקענדיג אויף מיין גליקליכע מוטער האב איך זיך אוי־ געפיהלט פאר דער גליקליכסטע. איך האב זי פיעל געקושט און פאר־ זיכערט, אז זי מיט דעם טאטען וועלען האבען אין מיר נחת.

—... יא צו ליעב זייער גליק, וועל איך ניט קוקען אויף קיינעם און ניט אויף מיר...איך וועל א כלה ווערען פאר מאטוויי גריגארעוויטשען! איך וועל איהם זיין א געטריייע פרוי, ער וועט זיין גליקליך. מיינע עלטערן וועלען אוודאי זיין גליקליך. מיינע שוועסטער וועלען אויך בעפרייט ווערען, מיט איין ווארט: א סך מענשען וועל איך גליקליך מאכען– היינר״ וואס פאר א ווערטה האט מיין איינציגער ״איך״ קענען זיי אלע? נא ווער איך ניט ליעב האבען מיין מאנן, וועל איך זיין מיין גאנצען לעבען אומגליקליך. אבער ווער וועט גאר וויסען דער פון? ניט קיינער!

—נא גענוג... איך בין שוין א כלה פאר מאטוויי גריגארעוויטשען. אזוי האב איך שוין געזאגט מיין מוטער... א ווי פאלש פארשטעהן א מאהל די עלטערען זייער קינדערס גליק! מיין מאמע וואלט איהר לעבען א וועק־געגעבען פאר מיין גליק... א, ווען זי זאל זיין אין שטאנד צו וויסען און פארשטעהן וואס עס טהוט זיך ביי מיר אויף דעם הארצען!

די טרערען האבען זיך אנגעהויבען איהר דושען אין האלדז און האט ניט גיקענט וויינען נאר אין א מינוט צוויי האבען זיך די טרערען א גאס געטהון און הט זיך שרעקליך צוויינט.

—מיר איז איצט בעסער – האט זי געזאגט נאך דעם ווי זי האט זיך גוט אויס־ געוויינט און אויסגעווישט די אויגען, — איין ענדע, מעהר וויין איך ניט, מעהר טראכט איך ניט, איך בין א כלה. מארגען אדער איבער־מארגען וועט שוין וויסען די גאנצע שטאדט... נאר דאס איז די קליינסטע זאך; וואס קעהר איך זיך אן מיט דער שטאדט?

– דער פאטער וועט באלד קומען! איך וועל געהן, ער קעהר שוין אפשר זיין, און ווי גליקליך וועט מיין טייערער פאטער היינט זיין!

פראגנייא האט זיך אנגעהויבען פארגלייכען די האאר, זיך גוט איינגעקוקט אין שפיעגעל צי זעהט זי ניט אויס פאר וויינט, נאר פלוצים האט זי דער־הערט א קלאפ אין טהיר און א בעקאנט קול וואס פרעגט צי מען איז צו־הויז און צי מען קען צו איהר אריין געהן. זי האט זיך ווי דערשראקען, עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז עס איז נארפינקעלס קול אדער דאקטאר זינגערס קול. דאס אלעס האט געדויערט איין סעקונדע. דער וואס האט געפרעגט האט ניט געווארט אויף ענטפער און איז הערריין.

—קלארא!— האט פראגנייא במעט אויס־געשריגען זעהר פארוואונדערט, ווי קומט צו איהר פלוצים קלארא, ווען זי האט זיכער געוואוסט אז קלארא איז איהר א שונא.

—דו וואונדערסט זיך, פראגניאטשקע, ווי איך קום יעצט ביי דיר אין צימער, נאר פריער פאר אלעמען לאמיר זיך צוקושען און דער־נאך וועל איך דיר דערצעהלען.

ביידע אלטע חברטעס וועלכע זענען געוועזען א צייט צוקריגט און ניט געוואוסט פאר וואס, האבען זיך היים צוקושט, ביידע האבען זיך צוויינט ווי קליינע קינדער.

— נאָך אַמאָהל ?

— נאָך אַמאָהל.

און זיי זענען ווייטער אַרויפגעפאַלען איינס דאָס אַנדערע אויף די האַלדזער

— מיר וועלען זיך היינט נאָך אַ מאָהל קושען פראַנציאַטשקאַ. איך פאָהר אַוועק מאָרגען גאַנץ פריה, בין איך זיך געקומען געזעגענען. איך פאָהר אַוועק אויף שטענדיג אויף אייביג דאַכט זיך, וויל איך אין מיין געבוירט־שטאָדט ניט איבער־לאָזען איין מענשען וואס זאל זיין אויף מיר אין כעס. אויף וועמען איך בין ברוגז, געה איך יעצט איבערבעטען, דיך וועה איך דאַרף איך שוין ניט איבער־בעטען.

— אויף אייביג פאָרסט דו אַוועק ? איך פאַרשטעה ניט וואס הייסט דאָס ? און דיינע עלטערען ?

— די עלטערען אויך.

— ווען־זשע וועט איהר צוריק קומען.

— קיין מאָהל ניט. פאַר מיין פאָטער קען איך דיר ניט שווערען, נאָר אונזער גאַנצע פאַמיליע בלייבט אויף שטענדיג אין פעטערסבורג.

— אין פעטערבורג ??

— יאָ אין פעטערבורג. וואס וואונדערסט דו זיך אַזוי ? מיין פאָטערס געשעפטען פאָדערען עס, זיי שותף לאַזאַרזאָהן וואוהנט שוין פון אַ יאָהר פופצעהן אין פעטערסבורג. אַ מאָהל האט ער געוואהנט אין אַ שטעדטעל ניט ווייט פון אונז.

— אַ שאָנע זאַך, אין אונזער שטאָדטעל קומט פאַר אַזאַ גרויס נייעס. אונזער גביר פאָהרט אַוועק און קיינער ווייסט גאָר ניט, איך האָב גאָר ניט געוואוסט דערפון.

— דו ביסט נאָך ניט דאָס גאַנצע שטאָדטעל. אפשר ווייסט מען עס שוין טאקע און צווייטענס פאָהרען יעצט אַרויס אונזערע קינדער און מיינע עלטערען וועלען קומען שפּעטער מיט עטליכע וואָכען.

— וואוזשע וועט איהר דער ווייל זיין אין פעטערבורג.

וואס הייסט וואו? מיר האָבען שוין לאַנג דאָרט אַ קוואַרטיר. ה' לאַזאַרזאָהן האט שוין פאַר אונז געדונגען. שטעל זיך פאַר: טווזענד פינף הונדערט רובעל אַ יאָהר דירה־געלד, ביי אונז וואָלט מען שוין גיקענט קויפען אַ גאַנץ הויז מיט בלעך גידעקט.

— דערוויף איז עס דאָך פעטערבורג !

איך שטעל זיך פאָר מיט וואס פאַר אַ פערגעניגען דו פערבייטסט אַריבאַטאָווקע אויף פעטערבורג.

— נאָך ווי אַזוי ! אוי פראַנציאַטשקע דו זאָלסט וויסען ווי גליקליך איך בין, וואס איך פאָהר אַרויס פון דעם קליינעם שטאָדטעל מיט די אַלע קליינע אינטערעסען. אַ

פראניאטשקע! איך בין שוין גאר איין אנדער מענש געווארען. איך האב שוין נים אין זינ
די פריהערדיגע נארישקייטען.

—וועלכע נארישקייטען? דעם אמת געזאגט: איך האב קיין מאל פון דיר ניט געזעה
קיין נארישקייטען, אויסער דאס וואס דו ביסט פלוצלינג אויף מיר ברוגז געווארען.

—איך רוף עס אן „נארישקייטען"... איך מיין וואס איך בין געווען פארליעבט.

—דו פארליעבט? אין וועמען?

—אין נארפינקלען?

—אין נארפינקלען?..:

—יא אין נארפינקלען, וואס וואונדערסטו זיך אזוי? איך טאר דען ניט ליעבען?

—נא. און ער איז אויך געווען פארליעבט

—יא, נאר ניט אין מיר — אין דיר

—אין מיר? פון וואנען ווייסט דו?

—ווער עס האט געהאט אויגען דער האט געזעהן

—ווירקליך זאגסט דו. אז נארפינקעל איז געווען אין מיר פארליעבט? האט פראני
נאך א מאהל געפרעגט.

—וואס פרעגסט דו מיך? דו דארפסט בעסער וויסען

-איך וויים גאר ניט.

-וויים איך אוודאי ניט

—וואס־זשע דען רעדסט דו?

—האב איך געבילדט, האב איך געהאט א טעות. ווייסט דו וואס? חאפט ניי אלע
דער גוטער, דערצעהל מיר בעסער וואס מאכסט דו, ווי געהט עס

—דאנקען גאט, געזונד ב"ה.

—און אז דו ביסט שאן—זעה איך אליין. אוי ווען איך זאל זיין אזוי שאן! אוי
פראניאטשקע, ביסט דו שאן, א מחיה צו קוקען אויף דיר!

—נא דיר א גראשען פאר אונזערע יודישע טאכטערס שאנקייט.

—רעד ניט קיין נארישקייטען! וואס וואלסט דו געטהון דו זאלסט ניט זיין שאן? דיין
פאטער קען דיר קיין סך נדן ניט געבען, ווי זאגט מען, א שאן מיידיל איז א האלבער נדן.

—מע זאגט אבער אויך: זי איז דאגן א האלבער נדן, ווען עס איז דא די צווייטע האלב
—אבער פארט זאג אליין פראניאטשקע, אז דו זאלסט ניט זיין שאן וואלט דאך דיר
געווען פיעל ערגער.

—האָסט אַ טעות: פיעל בעסער, שוין דאָס בעסער וואָס איך וואָלט ניט געקענט אַקטאָר זינגערן אונ נאַרפינקלען... זיי זיבער ווען איך זאָל זיין מיאוס, וואָלטען אַזעלכע לייט ביי מיר אין הויז ניט געווען.

—גאָטט מיין גאָטט, וואָס פאַר אַ וועלט איז דאָס! ווי איינער לעבט וועגן צווייטען אין שעות! אונ איך האָב דיך מקנא געווען. נאָך יעצט וואָלט איך אַוועקגעגעבען מיין גאַנצען לעבן איך זאָל זיין אַזוי שאָן ווי דו.

—אַוועק דו נאַרר: רעד ניט קיין נאַרישקייטען! ביסט גאָר ניט מיאוס איך געפין דיך פאַר זעהר שאָן.

דו, ניט מעהר ווי דו.

אָבער אַנדערע אויך.

—אַנדערע אויך? חאַ חאַ, חאַ.— צוואַנציג טויזענד רובעל נדן געפעלט זיי אָבער ניט איך. אַ איך בין שוין ניט אַזאַ קינד ווי פריהר. אַ וואָלטען מיר געדאַרפט יעצט אַזוי פיעל רעדען, עס האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעקליבען אויף דעם האַרצען.

—יאָ, עס האָט זיך פיעל אָנגעקליבען אויף דעם האַרצען.

—נאָר שאַדע וואָס איך האָב אויס־געקליבען דעם לעצטען טאָג, איך האָב נאָך יענע וואָך געוואָלט זיין ביי דיר, נאָר דו ווייסט דאָך פאַר דעם פאָהרען. די האָאר ברענגען אויף מיר. אַזוי האָב איך קיין צייט ניט, מיר וועלען זיך שוין איבער־שרייבען.

נאָ, זיי מיר געזונד, מיין טייערע פראַניאַטשקע!

קלאַראַ האָט זיך געזעגענט מיט פראַניאַ׳ן אונ מיט יעדען וואָס האָט זיך געפונען אין פריידקינזאָהנס הויז, אַלע האָבען זי באַגלייט ביז יענער זייט טהיר אונ איהר אָנגעוואונשען אַללעס גוטס.

## XVII

## קלאַראַ אונ פראַניאַ.

ביי פריידקינזאָהנען אין הויז האָבען נאָך ניט אַלע געוואוסט, אַז פראַניאַ ווערט אַ כלה פאַר מאַטוויי גריגאָרעוויטשען, ווייל חנה מיט דעם שרכן האָבען אָבגערעדט: אויב עס איז באַשערט פון גאָט" זאָל מען עס אָבלייגען אויף נאָך שבת אונ ביז נאָך שבת זאָל זיין אַ סוד פאַר יעדען, נאָר קען מען עפּעס איינהאַלטען אַ סוד אין אַ קליין שטעדטיל? טאַקע דעם אייגענעם טאָג האָט גאַנץ אַריבאַטאָווקע געוואוסט פון דעם נייעס, אַז די עלטערע פריילין פריידקינזאָהן ווערט אַ כלה פאַר מאַטוויי גריגאָרעוויטשען, יעדער באַזונדער האָט דאָס נייעס אָנגענומען מיט אַנדערע ווערטער.

—אַזוי איז שוין מיט די שאַנע מיידעלעך: זיי קלויבען אַזוי לאַנג ביז עס בלייבט שוין ניט פון וואָס אויסצוקלויבען.

—אַ הינדיק אָדער אַ קאַטץ אַבי אַיין עוף אויף שבת!

—אַ יודֶעשֶׁע טָאכְטֶער פַאר־זִיצְט נִיט, יֶעדֶעם שְׁטִיקֶעל סְחוֹרָה וַוארְט זִיךְ אויף אִיהר קוֹנֶה.

אונ אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז זִי ווֶעט חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר דֶעם עֶנְגְלִישֶׁען פְּרִינְץ,— צום סוֹף גָאר פַאר אוּנְזֶער מַאטְוֵוייֶקֶען!

—וָואס ווִילְט אִיהר? בַּארֶעכֶענְט אַז זִי אִיז שׁוֹין נִיט קֵיין יוּנְג מֵיידֶעל. פַאר אִיהר אִיז מַאטְווֵייקֶע אויךְ אַ גְלִיק. בַּארֶעכֶענְ:זִי הָאט שׁוֹין אַרִיבֶּער גֶעטַאנְצְט דָאס צְוַואנְצִיגְסְטֶע יָאהר

—אַזוֹי אִיז. אַז מֶע לָאזְט זִיצֶען אַ מֵיידִיל.

—אונ אִיךְ ווייס גָאר נִיט מִיט וָואס אִיז דָאס פַאר אִיהר אַזַא שְׁלֶעכְטֶער שִׁידוּךְ! וָואס אִיז. זִי אִיז עֶפֶּעס אַ גְרוֹיסֶע יַחְסָנְטֶע? זִי אִיז אַיין אַרִיסְטָאקְרַאטֶקֶע אונ מַאטְוֵוייֶ אִיז אויךְ אַיין אַרִיסְטָאקְרַאט. מִיר דַאכְט זִיךְ אַז עֶס אִיז זֶעהְר אַ גְלַייכֶע פָּאאָר.

אונ אַזֶעלְכֶע ווָארְטֶער אונ שְׁטֶעכְוֶוארְטְלִיךְ הָאט מֶען גֶעהֶערְט אִין שְׁטָאדְט וֶועגֶען דֶעם שִׁידוּךְ.

קְלַארַא הָאט אויךְ דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג זִיךְ דֶער־וואוּסְט וֶועגֶען דֶעם שִׁידוּךְ: זִי הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט צִי דָאס אִיז אֶמֶת, זִי אִיז גְלַייךְ אַוֶועק־גֶעגַאנְגֶען צוּ פְרַאנְיַאן, הֶערַיין גֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהר אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער צִימֶער אונ זִי גֶעפְרֶעגְט, צִי עֶס אִיז אֶמֶת וָואס מֶען רֶעדְט אִין שְׁטָאדְט:

—יָא, דִי טָאג ווֶער אִיךְ אַ כַּלָּה פַאר מַאטְוֵויי גְרִינְגַארְעווִיטְשֶׁען!

קְלַארַא אִיז פוּן גְרוֹיס פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן אָהן וָוארְט.

—וָואס פַאזְדְרַאוֶועסְט דוּ מִיךְ נִיט, קְלַארַא?

—נֵיין, ווַארְט אוֹיס אִיךְ ווִיל דִיךְ נָאךְ עֶפֶּעס פְרֶעגֶען, נָאר דוּ זָאלְסְט מִיר זָאגֶען דֶעם רֶעכְטֶען אֱמֶת, אִיךְ ווייס אַז דוּ וֶועסְט קֵיין לִיגֶען נִיט זָאגֶען. דוּ זָאגְסְט אַז דָאס אִיז אֱמֶת, דוּ ווֶערְסְט אַ כַּלָּה פַאר מַאטְוֵויי גְרִינְגַארֶעווִיטְשֶׁען—אַ יָא? זָאג־זְשֶׁע מִיר, פְרַאנְיַאטְשְׁקֶע, אויף דַיין עֶהרְלִיךְ וָוארְט, צִי פִיהלְסְט דוּ זִיךְ דֶער מִיט גְלִיקְלִיךְ? הָאסְט דוּ אִיהם לִיעבּ?

—נֵיין.

—נֵיין? זָאגְסְט דוּ, הָאט קְלַארַא אוֹיס־גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ פַארְקְלֶעמְט הַארְץ, וָואס־זְשֶׁע צְווִינְגְט דִיר דוּ זָאלְסְט אַ כַּלָּה וֶוערֶען פַאר אִיהם? זָאג מִיר דֶעם אֱמֶת, דֶערְצֶעהְל מִיר אַלֶעס אִיךְ פָאהר מָארְגֶען אַוֶועק אונ דוּ בִּיסְט בַּיי מִיר דִי אַיינְצִיגְסְטֶע חֲבֵרְתָּה וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּאֱמֶת לִיעבּ אונ ווִיל דִיךְ זֶעהְן גְלִיקְלִיךְ. דֶערְצֶעהל מִיר אַלֶעס!

—צוּ וָואס זָאל אִיךְ דִיר דֶערְצֶעהְלֶען? דוּ וֶועסְט גָאר הָאבֶּען יְסוּרִים אונ ווִידֶער דוּ וֶועסְט מִיךְ גָאר נִיט פַארְשְׁטֶעהְן. ווַייל דֶער רֵייכֶער לֶעבְּט ווִי עֶר ווִילל אונ דֶער אָרֶעמֶער לֶעבְּט ווִי עֶס לֶעבְּט זִיךְ„ דוּ בִּיסְט רֵייךְ אונ אִיךְ בִּין אָרֶעם.

—האסט א טעות, שוועסטערל, דער רייכער איז אמאהל ארעמער פון דעם גרעסטען ארעמאנן. דאס קענסט דו ניט פערשטעהן, ווייל דו ביזט קיינמאהל רייך ניט געוועזען. נאר איידער דו דערצעהלסט מיר אללע דיינע צרות בייט איך זיך מיט דיר מיט מיין גאנץ רייכ־קייט, זעהסט דו נאר מיט מיין שכל וואלט איך זיך קיינמאל ניט געביטען, ווייל מיט מיין שכל וואלט איך קיינמאהל א כלה געווארען פאר א אויסגעמאהלטער וויוועסטקי פון א כוושסקי שניידער.

- וועהמען מיינסט דו דאס?

—פערשטעהט זיך מאטוויי גריגאריעוויטשען דיין חתן;

—מיין חתן?!

—יא, נאר ווארט־אויס עטליכע מינוט עהדער דו ווערסט בייז אויף מיר, הער מיך פאר־הער אויס: איך ווייס אז ווי באלד ער איז דיין חתן וועסט דו אויף איהם קיין האאר ניט לאזען פאללען, ווער שמועסט זיך ניט שאן אויסדריקען וועגען איהם.—איך ווייס אז ביי אונז יודען איז א גרויסע עבירה קאליע מאכען א שידוך, אבער איך רעכען דאס פאר א גרויסע מצוה צו טוהן אללע מעגליכקייט'ן און דיר אפרייידען פון דעם שידוך, ווייל איך ווייס און פיהל אז דו האסט איהם ניט ליעב. פארקעהרט, זאג מיר אויף דיין עהרליך ווארט צי זאג איך ליגען, וועל איך אויפהערען צורעדען און דיר זאגען מיט מיין גאנצען הארצען „מזל־טוב“. נא, זאג מיר דעם אמת, פראניא? דו שווייגסט פראניא?... שווייגען הייסט גערעדט, היינט זאג אלליין, פראניא, שוין־זשע אז מיר יודישע טאכטער זענען אזוי געפאלען אז יעדער לאידאק וועט מיט אונז האנדעלען ווי מיט שקלאפען.

—יא קלארא, מיר יודישע טאכטער זענען געפאלען און מיר דארפען זיך נאך שעטצען פאר גליקליך וואס עס געפינט זיך נאך ביי אונז מאטוויי גריגאריעוויטשעס. פון דיר רעד איך ניט; דו ביזט רייך.—נאר פון ארעמע יודישע טאכטער רעד איך, גלייב מיר קלארא: אז מאטוויי גריגאריעוויטש איז פיעל לייטעשער פון די אללע פריהערדיגע חתנים וואס איך האב פארהער געוואלט און ניט געקענט צוקומען צו זיי, ווייל איך האב קיין נדן געהאט. מאטוויי אבער האט מיך ליעב, אמת ליעב ווי איך שטעה און געה, מיט איין ווארט, עהרליך ליעב. מאטוויי איז אפשר ניט אזא וואזשנער חתן און האב איהם טאקע ניט ליעב, נאר ווי אזוי מען ווילל קען מען דאס בריעוועל לייענען, קלארא!

—יא, ווי אזוי מען ווילל אזוי לייענט מען דאס בריעוועל. נאר נא־דיר א גראשען פאר עם וואס איין עהרליכע בהמה האט עהרליך ליעב. איך האב איינגענטליך גאר ניט מאטוויי גריגאריעוויטשען, ער קען זיך נעהמען זיין גלייכען און דו דיין גלייכען, דו טעהסט האבער פון איהם מיט הונדערט פראצענט, דו ביזט ווערטה א לייטעשערן חתן, וינע מיידליך צווישען יודען ווי דו וואלגערען זיך ניט.

—וואס העלפט דאס אבער! צאהלט מען דען נאך דער ווערטה נאך?

—מען הייסט זיך אליין גוט בעצאהלען.

—איך פארשטעה ניט וואס דו רעדסט.

—דוּ פַארְשְׁטֵייסְט נִיט ? אִיךְ ווִיל דֶער מִיט זָאגֶען אַז דָאס גְלִיק קוּמְט נִיט צוּ אוּנְז טוּעֶן מִיר עֶס אַלֵיין גֶעמָען.

—אִיךְ ווייס נִיט ווִי אַזוֹי מֶע׳ נֶעמְט זִיךְ אַלֵיין גְלִיק.

נאָ — אסְט ווִיפִיל בִּיזְטוּ דָאס אַזוֹי אַלְט ווָאס דוּ מוּזְט אַ כַּלָּה ווֶערִין ? — צְוַאנְצִיג יָאהר.

—מִיר הָאהנֶען אָבֶער אִין אַרִיבַּאטְשֶׁעווְקֶע, דַאכְט זִיךְ אַז אִין בַּעלבַּתִּישֶׁען גְרַאד, ווֶעסְט דִי יִיט גֶעפִינֶען צְווִישֶׁען יוּדֶען אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אִין דִי יָאהְרֶען זִי זָאל נִיט הָאבִּין חֲתוּנָּה גֶעהַאט אָדֶער אִין ווַינִיגְסְטֶען אִיז זִי שׁוֹין אַ כַּלָּה. אוֹיךְ דַארְפְסְטוּ ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין נִיט קֵיין בַּת יְחִידָה בַּיי מַיינֶע עֶלְטֶערִין, מַיינֶע שְׁווֶעסְטֶער זֶענֶען שׁוֹין בַּאלְד הָעבֶער מִיט צְווַיי קָאפּ פוּן מִיר. אִיךְ מוּז זֵיי בֶּעפְרַייֶען.

קְלַארַא הָאט אַ שְׁווֶערִין זִיפְצְן גֶעטוּהן.

—אוֹי גָאטֶט, הָאט קְלַארַא כִּמְעַט אוֹיס גֶעשְׁרִיגֶען, ווָאס צָרוֹת קֶענֶען מַאכֶען, צָרוֹת הָאבֶען בַּיי דִיר צוּגֶענוּמֶען דֶעם שֵׂכֶל, לִיבֶּע טַייֶערֶע פְרַאנְיַא, וואוּ אִיז פְּלוּצִים פֶערְפַאלֶען גֶעווָארִין בַּיי דִיר דַיין שְׁטָאלְץ, דַיין שֵׂכֶל, אַז דוּ גֶעפִינְסְט שׁוֹין קֵיין אַנְדֶער ווֶעג נִיט פַאר דִיר ווִי זִיךְ פֶערְקוֹיפֶען, דוּ בִּיזְט שׁוֹין בַּיי זִיךְ אַזוֹי אַרָאפְּגֶעפַאלִין אַז אִיךְ נַארֶעשֶׁע קְלַארַא בַּארְף דִיךְ, קְלוּגֶע פְרַאנְיַא, לֶערְנֶען שֵׂכֶל... דוּ ווייסְט אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטֶען פַאר קְלִיגֶער פוּן מִיר, אִיךְ הָאבּ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעסְטַארֶעט צוּ זַיין אַזוֹי ווִי דוּ, נָאר יֶעצְט זֶעה אִיךְ אַז דָאס אַלֶעס אִיז גֶעווֶען אַמָאל, אָבֶער יֶעצְט בִּין אִיךְ פִיל קְלִיגֶער פוּן דִיר אוּנ פַארְשְׁטֶעה דָאס לֶעבֶּען אַסַךְ בֶּעסֶער פוּן דִיר, דוּ קוּקְסְט מִיךְ אָן אוּנ וואוּנְדֶערְסְט זִיךְ ווִי בִּין אִיךְ פְּלוּצִים אִין אַזַא קוּרְצֶער צַייט גֶעווָארֶען אַזַא קָאזַאק, יָא אִין דֶער קוּרְצֶער צַייט בִּין אִיךְ אוֹיף אַסַךְ עֶלְטֶער גֶעווָארֶין, דֶעם זוּמֶער בִּין אִיךְ מִיט מַיין מוּטֶער אִין פִּיעֶל שְׁטָאדְט גֶעווֶען, אִין אוֹיסְלַאנד אוֹיךְ גֶעווֶען, אִיךְ ווֶעל דִיר שׁוֹין דֶער נָאךְ פוּן אַלֶעס דֶערְצֶעהלֶען... נָאר אַיין אַנְדֶער קְלַארַא שְׁטֵייט יֶעצְט פַאר דִיר! פָאלְג מִיךְ ווַארְף אַווֶעק דִי קְלֵיינְשְׁטָאדְטִילְדִיגֶע נַארְרִישְׁקֵייטֶען... אִיךְ הָאבּ זֵיי שׁוֹין לַאנְג אַוועקְגֶעווָארְפֶען... אִיךְ הָאבּ יֶעצְט קֵיין צַייט נִיט... אִיךְ ווֶעל דִיר שׁוֹין דֶער נָאךְ דֶערְצֶעהלֶען... אוּנ הֶער ווַייל זָאג אִיךְ דִיר, דוּ זָאלְסְט זִיךְ נִיט פַארְווִיסְטֶען דַיין ווֶעלְט מִיט דֶעם פּוּסְטֶען מַאטְווַייֶען, נָאר אוֹיבּ דַיין גַאנְצֶער מֵיין אִיז צוּ בֶּפְרַייֶען דַיינֶע נַארְרִישֶׁע שְׁווֶעסְטֶער — פָאהר מִיט מִיר קֵיין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג!... פוּן דֶעם לֶעצְטִין ווָארְט הָאט פְרַאנְיַא אַ גְרוֹיסֶען זִיפְצְן גֶעטוּהן אִין דֶעם ווָארְט „פֶּעטֶערְסְבּוּרְג" הָאט זִיא דֶערְזֶעהן אַ שְׁפַּאלְט דוּרְךְ ווֶעלְכִין זִי זָאל אַרוֹיס פוּן אִיהר אַיינְגְשַׁאפְט. זִי הָאט זִיךְ גֶעווָאלְט אַווָארְף טְהוּן צוּ קְלַארֶען זִי קוּשֶׁען אוּנ הַאלְדְזֶען ׳ אִיהר גֶעפְּעס זָאגִין חָאטְשׁ זִי הָאט נָאךְ אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט ווָאס. קְלַארַא הָאט דָאס דֶערְקֶענְט אִין אִיהר אוּנ אִיז ווֶעה־ פְרֶעהְלִיךְ גֶעווָארֶען. נָאר אִין דֶער מִינוּט אִיז אַרַיין מִיט אַ הִימְפֶּעט זֵיילִיק שַׁדְכָן אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען:

—אַ גוּט מָארְגִין דִיר כַּלָּה לֶעבִּין, דַיין חָתָן גְרִיסְסְט דִיר הֶערְצְלִיךְ, עֶר ווֶעט הַיינְט אַבֶענְד זַיין בַּיי דִיר, אַ גוּט מָארְגֶען אַייךְ קְלַארַאטְשְׁקֶע אִיהר זֶענְט אוֹיךְ דָא, זָארְגְט זִיךְ נִיט אִין גִיכְסְטֶען ווֶעל אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ זָאגֶען אַזַא גוּט מָארְגֶען ווִי פְרַאנְיַאטְשְׁקֶען, פוּן אַלֶע לוּבְּקֶעס קוּמְט מֶען אָן פָארְט צוּ ר׳ זֵיילִיקֶען.

פוּן דִי צְווֵיי ווֶערְטֶער „כַּלָּה לֶעבֶּען" אִיז אִין פְרַאנְיַאן דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט ווִי פַארְגְלִיווֶערְט גֶעווָארֶען, זִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן אָהן ווֶערְטֶער, קְלַארַא הָאט קֵיין אוֹיג פוּן אִיהר נִיט אַרָאפְּגֶענוּמֶען, ר׳ זֵיילִיק הָאט אַשׁאנֶע פַּארְצִיֶע טַאבַּאק אַנְגֶעשְׁטוּפְּט אִין דֶער נָאז, גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ: „בֶּע, מֶע, טֶע, עֶט"...

# XVIII.

## דִיא הָאפְּפֶענוּנְג.

בְּמְעַט דְרַייִ יָאהְר אִיז שׁוֹין גֶעוָוארֶען זִינְט פְּרַאנְיַא אִיז מִיט קְלַארֶען אַוֶועק גֶעפָארֶען קַיין פֶּעטֶערְסבּוּרְג אוּנ גֶעפִינְט זִיךְ עַד הַיּוֹם בַּא קְלַארֶעס עֶלְטֶערֶען אִין הוֹיז.

פְּרַאנְיָאס פָּאטֶער הָאט זֶעהְר נִיט גֶעוָואלְט זִי זָא אַוֶועקְפָאהְרֶען, אִיהְר מוּטְטֶער חַנָה הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ וַויינֶען, דִי שְׁוֶועסְטֶער מַאנְיָאן אוּנ סָאנְיָאן הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעשְׁטֶעלְט טְרֶעהְרֶען אִין דִי אוֹיגֶען. נָאר חַיִּים, אַלְס קְלוּגֶער מַאנְסְבִּיל, הָאט מֶעהְר פַארְשְׁטַאנֶען וִוי אַלֶע אִין שְׁטוּבּ אוּנ דֶער גָאךְ זִיךְ בַּארֶעכֶענְט אַז עֶס אִיז גָאר נִיט אַזוֹי קְרוּם פְּרַאנְיֶעס אַוֶועקְפָאהְרֶען, זִי פָאהְרְט זִיךְ צוּ זַאמְמֶען מִיט ר׳ קַלְמַן קָאפֶּעלְס פַאמִילְיֶע, זֶעהְר רַייטִישֶׁע אוּנ פַיינֶע מֶענְשֶׁען, וָואס זְשַׁע אִיז דָא אַזַא אוּמְגְלִיק?

— לָאז זִיךְ אַ קִינְד אַבִּיסֶעל דוּרְךְ פָאהְרֶען, אַבִּיסֶעל זֶעהְן דִי וֶועלְט, וָואס קֶען דָאס שַׁאדֶען? נָאךְ דֶער חֲתוּנָה קֶען זִיךְ אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אַזוֹינֶע פֶּערְגֶענִיגֶען נִיט עֶרְלוֹיבֶּען, בַּארְד הוֹיבְּט זִיךְ אָן דָאס קִינְדְלֶען מִיט זוֹיגֶען מִיט וַוייטֶער קִינְדְלֶען, אַ בַּעַל בַּיִת-טֶע אִין שְׁטוּבּ אוּנ אֶפְשַׁר זַיין אַ סוֹחֶרְטֶע אִין קְלֵייט אוֹיךְ, אַזוֹינֶע פֶּער-גֶענִיגֶען קֶענֶען זִיךְ נָאר פֶּערְגִינֶען גְרוֹיסֶע גְבִירִים מִיט אַ סַךְ טוֹיזֶענְדֶער אָבֶּער נִיט מַיינְס אַ קִינְד, וּבִפְרַט נָאךְ אַז מַאטְוֵויי גְרִינָארֶעוִויטְשְׁעֶן ווִיל זִי נִיט אַזוֹי מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְצֶען, חָאטְשׁ אוּנְז הָאט זִי גֶעזָאגְט אַז „יָא" נָאר פַארְשְׁטֶעה אִיךְ דֶען נִיט אִיהְר „יָא"? דֶער מִיט קֶען זִי נָאר אָפְּנַארֶען אִיהְר מוּטְטֶער אָבֶּער נִיט מִיךְ — אִיהְר פָאטֶער! אִיךְ קֶען גוּט מַיינֶע קִינְדֶערְס הֶערְצֶער, זִי זָאגְט דֶעם „יָא" צוּ לִיעבּ אוּנְז, צוּ לִיעבּ אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער „זִי ווִילְל זַיי נִיט שְׁטֶעהְן אִין וֶועג" וִוי פְּרַאנְיָא אַלֵיין הָאט מִיר נִיט אֵיין מָאהְל גֶעזָאגְט. אוּנ נָאךְ מֶעהְר זָאגְט זִי „יָא" צוּ לִיעבּ דֶער מוּטְטֶער וָועלְכֶע זִי הָאט אַזוֹי לִיעבּ, לָאז זִי עֶנְדְלִיךְ אוֹיךְ הָאבֶּען נַחַת אִין קִינְד נָאךְ אִיהְר פַארְשְׁטַאנְד, אָבֶּער אִיךְ? — אִיךְ וַוייס וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּיי מַיין טָאכְטֶער אִין הַארְצֶען, אִיךְ לֵייעֶן אַלֶעס אִין אִיהְר הַארְץ וִוי אַ אָפֶּענֶע בְּרִיעף. בַּא אַבִּיסֶעלֶע אַבְּעסֶערֶע לַאגֶע וָואלְט אִיךְ זִיךְ אוֹיךְ בְּאֵין אוֹפֶן נִיט עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיף דֶעם שִׁידוּךְ נָאר מִיט וָואס פַאר אַרֶעכְטֶע קֶען אִיךְ פְּרַאנְיָאטְשְׁקֶען זָאגֶען „יָא" אָדֶער „נֵיין", וָוען אִיךְ קֶען אִיהְר נָאר נִיט גֶעבֶּען וָואס אַ פָאטֶער דַארְף זַיינֶע קִינְדֶער גֶעבֶּען, זִי זָאגְט „יָא" — זָאל זַיין „יָא", זִי זָאגְט „נֵיין" — זָאל זַיין „נֵיין". אִיךְ טָאר זִיךְ גָאר נִיט מִישְׁעֶן אוּנ הָאבּ גָאר קַיין רֶעכְט דֶערְוִויף נִיט, זִי ווִילְל פַאר דִי תְּנָאִים, אֵיידֶער זִי וֶוערְט

אַ כַּלָה אַבִּיסֶעל זִיךְ דוּרְךְ פָאַהְרֶען, קוּמְמֶען צוּ זִיךְ, בֶּעטְרַאכְטֶען זִיךְ, וָואס קֶען אִיךְ צוּ אִיהְר הָאבֶּען? דָא לַיידֶעט מֶעהְר נִיט וִוי אוּנְזֶער אַיינֶענֶער עֶנָאִיזְעם, מִיר הָאבֶּען זִי לִיעבּ, מִיר זֶענֶען נִיט גֶעוואוֹהְנְט צוּ זַיין אָהְן אִיהְר אַ מִינוּט, עֶס אִיז אוּנְז פְרֶעהְלִיךְ, עֶס אִיז אוּנְז גוּט מִיט אִיהְר זַיין צוּזַאמְמֶען, נוּא קֶענֶען מִיר דֶען צוּ לִיעבּ אוּנְזֶערֶע פֶערְגֶעניגֶען שְׁטֶערֶען אַ קִינְד פֶערְגֶעניגֶען? אִיז אִיהְר דֶען אַלַיין גְרִינְג זִיךְ מִיט אוּנְז שֵׁיידֶען? אוּנ וֶוען אַיין-אוּנ-אַיינְצִיג קִינְד פָאהְרְט אַמָאהְל אַוֶועק מִיט אִיהְר מַאנְן בַּאלְד נָאךְ דֶער חֲתוּנָה פַאר טוֹיזֶענְדֶער וֶוערְסְט, וָואס טְהוּט מֶען?

אַזוֹי הָאט חַיִים גֶעטַעֲנָה׳ט מִיט זִיךְ אוּנ אַזוֹי אוֹיךְ אַיינְגֶעטַעֲנָה׳ט מִיט זַיין וַוייבּ חַנָה, זִי הָאט גֶעוַויינְט אוּנ גֶעוַויינְט בִּיז זַיי הָאבֶּען פְרַאנְיָאן גֶעמוּזְט עֶרְלוֹיבֶּען פָאהְרֶען מִיט קְלַארֶען.

חַנָה הָאט אָפְּגֶעבַּאקֶען אַ גַאנְצֶען בֶּעקֶען מִיט פִּיטֶער-קִיכְלֶעךְ, אָבְּגֶעבְּרָאטֶען אַ פָּאר הִינֶער, גֶעוֶוען פַאר פָארֶעט בִּיז אִיבֶּערֶען קָאפּ מִיט נָאךְ אַ סַךְ זַאכֶען אָנְצוּגְרֵייטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנ חָאטְשׁ קְלַארַא הָאט גֶעשְׁרִיעֶגֶען גְוַואלְד. אַז אִין אַזַא נְסִיָעה אִיז אִיבֶּעריג דֶער קְלֶענְסְטֶער בַּאנאזְשׁ אוּנ מֶע דַארְף גָאר נִיט׳, זִי הָאט אַלֶעס אָנְגֶעגְרֵייט אוּנ פַארְזִיכֶערְט „אַז מֶע וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער אוֹיף דֶעם וֶועג״, נָאר עֶס הָאט גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען, חַנָה הָאט זִיךְ גֶעפָּארֶעט אוּנ גֶעפָּארֶעט, פַאר גֶעסֶען אַז מֶע דַארְף שְׁלָאפֶען, עֶסֶען, אוּנ אָבּ רוּהֶען זִיךְ, זִי הָאט אֲפִילוּ קְלַארֶען נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוֹיף אִיהְרֶע רֵייד אוּנ זִיךְ גֶעטְהוּן אִיהְר זַאךְ.

וָואס אַ טָאג, וָואס אַ מִינוּט נָאהֶענְטֶער צוּם אַוֶועק פָאהְרֶען הָאט זִי גֶעפִיהְלְט וִוי עֶס עֶקְט זִיךְ אִיהְר דָאס לֶעבֶּען, נָאר זִי הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעזָאגְט, אֲפִילוּ נִיט אִיהְר חַיִים׳ן, עֶר זָאהְל נִיט לַאכֶען פוּן אִיהְר אוּנ זָאל נִיט זָאגֶען „אַז זִי אִיז אַ יוּדֶענֶע׳, נָאר בַּא אִיהְר אַרְבַּייט וֶוען קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזֶעהְן הָאט זִיךְ שְׁטִיל פוּן חַנָה-ס אוֹיגֶען גֶעגָאסֶען טְרֶעהְרֶען וִוי וַואסֶער, בַּאלְד אָפְּגֶעוִוישְׁט, נָאר עֶס הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶעגָאסֶען.

פַאר דֶעם אַוֶועקְפָאהְר הָאט חַנָה נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן פְרַאנְיָאטְשֶׁקֶען אַז זִי זָאל עֶפִּיס עֶסֶען, נָאר פְרַאנְיֶען, וִוי עֶס מַאכְט זִיךְ אָפְּט וֶוען מֶע דַארְף פָאהְרֶען, עֶפֶענְט זִיךְ גָאר נִיט דָאס מוֹיל צוּם עֶסֶען, דֶעם אַפֶּעטִיט פַארְלִיעֶרְט מֶען אִין גַאנְצֶען, פְרַאנְיָאטְשֶׁקֶע הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען וִוי בַּא אַ גַזְלָן, נָאר עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען, דִי מוּטְטֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִיבֶּער אִיהְר טָאכְטֶער אוּנ גֶעפַּאקְעוָועט אִיהְר אִין מוֹיל. פְרַאנְיַא הָאט גֶעמוּזְט עֶסֶען אוּנ דִי מוּטְטֶער הָאט אִיהְר גֶעקוּקְט גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען, גְלַייךְ וִוי זִי הָאט גֶעוָואלְט אַז אִיהְר פְרַאנְיָאטְשֶׁקֶע זָאל זִיךְ אַזוֹי אָנְגֶעסֶען אַז זִי זָאל זַיין זַאטְט דִי גַאנְצֶע צַייט בִּיז זִי וֶועט אי״ה קוּמְמֶען גֶעזוּנְדְטֶערְהֵייד צוּרִיק אַ הַיים.

וֶוען פְרַאנְיָא מִיט קְלַארֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין דֶער בְּרִיטְשְׁקֶע פָאהְרֶען, הָאט חַנָה אָנְגֶעהֵיבֶּען זַיי דֶערְלַאנְגֶען פֶּעקְלֶעךְ מִיט עֶסֶען אַז עֶס אִיז גָאר נִיט גֶעוֶוען וִוי צוּ לֶעגֶען, זַיי הָאבֶּען זִיךְ בַּיי אִיהְר גֶעבֶּעטֶען, עֶס הָאט גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען, מֶע הָאט גֶעמוּזְט צוּ נֶעמֶען, צוּם סוֹף הָאט זִי נָאךְ אַ צְוַויי פֶּעקְלֶעךְ מִיט עֶסֶען גֶעגֶעבֶּען דֶעם

קוטשער אויף דער קעלניע קיינער זאל ניט זעהן אונ דער נאך געזאגט זיי: „אז ביים קוטשער איז נאך דא צוויי פעקלעך".

מע האט געוויינט, זיך געקושט, ווייטער געוויינט, אונ נאך אמאהל זיך געקושט. פראניאס צוויי שוועסטער האבען דערפיהלט ווי עפיס אייגענס רייסט זיך אב פון זייערע הערצער אונ האבען שרעקליך געוויינט. די פיהר האט זיך געריהרט, חנה האט נאך נאכגעשריגען, „אז דאס קישעלע זאל זי זיך לעגען צו קאפענס ווען זי וועט שלאפען אונ די הינער זאל זי אויף עסען ווען זי וועט זיין הונגעריג אונ ווען זיי וועלען טרונקען אביסעלע וויין זאללען זיי ניט פארגעסען גוט מיט דעם קארעק פאר שטעקען די פלאש", אויך „די אלטע קאלדערע" זאל זי למע"ה ניט פארליערען, אונ נאך טויזענדער אזוינע נייטיגע זאכען האט חנה נאך געשריגען ווי גלייך ווען זי זאל ניט אנזאגען, וואלט פראניא מיט קלארען געהאט א טעות: זיי וואלטען די געבראטענע הינער געלעגט צוקאפענס אונ דאס קישעלע אויף געגעסען.

אריין געהענדיג אין שטוב, האט חנה געזאגט חיים-ן מיט די קינדער.

— איך האב מורא פראניאטשקע זאל ניט פארליערען די אלטע קאלדערע, מע וועט איהר דארפען שרייבען.

— וואס האסט דו זיך צו געטשעפעט צו דער אלטער קאלדערע! האט חיים זיך צו שריענען,—אונ אז זי וועט פארליערען דיין אלטע קאלדערע וואס איז פאר א אומגליק!? איך האב דיר געזאגט אז מע דארף ניט מיט געבען, די אלטע שמאטע, עס וועט קיינער פאר איהר קיין צוויי גראשען ניט געבען, אונ דו האסט צו טהון דער מיט ווי גלייך פראניאטשקע האט מיט זיך מעהר ניט מיט גענומען, וויא גלייך פון אונזער הויז איז איצט אוועק געפאהרען ניט אונזער לעבען, אונזער פראניאטשקע נאר דיין אלטע קאלדערע!

ער האט געזאגט מיט כעס אונ ער האט געפיהלט ווי זיין הארץ, זיין לעבען, רייסט זיך אב פון איהם, אונ עס האט איהם פארדראסען וואס חנה האט מעהר ניט געפונען נאר איהם דיללען א קאפ מיט דער אלטער קאלדערע וואס פלעגט זיך שטענדיג וואלגערען אין קיך אונ קיינער וואלט פאר דער אלטער שמאטע קיין צוויי צובראכענע גראשען ניט געגעבען.

— איך האב דיר אבער געזאגט, חיים, אז פראניאטשקע דארף ניט פאהרען, האט חנה איהם געענטווערט דערויף, אונ אסך טרעהרען האט איהר ווייטער אנ-געהויבען שטוקען אין האלז.

— אי לאז מיך צו רוה מיט אייערע אללע ווייבערשע „איך האב דיר אבער געזאגט" אונ חיים איז זיך אוועק געגאנגען אין א ווינקעלע אונ זיך געשטעלט מיט דעם פנים צו דער וואנד, חנה האט מעהר איהרע טרעהרען ניט געקענט איינהאלטען.

די ערשטע טאג אונ נאכט האט מען אין חיים'ס הויז געוויינט ווי הר"ש נאך

אַטוּידְטָען, נָאר בַּאלד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען טַייעֶרֶע הָאפְּפֶענוּנְגֶען: „אַ בְּרִיעף צוּ בֶּעקוּמְמֶען“. די גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע פְרַיידִקִינְזָאהְן הָאבֶּען פוּנְקְט אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט וָוען סֶע דַארְף אַ בְּרִיעף פוּן פְרַאנְיָאטְשֶׁקֶען בֶּעקוּמְמֶען אוּנ אַלֶלֶע הָאבֶּען שׁוֹין בַּאצַייטֶענְס אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִילְלֶען אַ קָאפּ דֶעם פָּאסְטַאלְיָאן, אִיהְם קֵיין מָאהְל דוּרְךְ דֶער שְׁטוּבּ נִיט דוּרְךְ גֶעלָאזְט, סֶע זָאל אִיהְם נִיט זָאגֶען: „נָאךְ שַׁבָּת וָועט זַיין אַ בְּרִיעף פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג“, אָדֶער: „אֶפְשַׁר אִיז אִיצְטֶער נִיטָא אַ בְּרִיעף פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג“?

דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פָּאסְטַאלְיָאן וָואס אִיז שׁוֹין פוּן תָּמִיד אָן גֶעבֶּעךְ גֶעוואוֹהְנְט סֶע זָאהְל אִיהְם אוּמְזוּסְט דִילְלֶען אוּנ טוּטְשֶׁען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאר נִיט עֶנְטְפֶערֶען אוּנ לוֹיפֶען וַוייטֶער זַיין וֶועג.

נָאר וֶוען דִי טְהִיר פְלֶעגְט זִיךְ אַמָאהְל פְּלוּצִים עֶפֶענֶען אוּנ דֶער לִיעבֶּער טַייעֶרֶער פָּאסְטַאלְיָאן פְלֶעגְט דֶער לַאנְגֶען אַ בְּרִיעף, וָואלְט חַנָּה אִיהְם גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם הַאלְז קוּשֶׁען וֶוען זִי זָאל זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען.

עֶפֶּעס דִי פָּאסְטַאלְיָאנֶען וָואס טְרָאגֶען אוּנְז בְּרִיעף הָאבֶּען אַזוֹינֶע פְּרִיאַטְנֶע גֶעזִיכְטֶער! זֵייעֶרֶע אַלְטֶע פָּאסְטָאוֶוע קְלֵיידֶער זֶענֶען עֶפִּיס אַזוֹי שֵׁאן! אַז אָפְּט מָאהְל וֶוען עֶר בְּרֵיינְגְט אַ בְּרִיעף וָואלְטֶען נִיט נָאר מִיר, נָאר דִי שָׁאנְסְטֶע פְרַיילִין וָואלְטֶען מִיט פֶערְגֶענִיגֶען אִיהְם אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן.

גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, אָט דִי פָּאסְטַאלְיָאנֶען! אָפְּט מָאהְל זֶענֶען זֵיי אוּנְזֶער גַאנְצֶע הָאפְּפֶענוּנְג אִין דֶער וֶועלְט, וָואס וָואלְטֶען מִיר גֶעטְהוּן, וֶוען דֶער פָּאסְטַאלְיָאן זָאל אוּנְז נִיט בְּרֵיינְגֶען דֶעם בְּרִיעף אוֹיף וֶועלְכֶען מִיר עֶרְוַוארְטֶען אִיז דִי אוֹיגֶען קְרִיכֶען שִׁיער נִיט אַרוֹיס.? — דַאכְט זִיךְ פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער אַרַיין, נָאר דֶער פָּאסְטַאלְיָאן רַאטֶעוֶועט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג מִיט אַ בְּרִיעף. אֶפְשַׁר נִיט דֶער וָואס מִיר עֶרְוַוארְטֶען נָאר פָּארְט בְּרֶענְגְט עֶר אוּנְז סוֹף כָּל סוֹף אַ בְּרִיעף מִיט נַייֶע גוּטֶע הָאפְּפֶענוּנְג, מִיר לֶעבֶּען וַוייטֶער אוּנ הָאפֶען וַוייטֶער אוֹיף דֶעם פָּאסְטַאלְיָאן אַז עֶר קֶען וַוייטֶער בְּרֶענְגֶען אַ בְּרִיעף שׁוֹין טַאקִי דֶעם וֶועלְכֶען מִיר עֶרְוַוארְטֶען!...

וֶוער? וֶוער פוּן אוּנְז אִיז דֶער גְלִיקְלִיכֶער וָואס דֶער וַוארְט זִיךְ אָט „דֶעם בְּרִיעף וָואס מִיר עֶרְוַוארְטֶען“? ......

חַנָּה מִיט חַיִים־ן הָאבֶּען אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעבֶּען מִיט דֶער טַייעֶרֶער הָאפְּפֶענוּנְג — מִיט דֶעם פָּאסְטַאלְיָאן, בִּיז עֶס אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען דְרֵיי יָאהְר אוּנ זֵיי לֶעבֶּען וַוייטֶער אוּנ הָאפְּפֶען וַוייטֶער, אוּנ לוֹיפֶען וַוייטֶער נָאךְ דֶעם טַייעֶרֶען פָּאסְטַאלְיָאן אוּנ פְרֶעגֶען אִיהְם: „אֶפְשַׁר אִיז דָא אַ בְּרִיעף פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג“?

דֶער פָּאסְטַאלְיָאן עֶנְטְפֶערְט זֵיי אַמָאהְל:

— אִיהְר וֵוייסְט זִיךְ שׁוֹין אַז אַלֶלֶע דָאנֶערְשְׁטָאג בְּרֶענְג אִיךְ אַייךְ אַ בְּרִיעף פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג אוּנ הַיינְט אִיז עֶרְשְׁט מָאנְטָאג.

דִי פְרֵיידִקִינְזָאהְנְס וֵוייסֶען דָאס זֶעהְר גוּט, נָאר פוּן דֶעסְט וֶועגֶען הֶעלְפְּט נָאר

ניט אונ זֵיי וֶוערֶען ניט מִיעד בִּיז דָאנֶערשְׁטָאג נָאךְ עֶטְלִיכֶע מָאהְל פְּרֶטנֶען אונ די גוטֶע הָאפְּפֶענוּנְג — דער פָּאסְטַאלְיָאן בֵּייֶזֶערְט זִיךְ שׁוין גָאר ניט, ער אִיז שׁוין גֶעוואהְנְט צו אוּנְז נַארִישֶׁע מֶענְשֶׁען ·

## XIX.

### וָואס הֶערְט זִיךְ אִין אָרִיבָּאטָאוְקֶע ?

מַאטְוֵיי גְרִינָארֶעוִויטְשׁ הָאט אויךְ ניט פַאְרלוירֶען די הָאפְּפֶענוּנְג, חָאטְשׁ ר׳ זֶעלִיג דער שַׁדְכָן הָאט אִיהְם אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען אַז חַנָה, פְרַאנְיָאס מוּטְטֶער, הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט אַז זִי קֶען אִיהְם ניט גֶעבֶּען קֵיין רִיכְטִיגֶען עֶנְטְוֶוער וַוייל פְרַאנְיָא הָאט גֶעמוּזְט פְּלוּצִים אַוֶועק פָאהְרֶען, נָאר פון דֶעסְט וֶועגֶען הָאט ער ניט אָנְגֶעוואוירֶען די הָאפְּפֶענוּנְג, עֶר קוּמְט צו די פְרֵיידִיקֶינְזָאהְנְס פַארְבְּרֶענְגֶען מִיט מַאנְיֶען אונ מִיט סָאנְיֶען, אונ אֶפְשַׁר נָאר דער פַאר וַוייל עֶס אִיז אִיהְם לִיעבּ אָפְּט צו זַיין אִין דָעם הויז וְוִי פְרַאנְיָא, וֶועלְכֶע ער הָאט לִיעבּ גֶעהַאט, אִיז אַמָאהְל גֶעוֶוען · —

וָוער קֶען פַארְשְׁטֵעהְן די פַארְלִיעבְּטֶע ?

אֵייגֶענְטְלִיךְ הָאט מַאטְוֵיי מִיט פְרַאנְיָאן אֲפִילוּ פַאר אִיהְר אַוֶועק פָאהְרֶען ניט גֶערֶעדְט קֵיין הַאלְבּ וָוארְט וֶועגֶען דֶעם אַז עֶר ווילְל זַיין אִיהְר חָתָן אָדֶער זִי — זַיין כַּלָה, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ פַאר דֶעם אַוֶועק פָאהְרֶען ניט גֶעזֶעגֶענְט אונ זִיךְ ניט גֶעזֶעהֶען · דֶער קְלַאנְג אִין שְׁטָאדְט אַז עֶר וֶוערְט אַ חָתָן פַאר פְרַאנְיָאן הָאט עֶר אַלֵיין צו פוּיקְט פון ר׳ זֶעלִיגְס דֶעם שַׁדְכָנְס וָוארְטֶער „אַז אָט בַּאלְד, בַּאלְד, הַיינְט מָארְגֶען וֶועט זַיין אַ וָוארְט“ אַי דָאס וָואס זִי אִיז פְּלוּצִים אַוֶועק גֶעפָאהְרֶען אִיז עֶר אויךְ ניט שׁוּלְדִיג · אִין שְׁטָאדְט הָאט מֶען בַּאלְד פַאר גֶעסֶען פון דֶעם קְלַאנְג אונ מַאטְוֵיי גְרִינָארֶעוִויטְשׁ אִיז וְוִי פְרִיהֶער גֶעבְּלִיעבֶּען אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדְט דֶער אָרִיבָּאטָאוְקֶער קַאוַואלְיֶער אונ עֶר שְׁפַּאצִירְט יֶעצְט אָפְּט אַרוּם אַלֶע מָאהְל מִיט אַ אַנְדֶער פְרֵיילִין, הַיינְט מִיט מַאנְיָאן, מָארְגֶען מִיט סָאנְיָאן אונ אִיבֶּער מָארְגֶען, אויבּ אִיהְר גֶעדֶענְקְט, מִיט דֶער בֶּעוואוּסְטֶער אָרִיבָּאטָאוְקֶער „פְרֵיילִין רָאזֶע“, וָואס עֶר הָאט זִי אַמָאהְל וָוען עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין אָרִיבָּאטָאוְקֶע „אַ חֲתוּנָה מִיט קַאוַואלְיֶערֶען“ אונ „טַאנְץ מִיט יַאשְׁטְשֶׁערְקֶעס“, פַאר טָאג וָוען דֶער פְרִיה מָארְגֶען אִיז אויפְגֶעגַאנְגֶען אונ דָער מָארְגֶענְ־שְׁטֶערְן הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען אויף די בְּרֶעגֶען פון הִימְמֶעל, וֶוען אַשְׁטִיל וַוארֶעם וִוינְטֶעלֶע הָאט גֶעבְּלָאזְט אונ וֶוען עֶס הָאט אוּמֶעטוּם גֶעשְׁמֶעקְט פון דָער פְרִיה מָארְגֶענְדִיגֶער פְרִישֶׁער רָאסֶע, הָאט עֶר זִי — דִי „פְרֵיילִין רָאזֶע“ אָבְּגֶעפִיהְרְט בִּיז אִיהְר אֶלְטֶערֶענְס הויז אונ הָאט זִיךְ אֵייגֶענְטְלִיךְ נָאךְ דַאנְן אִין רָאזֶען פַארְלִיעבְּט, אונ פון דֶעסְט וֶועגֶען פְרֶעגְט עֶר נָאךְ: „וָוען קוּמְט שׁוין צו פָאהְרֶען פְרַאנְיָא“ ?

אָט זָאגְט מֶען, אַז וָוען קֵיינֶער זֶעהְט ניט, פַארְבְּרֶענְגְט עֶר צו זַאמֶען מִיט

אונזערע באַקאַנטע צוויי חבֿרטעס גיטעל און געלע אָדער ווי מאַטוויי רופֿט זיי „גריניעטע“ און „קלאַוואַריע“ מע שפּאַציערט צוזאַמען אונטער דער שטאָדט צווישען די גרינע בוימער ווי דער סאָלאָוויי טרעלעט און זינגט און ווי די לבֿנה מאַכט איהר שפּאַציערגאַנג, און זיי, די צוויי פֿריילין מיט זייער קאַוואַליער זינגען צוזאַמען שאַנע יודישע „ליעבע-ליעדער“, אָדער „רוסישע ראָמאַנסען“, חאָטש גריניעטע איז שוין אַ כּלה פֿון סאָקאָליוווקע און קלאַוואַריע פֿון פּיפּיווקע, וואָס ר׳ זעליג שדכן האָט היינטיגס יאָהר אויס געשדכנט און נאָר אין ניכסטען דאָרף זיין ביי זיי די חתונה.

און פֿון דעסט וועגען ווען ער קומט צו די פֿריידקינזאַהנס פֿרעגט ער ביי מאַניאַן און סאָניאַן: „וואָס שרייבט פֿראַניאַ? ווען קומט זי שוין צו פֿאָהרען?“

היינט ווער קען מאַטוויים היים פֿאַרליעבט האַרץ פֿאַרשטעהן? מיר ווילען לעבען ווילען מיר זעהן, ווי זאָגט מען: „אַז מע לעבט דער לעבט מען זיך אַלעס“.

דער וויל זינט פֿראַניאַ איז אַוועק געפֿאָהרען איז מאַטוויי ביי מאַניאַן מיט סאָניאַן געוואָרען אַ שטענדיגער קאַוואַליער סיי ווינטער און סיי זומער, די טיהר האָט זיך עפּיס פֿאַר מאַכט זינט פֿראַניאַ איז אַוועק געפֿאָהרען, חאָטש אין קאָניקול צייט טראָגט דער זומער אויך היינט אָן קיין אַריבּאַטאָווקע אַלערליי יונגע לייט, חאָטש ניט גאָרפֿינקעל און שטיינפֿינקעל, איז אַנדערע שלעק, נאָר זיי פֿאַרברענגען דעם זומער זעהר פֿרעהליך און פֿאָהרען אַוועק און ווייסען אפֿילו נאָר ניט צי אין אַריבּאַטאָווקע איז דאָ „אַ פֿאַמיליע פֿריידקינזאָהן“ וואָס דאָרט געפֿינען זיך צוויי שוועסטער מאַניאַ און סאָניאַ. אַריבּאַטאָווקער יונגע לייט קומען אפֿילו יאָ אַמאָהל אַריין צו די פֿריידקינזאַהנס און פֿאַרברענגען אַמאָהל אַ אָבענד מיט מאַניאַן און סאָניאַן, נאָר אומשטיינס געזאָגט, זיי זענען דען קאַוואַליערען? ווער קען ניט אין אַריבּאַטאָווקע „משהלע לייבּציס“ „יאָסעלע פּעסעס“ „אַבֿרהם בער האַצקעלזאָהן“ „פּיניע ר׳ לייבּעשעס“ און נאָך אַנדערע! ווער קען זיי דען ניט? דער בעסטער פֿון אַלע איז שוין מאַטוויי גרינאַרעוויטש! נאָר אַזוי ווי „איינער אין פֿעלד איז ניט קיין העלד“ אַזוי אויך איין קאַוואַליער צווישען אַ סך פֿריילין קען אויך קיין העלד ניט זיין, חאָטש צו ביים זיך.

— עס איז זעהר סקוטשנע, חאָטש זיטץ פֿאַר לעג די האַנד, ווייטער מאַטוויי גרינאַרעוויטש און ווידער מאַטוויי גרינאַרעוויטש, קלאָגט זיך מאַניאַ מיט סאָניען און בעשולדיגען אין דעם נאָר די פֿאַרשיווע שטאָדט אַריבּאַטאָווקע — אַריבּאַטאָווקע איז נאָר קיין שטאָדט ניט, זאָגען זיי — עס איז נאָר קיין מענשען ניט דאָ, עפּיס אַ עק וועלט, מעהר ווי בלאָטעס מיט ציגען זעהט מען ניט — „אַריבּאַטאָווקע איז ניט פּעטערסבורג“ קלאָגען זיי זיך און מע זיטצט פֿאַרלעגט די האַנד, מע געגעצט און מע ווייסט ניט ווי די צייט אַהין צו טהון. —

זייער מוטטער קלאָגט זיך אויך אָפּט:

— סקוטשנע ביי אונז, חיים, די גאַנצע שטוב איז עפּיס ווי טרויעריג, ניטאָ דאָס פֿרעהליכקייט ווען פֿראַניטשקע איז געווען, געזונד און שטאַרק זאָל זי אונז זיין, רבונו של עולם, עס איז זיך געווען ליכטיג אין יעדען ווינקעלע! אַז עס איז געקומען

אויף דער נאכט איז זיך געווען א מְחַיָה'ניש, עס זאל חאטש מארגען זיין א גוטער בריעף פון איהר.

— פאר וואס זאל ניט זיין קיין גוטער, גיב נאטט ניט קיין ערגערע בריעף.

— יא, געלויבט זיין ליעבער נאמען, נאר איך מיין זי זאל שוין שרייבען וועגען איהם... האט חנה געזאגט אונ איהר געזיכט האט עפיס ווי אנגעהויבען שיינען.

— דיר ווילט זיך אלץ וואס גיכער.. איך קען דיך... נאר אזוינע זאכען האפט זיך ניט, מיין פריינד, קיין מענש קען זיך גאר ניט העלפען, אויב עס איז נאר פון גאטט, אויב עס איז נאר באשערט וועט קומען דערויף די צייט אויך.

— אמן, רבונו של עולם, איך בין גאר אזוי פיעל ניט ווערט ביי זיין ליעבען נאמען, עס זאהל חאטש מארגען זיין א בריעף. — האסט געזעהן דעם פאסטמאליאן?

— וואס דארף איך איהם זעהן? אז עס וועט זיין וועט ער ברענגען.

— ביסט טאקי גערעכט. — מאניאטשקע! סאניאטשקע! האט חנה זיך געווענד צו די קינדער וואס זענען געזעסען אין צווייטען צימער — פארגעסט נאר ניט מארגען אין דער פריה זעהן דעם פאסטאליאן.

— מיר האבען איהם הייגט געזעהען, ער זאגט אז עס איז גאר ניט דא, האבען די קינדער געענטווערט.

XX.

## א בריעף.

מארגען פריה איז אנגעקומען א בריעף פון פראניאן. פריהער האבען די קינדער געלייענט אונ די מוטטער האט געהערט, דער נאך האט מען דעם בריעף אוועק געטראגען אין קאנטאר ווי ר' חיים האט געדיענט, ווייל שטענדיג גאנץ פריה ווען ער פלעגט אוועק געהן אין קאנטאר פלעגט ער אנזאגען אז טאמער וועט זיין פון פראניאטשקען א בריעף זאל מען איהם ברייגגען. אין אזא טאג האט זיך דאס גאנצע הויז מיט אללע פריידקינזאהנס עפיס ווי איבער געאנדערשט, מע האט זיך עפיס גע-פיהלט ווי שבת-דיג, יום טוב-דיג אונ מע האט ארויסגעקוקט אויף דעם אבענד ווי א ערליכער יוד אויף משיח-ן. ד. ה. ווען ר' חיים וועט קומען אהיים אונ ביי דער טהע וועט ער נאך אמאהל לייענען דעם בריעף אונ אללע וועלען נאך אמאהל הערען חנה אונ די קינדער האבען יעדעס מאהל פון דעם לייענען דעם בריעף ביי דער טהע ערוואר־טעט אזא נייעס וואס אללע וועלען מיט אמאהל געהאלפען ווערען, חאטש מע האט שוין געוואוסט וואס אין דעם בריעף שטייט פריהער פון דעם פאטער נאר אז דער פאטער וועט לייענען וועט עפיס זיין אנדערש, חאטש קיינער, ניט חנה אונ ניט די קינדער. האבען זיך קיין חשבון ניט געקענט אבגעבען וואס פאר א הילף

וועט דא אויף זיי אללע קומען, נאר אזוי איז שוין געוועזען, מע האט געהאפפט, מע האט געגלויבט.

ווען ר׳ חיים איז היינט פארנאכט געקוממען א היים איז שוין דער סאמאוואר געשטאנען אויף דעם טיש און חנה מיט די קינדער האבען אנגעהויבען דערמאנען דעם בריעף.

— נוא לייען שוין!

— וואס האב איך אייך צו לייענען, איהר וועט דען פארשטעהן? אזא יאהר זאל איך האבען ווי זי איז גערעכט, האט חיים געזאגט פרעהליך, עפיס צופרידען.

— אז עס איז יא א גוטער בריעף ווילסט דו אונז ניט לייענען, האט חנה געזאגט און זיך ווייא באליידיגט.

— די קינדער האבען דען ניט געלייענט? דו האסט דען ניט געהערט?

— ווייס איך וואס די קינדער האבען דארט געלייענט, איך פארשטעה ניט איין ווארט, אז דו לייענסט ווייס איך וואס פראנצאטשקע שרייבט, נוא לייען שוין.

ר׳ חיים האט ארויס גענעמען דעם בריעף אונ געלייענט:

„מיינע טייערע עלטערען!

„ערשט מיט דריי טאג צוריק האב איך אייך געשריעבען. געוויס האט איהר מיין בריעף בעקוממען, נאר עפיס היינט גלוסט זיך מיר אייך שרייבען, א סך שרייבען, היינטיגען טאג גלוסט זיך מיר ניט צו ארבייטען, איך האב קוים דערלעבט די שעה ווען עס ענדיגט זיך מיין ארבייט, ווייל היינט איז פונקט דריי יאהר זינט איך בין פון אייך אוועק געפאהרען, א וויפיעל וואלט איך איצט געגעבען איך זאל האטש איין אבענד קענען פארברייגגען מיט אייך אונ מיט אללע צוזאממען, רעדען אונ רעדען אהן אן עק, זיך אויסרעדען, זיך אין אללעם דערמאנען. פאר מיינע אויגען געהען איצט פאר אללע דריי יאהר וואס איך האב איבערגעלעבט, ניין, מיינע אללע יאהרען זינט איך געדיינק זיך ווען איך בין נאך א קינד געוועזען, מיינע אללע יאהרען וואס איך האב געלעבט ביי אייך אין הויז אין אריבאטעווקע. ניט נאר איך געדיינק, נאר איך זעה אללעס, אללע קלייניגקייטען אונ אט דאס „אללעס“ אפילו די בלאטיגע אריבאטעווקער גאסלעך מיט די קויטיגע הייזליך איז מיר טייער אונ ליעב, אונ ווען איך זאל עטוואס פון דעם אללעס קענען איצט זעהן וואלט איך געקושט, געהאלדזט. א, ווי איז מיר ליעב דאס בעטעלע ווי איך בין געשלאפען, ווי זיס קלינגט מיר נאך יעצט דאס זיסע שטילע קול פון דיר, טייערע מוטטער, ווען דו פלעגסט לייענענדיג „קריאת שמע׳, מיך אנדעקען. מיט וואס פאר א פערגעניגען פלעג איך דיך, טייערער פאטער, ערווארטען דעם אויף דער נאכט צו דער טהעע אונ די שבתים מיט די ימים טובים ווען מיר פלעגען דיך שטענדיג האבען נעבען זיך אונ מיר אללע מיט

די קינדער. מיט דער מאמען זענען געזעסען ארום דיר, געקוקט דיר גלייך אין מויל אריין און געהערט ווי דו פלעגסט רעדען. א ווי גליקליך וואלט איך זיך געפיהלט ווען איך זאל יעצט קענען אזוי פאר ברענגען צווישען אייך אללע! נאר, מיינע טייערע, איך האב זיך אויך דערמאנט אין די שלעכטע צייטען וואס איך האב זיך אזוי אומגליקליך געפיהלט אין אריבאטאווקע, דארט האב איך געמיינט די גאנצע וועלט איז שוין אויף מיר געפאלען און עס איז שוין גאר פאר מיר קיין שום הילף ניט דא אין דער וועלט. דו, ליעבער פאטער, האסט מיך דאן גוט פארשטאנען, דו האסט מיר גאר ניט געקענט העלפען און האסט געוויינט ווען איך האב ניט געזעהען, די מאמע האט זיך געפיהלט פאר דער אומגליקליכסטער מוטטער און איך פון גרויס רחמנות אויף אייך און אויף זיך אליין האב ניט אויפגעהערט צו וויינען און קלאגען אויף מיינע יאהרען. א, ווען איך דערמאן זיך אין יענע צייטען ווי איך האב זיך געפיהלט אומגליקליך אהן א שום גוטע האפפענונג, שוידערט אין מיר יעדער גליד, אדער איך צולאך זיך גאר... איך לאך ווי איך בין א מאהל נאריש געוועזען און זיך אומזיסט און אומנישט געפיהלט פאר דער אומגליקליכסטער, ווי איך בין געוועזען בלינד און האב ניט געזעהן וואס מע דארף זעהן, איז דען ניט צו לאכען: מיין גאנצער אומגליק איז דאן בעשטאנען אין דעם וואס איך האב זיך אין אריבאטאווקע גערעכענט פאר א אלטע מויד און איהר, מיינע געטרייע עלטערען, האט זיך נאך מעהר געפיהלט פאר אומגליקליך וואס איהר האט ניט קיין נדן חתונה מאכען אייער עלטסטע טאכטער — „די אלטע מויד!“. איך האב דאן מיט מיין נארישען קליין שטאדטיל־דיגען שכל אויך געפונען אז מיר זענען טאקי באמת זעהר אומגליקליך, אזוי אז איך האב שוין פארלוירען אללע האפפענונגען און געמוזט זיך ענטשליסען א כלה ווערען פאר וועמען עס איז, ווער עס וועט מיך נאר וועלען, אפילו פאר אזא ליידיגען בחור ווי מאטוויי גרינארעוויטש, און דא אין פעטערסבורג, שפעטער מיט דריי יאהר, רעכען איך זיך נאך גאר פאר א יונגע פריילין און האב נאך אללע האפפענונגען, פונקט ווען איך בין אין אריבאטעווקע אלט געוועזען פופצעהן יאהר.

און פאר וואס איז דאס אזוי? — ווער איז אין דעם אללעס שולדיג? — אליין, אליין זענען מיר שולדיג אין דעם נאר דער פאר וואס אונזערע יודישע טאכטער, כל זמן זיי זענען מיידלעך געהן זיי ארום פיסט און פאס, און צו פופצען יאהר ווערט זי שוין געוואהר אז ביז צוואנציג יאהר מוז מען איהר חתונה מאכען, די עלטערען מעגען ניט האבען א גראשען, העלפט ניט, זי זיצט נאר אין ווארט און טראכט אז מע וועט זי מוזען חתונה מאכען, זי ווייסט מעהר ניט עסען טרינקען און לייענען א בוך פאר איהרע פערגעניגען, אזוי לאנג ביז זי ווערט אלט צוואנציג יאהר און אז די עלטערען זענען פארט ניט אין שטאנד איהר חתונה צו מאכען ווערט זי שוין „די אלטע מויד“ און זי און די גאנצע שטוב פיהלען זיך פאר די אומגליקליכסטע פאר פארפאלענע מענשען!

זיצען פארלענט די האנד, עסען און טרינקען לייענען א בוך פאר איינע

פערגעניגען און ווארטען אז די עלטערן מוזען איהר חתונה מאכען קענען זיך גאר ערלויבען די מיידליך וואס האבען רייכע עלטערן, אבער מיידלעך פון ניט קיין רייכע עלטערן מיט וואס פאר א רעכט זיטצען זיי אויף די עלטערנס קאפ און נארטען די ארעמע שוואכע עלטערן וואס פערדיענען קוים אויף ברוידט זאללען זיי נאך חתונה מאכען, ד. ה. פערקויפען און פארזעטצען זיך אבי זיי געבען נדן, מיט וואס פאר א רעכט ?

ניט קיין פארמעגליכע עלטערן איז איבער גענוג ווען זיי האלטען אויס זייערע קינדער ביז פופצען יאהר. און דער נאך איז א שרעקליכע עולה אז יונגע געזונדטע מענשען זאללען זיך זעטצען אויף גרויסע קאפ, אויף אויס געהארעוועטע איינגעהויקערטע שוואכע פלייצעס פון זייערע עלטערן, וועלכע קענען שוין ניט הארעווען ווי אין די יונגע יאהרען, וועלכע דארפען הארעווען אפשר פאר קלענערע קינדער וואס זיי האבען נאך, אדער טראכטען וועגען זיך זעלבסט חו״ש אויף דער עלטער ניט שטארבען פאר הונגער אדער אין פרעמדע הבריכים.

וויפיעל, וויפיעל מאהל האבען מיר געזעהן אין אריבאטאווקע א שוואכער אויס־געטריקעטער יוד וואס פארמאגט ניט קיין צוויי גראשען און ציהעט קוים זיין פרנסה אין שטוב פון לופט, פון דער גאס אדער פון א געליגען רובל אויף פראצענט, פאר לייעט זיך, פארזעצט זיך, פארקויפט זיך זעלבסט דעם פראצענטניק פאר א איבריגען קנעכט און מאכט חתונה א געזונדטע, א אויסגעהאדעוועטע טאכטער, אהן שום רחמנות אויף זיך אלליין און אויף די איבעריגע קלענערע קינדער וואס בלייבט מיט זיי!“

— נוא פארשטעהסט וואס פראגיאטשקע שרייבט? האט חיים אין מיטען בריעף געפרעגט חנה׳ן — זי איז דען ניט גערעכט?

— וואס גערעכט? ווער גערעכט? איך פארשטעה דא גאר ניט וואס פראגיאטשקע שרייבט, אט דאס הייסט א בריעף? פאר וואס שרייבט זי ניט „ווענן איהר געזונד“ און וואס מאכט זי, און וועגען איהם . . . און ווען קומט זי שוין מיט מזל צו פאהרען?

— אי דו ביסט גאר א יודענע, איך האב זיך דיר געזאגט אז איך דארף גאר דיר ניט לייענען דעם בריעף, דו וועסט איהם גאר ניט פארשטעהן.

— בראש מיינסט דו איין אמת אז איך פארשטעה גאר ניט, וואס האב איך דא ניט צו פארשטעהן, מילא וואס זי שרייבט דארט אללע מאהל נייעס פון פעטערסבורג! אפשר פיהרט זיך דארט אזוי.

— ניין, זי שרייבט פאר וואס פיהרט זיך ניט אזוי ביי אונז — אין אריבאטאווקע!

— אַ נאַרִיש קינד, וואָס ווילל זי? אַז אַ יודישע טאָכטער זאָל מען ניט חתונה מאַכען, וואָס דענן ווילל זי, זי זאָלל זיטצען ביים טאַטען ביז אין גרויען צאָפּ?

— נײן, דאָס זאָגט זי ניט, זי זאָגט נאָר פאַר וואָס זיטצען זײ ביי אָרעמע עלטערען אויף דעם קאָפּ, אָט הער בעסער ווייטער.

אונ ר׳ חיים האָט אָנגעהויבען לייענען ווייטער:

„ניט קיין רײכע יודישע עלטערען ציהען פון זיך די קליי אונ ערציהען זייערע טאָכטער ווי פּריצישע גראַפּסקי קינדער מיט זאַנטיקלעך, היטעלעך, הענדטשקע-לעך, מיט ראָמאַנען לעזען אונ ליעדער זינגען, מיט שאָן טאַנצען אונ מע פיהרט די יודישע טאָכטער נאָך דער לעצטער פּאַריזער מאָדע, אַז אויף דער נאָס איז נאָר ניט צו דערקענען אַז עס איז יודישע טאָכטער, נאָר פּריצישע אָדער גראַפּסקי קינדער. וואָס ווערט דער נאָך אָט פון די אַלע יודישע פּריצעס וואָס ווייסען ניט פון אַרבייט, פון האָרעוועןען אונ פאַרדיענען, וואָס ווייסען מעהר ניט ווי קומען צום גרייטען אונ זיטצען זייערע עלטערען אויף דעם קאַרק זיי זאָלען זיי מוזען חתונה מאַכען — וואָס ווערט דער נאָך פון די אַלע יודישע גראַפּיניעס? — פאַר-וויסטע, פאַרגעילטע, פאַר הושך׳טע יודענעס וואָס מיר זעהן זיטצען אין מאַרק ביי די קלייטלעך אויף די פייער טאָפּ אונ אַלײן אַרום געוויקעלט אין אַכטצען שמאַטעס מיט אײנגעהויקערטע פּרײצעס מיט אין ווייניגסטען אַ האַלב טוץ אונ-ערצויגענע פאַרשמאַרקעטע ווילדע קינדערלעך.

גוואַלד! וואָס ווערט פון אונזערע יודישע טאָכטערס שאָנהייט! פון אונזערע יודישע קראַסאַוויצעס וואָס ווערט?

ווען יודישע קינדער ניט פון רייכע עלטערען זאָללען וויסען פון אַרבייט אַז מע דאַרף פאַרדיענען האָרעוועןען דער פאַר וואָס מע לעבט אונ מע טאָר ניט זיטצען אויף די עלטערענס קאָפּ, וואָלט דאָס אַללעס ניט געוועזען אונ ניט געקענט זיין. יודען אונ יודישע טאָכטער דאַרף מען געוואָהנען צו אַרבייטען אונ פאַרדיענען נאָך פון קינד ווייז אָן. נאָר אין דעם ליגט אונזער גליק.

— איך ווייס שוין גאָר ניט וואָס פּראַניאַטשקע שרייבט, האָט חנה איבער גע-שלאָגען אין מיטען לייענען — דער קאָפּ טהוט מיר שוין וויי. וואָס שרייבט פּראַניאַטשקע פון איהר געזונד אונ וועגען איהם . . . ווען וועט זי שוין מיט מזל קומען אַ היים? אונ מיר גריסט זי נאָר ניט?

— ביזט אַ יודענע, איך האָב מיט דיר גאָר ניט וואָס צו רעדען.

— וואָס האָב איך דאָ ניט צו פאַרשטעהן, לייען בעסער וואָס פּראַניאַטשקע „שרייבט“, וועל איך פאַרשטעהן, ווען האָב איך ניט פאַרשטאַנען? איהרע אַלע

בריעף וואס דו לייענסט מיר שטענדיג אז עס איז פראסט א מחיה צו הערען, נאר לייען שוין, לייען.

ר' חיים האט א מאך געטהון מיט דער האנד ווי איינער זאגט „גע"ה רעד מיט א יודענע" אונ נאך עטליכע זיפ טהע, האט ער ווייטער געלייענט:

„אט ארבייט איך איצטער אין קאנטאר פון די הערין „קאפילס עט לאוארזאהן" עס איז מיר גוט, מעהר ווי איך האב ערווארטעט, נאר לאס איך פארליערען די גוטע שטעלע אונ גיט קענען מעהר געפינען אזא גוטע שטעלע, גלויבט זשע מיר אויף מיין ווארט אז איך וועל זיך אויף א מינוט ניט פארטראכטען אונ ווערען אפילו א נייטורען אבי ארבייטען צו פארדיענען וואס איך דארף, ניט זיטצען ביי גיט קיין פארמעגליכע עלטערען אויף דעם קארק אונ . . .

— מאמע וואס האסט דו זיך פלוצים צו וויינט, האבען די קינדער איבער-געשלאגען דאס לייענען דעם בריעף ווען זיי האבען געזעהן ווי די מוטטער האט גע-נעמען דאס טיכעל צו די אויגען.

— א גוט מארגען דיר! רעטעך טראג איך! וואס איז מיטצקע דריגען א געויין? האט ר' חיים פערוואונדערט געפרעגט.

— איך האב אבער געזאגט אז מע דארף דאס קינד ניט לאזען פאהרען, איך האב דיך הונדערט מאהל געבעטען דו זאלסט איהר שרייבען, זי זאל אללעס אוועקווארפען אונ קוממען צו פאהרען. איך דארף ניט איהרע גליקען וואס זי פאר-דיענט געלד, וואס איז איהר אזוי שרעכט געווען ביי אונז? וואס איז איהר אבגעגאנגען? דאכט זיך דאס לעבען האט מען איהר אוועקגעגעבען, דאס טעלערעל פון דעם הימעל האב איך איהר אונטער געטראגען אונ זי וויל דארט זיין א נייטורעז אונ נייען העמדער פאר א פערציגער א העמד, זיך קאליע מאכען די אויגען פון דעם שטעפען.

— משוגענע! האט חיים א געשריי געטהון, אז דו הערסט ניט וואס איך לייען, אז . . .

נאר חנה האט ניט געהערט אונ גערעדט ווייטער, ווישענדיג זיך די אויגען מיט דעם טיכעל.

— זי זאל ניט געווען אוועקפאהרען וואס וואלט איהר אבגעגאנגען, זי וואלט שוין לאנג חתונה געהאט, שוין געהאט עטליכע קינדערלעך אונ מיר וואלטען שוין אויך עפים פון איהר געהאט נחת אונ מאטוויי גרינארעוויטש וואלט זי ליעב געהאט אונ איהר אונטערגעטראגען דאס טעלערעל פון הימעל. איך . . .

— מאמע! וואס שלאנסט דו איבער. וואס לאזט דו דעם טאטען ניט לייענען.

— איך ווילל שוין גאר ניט הערען, איך ווילל גאר ניט וויסען, נאר זי זאל קומען צו פאהרען, איך דארף ניט איהרע פערדיענסטען, וואס נאטש וועט געבען וועט זיין אין איינעם, אונ אז דו, חיים, וועסט איהר ניט וועללען שרייבען וועל איך אלליין שרייבען.

— אלליין וועסט דו שרייבען? אזוי? — אלליין! האט חיים געלאכט פון איהר, ווייל חנה האט נאך געקענט א ביסעל שרייבען פון מיידעל-ווייז ווען זי האט זיך אמאהל געלערענט ביי א יודישען שרייבער אונ וואלט שוין געוויס דעם גאנצען „אלף בית“ פארגעססען נאר אדאנק דעם קוויטינגען גרעט וואס זי פלעגט אמאהל פארשרייבען, האט הנה איהר שרייבעריי אין גאנצען נאך ניט פארגעססען האטש א „חולם“ האט זי פארגעססען ווי מע שרייבט צו מיט א „ו“ אדער א „ה“ אונ נאך עטליכע טערפקע אותיות האט זי פארגעססען, נאר דאס גרעט האט זיא געשריעבען אהן א „ו“ אונ אהן א „ה“ ובפרט נאך אז קיינער האט עס ניט בעדארפט לייענען נאר זי אלליין. פון דעסטוועגען האט זיא -דאס גרעט אנדערש ניט געקענט פאר-שרייבען נאר מיט דער בריל. די לעצטע צייט האט זי קיין גרעט שוין ניט גע-קענט פארשרייבען ווייל פון דער בריל איז ארויסגעפאלען אונ פארפאלען געווארען אין „אוינעל“ אונ זי קענען עס ניט געפינען עד היום.

— יא, אלליין וועל איך שרייבען, איך האב שוין לאנג געוואלט אלליין שרייבען פראנצאטשקען נאר איבער דער בריל — וויפיעל מאהל איך האב איך שוין קינדער געבעטען איהר זאלט אויעק טראגען די בריל, מע זאל שוין אריין שטעלען א אוינעל, — שלעכטע קינדער! פון זייערט וועגען טיפקע טיפקע הונדערט מאהל א טאג אונ אז איך בעט איין איינציגס מאהל א זאך פון מיינעט וועגען, ווילל מען ניט! איך בין איך שוין מוחל, איך וועלל שוין מארגען אלליין אוועקטראגען די בריל, האט חנה געזאגט ברוגז נאר מיט עפים אזא שטאלץ וויא איינער וואס איז פאלקאממען „זעלבסשטענדיג“ אונ דארף שוין מעהר ניט אנקוממען צו יענעם'ס טובות — אלליין וועט חנה אוועקטראגען די בריל אונ אלליין וועט זי שוין שרייבען פראנצאטשקען.

חיים האט זיך צו לאכט פון זיין ווייב ווי זי איז פלוצים געווארען אלליין „א קאזאק“, די קינדער האבען זיך אויך ניט געקענט איינהאלטען פון געלעכטער. חנה'ן האט זייער געלעכטער נאך מעהר פארדראססען.

מיט פיעל מיהע האט זי חיים קוים איבערגעבעטען אונ איהר צו געזאגט „גאלדענע בערג“ ד. ה. אז מארגען פריה ווען ער וועט געהן אין קאנטאר וועט ער אליין אוועקטראגען די ברילל אונ ווען ער וועט געהן צוריק א היים וועט ער אריין געהן אבנעמען די ברילל. דער מיט האט חיים זיין ווייב איינגענעמען אונ מע האט זיך געלעגט שלאפען אין בעסטען שלום, האטש פראנצאטשקעס בריעף האט מען ביז אין סוף ניט געענדענט.

---

## XXI.

## אין פעטערסבורג.

דאוויד יאקאוולעוויטש נארפינקעל און לעוו סאלאמאנאוויטש שטיינפינקעל האבען שוין לאנג געענדעגט דעם „מעדעצינסקי פאקולטעט", זיי האבען ביידע בעקומען דיפלאמען אז יעדער פון זיי איז א „ווראטש" (врачъ) און ביידע חברים וואס האבען געלערענט אין איין גימנאזיע אין איין אוניווערזיטעט זענען יעצט באם ארייןטרעטען אין „דעם גרעסטען אוניווערזיטעט" — אין דעם פראקטישען לעבען, זיך צונאנגען אין גאנץ פערשידענע וועגען.

אט אין דעם „גרויסען אוניווערזיטעט" ווי יעדער פון אונז מוז סוף כל סוף אריין טרעטען און לערנען די וועלט, הארעווען טאג מיט נאכט זיין גאנץ לעבען און מע קען זיך קיין מאהל גיט דערלערנען ביז אין „א אטעסטאט" צו בעקומען, נאר מע לערענט און מע הארעוועט, מע מיינט אז מע איז שוין געלערענטער און קלוגער פון אללע ביז „יעדער שטארבט א נארר". אט דער „גרעסטער און שווערסטער אוניווערזיטעט" צו טהיילט גיט נאר קיין אלטע חברים נאר אפילו אייגענע ברידער און שוועסטער וואס איין מוטטער האט זיי געטראגען, אין איין וויגעלע זיך אויס-געוויגט, און אז מע שרייבט זיך אמאהל יא א בריוועל איינס דאס אנדערע, אדער מע באגעגענד זיך, איז דאס מעהר, נאר דערפאר, ווייל א געוויסער צופאלל ברייננט דערצו, אבער ווייטער, האט גאר קיינער קיין צייט נ̇יט צו אזוינע נארישקייטען. יעדער איז אייביג ביז אין זיין טויט נאר פארנומען דערמיט, צו פארחאפען פאר זיך א פלאטץ אין דעם „גרויסען אוניווערזיטעט" און אז מע פארחאפט שוין און מע זיצט שוין פעסט, איז מען אייביג פארנומען דערמיט: אנדערע אראב-שטיפען פון זייערע ערטער אז עס זאל אלליין, אליין ווערען גראמער און גראמער אהן א ענדע. ווער חברים? וואס ברידער? מע דארף זיך נאר שטיפען, האלטען אין איין שטיפענעש יענעם צו מאכען איינגער און זיך גראמער. אין דעם „גרויסען אוני-ווערזיטעט" ווערט בטל און מבוטל אללע גוטע זאכען וואס די עלטערען האבען געלערענט אין וואס מע האט געלערינט ביי מלמדים, אין חדרים, אין די גימנאזיעס. אין די אוניווערזיטעטען, אללעס גוטס וואס מע האט זיך נאר געלערענט פון גוטע מענשען און פון גוטע ביכער „ווי זיך פיהרע' אין דעם לעבען" אללעס! אללעס! ווערט בטל ווען מע טרעט נאר אריין „אין דעם לעבען" — אללעס גוטס און טייערס פון אמאהל וואס מע האט אין זיך פארמאגט ווי: ליעבע, פריינדשאפט, רחמנות אויף ארעמע, אויף אייגענע ברידער, ליעבע צו זיין פאלק, ערגעבענהייט, דאס גוטע הארץ, א. ד. ג. רעכענט זיך אין דעם „גרויסען אוניווערזיטעט" פאר א קינדעריש נארישקייט, פאר יונגעלש, וואס מע האט עס נאר געקענט אין זינען האבען ווען מע איז געוועזען קינדער, אבער גיט דאאין דער פראקטישער וועלט — אין דעם לעבען. —

נארפינקעל און שטיינפינקעל זענען זיך אויך צונאנגען אין פארשידענע וועגען.

האטש די גאנצע צייט האבען זיי זיך געפונען אין איין שטאדט – אין פעטערסבורג. מע פלעגט זיך נאר באגעגנען בא א צופאלל אדער, זעהר זעלטען, פארביינגעהענדיג אריין קוממען איינס צום אנדערן.

נארפינקעל איז אריין געטרעטען שוין אין גאנצען אין לעבען; פאר געבארגט אויף פראקאט א ביסעל מעבעל האט ער זיך אמטראיעט א קליינעם קאבינעט, צו געשלאגען צו דער טיהר א שאן מעשען בראטעל.

„Докторъ ДАВИДЪ ЯКОВЛЕВИЧЪ ГУРФИНКЕЛЬ принимаетъ отъ 8 до 12 ч. утра и отъ 4 до 6 ч. послѣ обѣда.“

און אין די פעטערסבורגער צייטונגען האט זיך טאגליך געדרוקט א מודעה:

„Докторъ Д. Я. ГУРФИНКЕЛЬ (Литейный проспектъ) ежедневно принимаетъ больныхъ спеціально по накожнымъ, горловымъ, носовымъ, ушнымъ, венерич. нервнымъ, психическимъ и женскимъ болѣзнямъ а также по отропедіи и внутр. болѣзнямъ“ Бѣдныхъ безплатно.

שטיינפינקעל׳ ווען ער האט געענדעט דעם אוניווערזיטעט און בעקוממען דעם אטעסטאט אז ער איז „ווראטש“ איז איהם זעהר טרויעריג געווארען אויף דעם הארצען „וואס טהוט מען ווייטער?“ האט ער זיך ניט איין מאהל געפרעגט: „איך קען ניט דאס טהון וואס נארפינקעל און נאך אנדערע מיינע חברים“. שטיינפינקעלען האט אנגעהויבען זעהר באנג טהון וואס ער האט זיך געסטארעט אין דעם יאהר ענדיגען. „איך זאלל האטש נאך אויף איין יאהר בלייבען, אין א יאהר ארום וואלט אנדערש געווען“ האט ער זיך געטראכט, האטש ער האט זעלבסט ניט געוואוסט וואס וועט זיין אזוי בעסער אין א יאהר ארום. עס האט איהם עפיס באנג געטהון, וואס? האט ער זיך אליין קיין חשבון ניט געקענט אבגעבען. איהם איז ליעב געווען די גרויסע וואנד מיט די גרויסע ליכטיגע פענסטער פון דעם אוניווערזיטעט. ער האט ליעב געהאט די פראפעסארען, איהם פלעגט זיך אויסווייזען אז אייביג וועט ער זיך מיט דעם טייערען הויז און מיט די גרויסע מענשען ניט צו שיידען, און איצטער האט מען איהם געגעבען עפיס א מין פאספארט און גיה אויף אללע פיער עקען פון דער וועלט! אוועקווארפען אללעס וואס עס איז איהם ליעב און אזוי טייער!

אזוי טראכטענדיג און ניט וויסענדיג וואס ווייטער צו טהון איז שטיינפינקעל ווייטער געזעססען איבער זיינע ביכער אין זיין קליינעם צימmer אויף דעם פיפטען שטאק ביז עס איז איהם אויפגעקוממען אויף דעם מוח „אז אללעס האט זיך נאך פאר איהם ניט געענדעט“ ער וועט נאך לערנען ביז ער וועט אויס האלטען אויף „דאקטאר מעדיצין“. ער איז פון דעם געדאנק נאך אמאהל אויפגעלעבט געווארען, עס איז איהם ליכטיג געווארען אין די אויגען און פיעל, פיעל נייע גוטע האפפענונגען האט ער פאר זיך געזעהען.

שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל הָאט וַויימֶער גְלֶערֶענְט , גֶעפְּרַאקְטִיקִירְט אוּמְזִיסְט אִין אַ בָּאלְנִיצַא , אוּנ אוֹיף צוּ לֶעבְּן הָאט עֶר וַויימֶער גֶעגֶעבְּן אוּרָאקֶען , נָאר וָוען עֶס אִיז אִיהְם וֵוינְצִיג גֶעוָוען הָאט עֶר אַ צְוַויי דְרַיי מָאהְל גֶעדְרוּקְט אַ מוֹדָעָה אִין אַ צַייטוּנְג .

„Окончивш. высш. учеб. зав. ищ. урок. Адресъ въ редакц. Л. С. Ш-ль.“

מִיט אֵיין וָוארְט שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל הָאט זִיךְ מֵייטֶער מִיט אַלְטֶען גֶעהָאלְט אַלְלֶעס סְטוּדֶענְט , יֶעצְט אוֹיךְ זִיךְ בַּאגֶעגֶענְד מִיט דִי פְּרָאפֶעסָארֶען אִינ דִי גְרוֹיסֶע וָואנְד מִיט דִי לִיכְטִינֶע פֶענְסְטֶער אִיז וַויימֶער גֶעוֶוען זַיין הַיים אוּנ עֶר אִיז אִיצְטֶער וִוידֶער גֶעווען צוּ פְרִידֶען מִיט זַיין לַאגֶע . —

דָאס אֵיינְצִיגֶע הוֹיז וִוי עֶר פְלֶעגְט הַיינְט אַריין קוּמֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען אַמָאהְל אַ אָבֶענְד אִיז גֶעוֶוען הֶערְר קָאפִּילָס הוֹיז וְוִיא פְרַאנְיָא הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען , עֶר הָאט מִיט אִיהְר פַארְבְּרַאכְט וִוי אַלְטֶע גוּטֶע בֶּעקַאנְטֶע , אוּנ בֶּעסְטֶע עֶרְגֶעבֶּענֶע פְרֵיינְד . דָארְט פְלֶעגְט עֶר שְׁטֶענְדִיג גֶעפוּנֶען גָארְפִינְקֶלֶען אוּנ נָאךְ יוּנְגֶע לַייט וָואס הָאבֶּען גֶעטַאנְצְט אַרוּם קְלַארֶען , אוֹיךְ הָאבְּן זִיךְ דָארְט גֶעפוּנֶען נָאךְ בֶּעקַאנְטֶע פְרַיילִין אוּנ מֶע פְלֶעגְט פַארְבְּרֵענְגֶען גוּטֶע אָבֶענְדְס וִוי עֶס פִּיהְרְט זִיךְ אִין אַ רֵייךְ הוֹיז .

* *

*

דִי פַאמִילְיֶע קָאפִּילָס הָאבְּן גֶעוואֹהְנְט אִין אֵיינֶעם פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע הַייזֶער אוֹיף דֶער „גְרוֹיסֶער מַארְסְקִי“ גַאס , שׁוֹין פוּן לַאנְגֶע יָאהְרֶען הָאט זִיךְ אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטָאק פוּן דֶעם הוֹיז גֶעפוּנֶען דִי קַאנְטָאר „לַאזָארְזָאהְן עט קָאפִּילְס“ . ר׳ קַלְמָן קָאפִּילָס הָאט שְׁטֶענְדִיג מִיט זַיין פַאמִילְיֶע גֶעוואֹהְנְט אִין דֶער פְּרָאווִינְצִיֶע — אִין אַרִיבַּאטָאווקֶע , נָאר זִינְט עֶר אִיז מִיט דֶער פַאמִילְיֶע אַרוֹיס אִין גַאנְצֶען קִיין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג הָאט עֶר בֶּעוואֹהְנְט אַ הַאלְבֶּע זַייט אִין דֶעם צְוֵויימֶען שְׁטָאק פוּן דֶעם הוֹיז , דִי אַנְדֶערֶע צְוֵויימֶע זַייט בֶּעוואֹהְנְט דִי פַאמִילְיֶע לַאזָארְזָאהְן , ה׳ קָאפִּילָס שׁוּתָּף פוּן לַאנְגֶע יָאהְרֶען אָן .

הַיינְטִינֶען אָבֶענְד הָאט גָארְפִינְקֶעל מִיט שְׁטֵיינְפִּינְקֶלֶען זֶעהְר גוּט פַארְבְּרַאכְט בַּא דִי קָאפִּילָס , קְלַארָא אִיז זֶעהְר פְרֶעהְלִיךְ גֶעוֶוען אוּנ זֶעהְר פִיעל גֶעלַאכְט , דָאקְטָאר גָארְפִינְקֶעל הָאט זֶעהְר פִיעל גֶערֶעדְט אוּנ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט זִיךְ גֶעוֶוערְטֶעלְט מִיט יֶעדֶען אוּנ נָאךְ מֶעהְר מִיט קְלַארֶען , דָאקְטָאר שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל הָאט וִוי שְׁטֶענְדִיג מֶעהְר גֶעשְׁוִויגֶען אוּנ נָאךְ מֶעהְר גֶעקוּקְט אוֹיף פְרַאנְיָאן וָועלְכֶע אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט זִי מִיט אִיהְר שֶׁאנְקַייט פַארְשַׁיינְט דִי גְרוֹיסֶע רֵייכֶע עֶקְצוּמְמֶער וואוּ מֶע הָאט נָאךְ אַ גוּטֶע וֶועטְשֶׁערֶע גֶעטְרוּנְקֶען שְׁווַארְצֶע קַאוֶוע .

דָא הָאבְּן זִיךְ נָאךְ גֶעפוּנֶען אַ צְוַויי בֶּעקַאנְטֶע פְרַיילִין , אֵיין דַאמֶע , צְוַויי

סטודענטען און אַ פריש געבאַקענער אינזשיניער, אויך אַ צוויי דריי גוטע בעקאַנטע קריסטען וואס האבען געשעפטען מיט דער קאַנטאָר „לאַזאַרזאָהן עט קאָמפּ.“, די עלטערע מענשען האָבען זיך געפיהרט אַ בעזונדערן שמועס, די יונגע לייט האבען זיך געפיהרט בעזונדער פערשיעדענע שמועסען, גאַרפּינקעל איז געווען פולל אין אַללע רעדלעך און אומעטום האט ער אַריין געשטעקט די נאָז, און אַללע מאָהל האט ער זיך געפונען אַ נייעם פּלאַטץ ווי צו זיטצען, נאר מעהר איז ער געזעסען נעבען קלארען, פראַניא האט זיך איצט פּאַרעדט מיט דעם שטילשווייגענדיגען שטיינפינקלען.

— איך רעכען אַז נאך היינטיגען חודש וועל איך אוועק פאָהרען, האט פראַניא געזאגט.

— וואס איז ביי אייך אין אריבאטאָוועקע אַזוינס פארגעקוממען אַז איהר מוזט פאָהרען? האט שטיינפינקעל געפרעגט.

— גאר ניט, עס איז גאר ניט פאָרגעקוממען, די מאַמע שרייבט מיר, אַז אָהן שום טענות זאָלל איך קוממען אַ היים, זי האט זיך פראָסט פאַרבענקט, איך האב זיך אויך שוין גענוג אָנגעביינקט, שוין צייט איך זאָלל זיך דורך פאָהרען אַ היים האַטש אויף אַ חודש, עס וועט זיך דער נאך געשמאַקער אַרבייטען.

— די גאַנצע צייט זענט איהר ניט געפאָהרען און איצטער האט איהר זיך אויסגעקליבען אַ צייט צו פאָהרען אין אָנהויב ווינטער, וואס איז, די מאמע האט זיך פאַרבענקט, דאס איז קינדעריש, וואַרט חאַטש צו אויף נאך פּסח—וועסנא!...

— ניין, איך מוז פאָהרען, איך ווייס ווי מיין מאַמע קען בייענקען, מע דאַרף זי אויך ניט פאַרגעסען, און איך אַלליין ווי ביינג? איך קען אייך דען איבערגעבען, איך צעהל שוין די טאג ווען איך וועל שוין אַוועקפאָהרען, איהר מיט גאַרפינקלען וועללען מסתמא מיר ניט אָבזאָגען צו זיין מיינע קאַוואַליערען ביז צום „ניקאָלאַיעווסקי וואָגזאַל“, האט פראַניא געזאגט מיט אַ שמייכעל.

— פאר גאַרפינקלען קען איך אייך ניט ענטפערען, נאר פאר מיר קען איך אייך זאָגען אַז איך וועל אייך אַנדערש ניט באַלייטען צום וואַגזאַל כל זמן איהר וועט מיר ניט געבען אייער האַנד און אייער וואָרט אַז איהר וועט מיט מיר חתונה האָבען....

פראַניא האָט איהם ניט געקענט ענטפערען אויף די עטליכע ווערטער, דאס מויל האָט זיך איהר פאַרמאַכט, זי איז שיעור פון בענקעל ניט אַראָב. זי האט נאר אַ הוסט געטהון און אַנטשטאַנען געוואָרען. שטיינפינקעל האט אויך איצט אַ וואָרט ניט געקענט רעדען. פראַניא האט דאס אַזוי ניט ערוואַרטעט פון דעם שטילשווייגענ־דיגען שטיינפינקלען, אַז זי האט עס געוואָלט אין גאַנצען אָן געממען פאר אַ ווערטעל, פאר אַ געלעכטערעל. אַ קאַטאָוועסעל און וויפיעל מאָהל האט זי שוין געהערט פערשיעדענע אַזוינע עהנליכע קאַטאָוועסלעך, האט זי שטענדיג געענטפערט מיט

אַ נְעָלעכבְּטְער, נָאר אִיצְטְער הָאט שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל אַזוֹי עֶרְעֶנְסְט גְעזָאגְט אַז דָאס גַאנְצֶע הַארְץ הָאט זִיךְ בַּיי אִיהְר וִוי עֶפִּים אָבְּגְעשְׁטֶעלְט. וָוען שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל צִי וָוער עֶס אִיז וָואלְטָען פַאלְלֶען פַאר אִיהְרֶע פִּיס אוּנ אִיהְר זָאגֶען אַז מֶע אִיז אִין אִיהְר פַארְלִיעבְּט אוּנ וָוען זִי וָועט עֶנְטְזָאגֶען צוּ גֶעבֶּען אִיהְר הַאנְד אוּנ וָוארְט וָועט זִיךְ יֶענֶער אוֹיפְ-הֵיינְגֶען אָדֶער זִיךְ טְרִינְקֶען, וָואלְט זִי עֶס גַאנְץ קַאלְטְבְּלוּטִיג אוֹיסְגֶעהָערְט וִוי אַ גַאנְץ אַלְטֶע נוּדְנֶע מַעֲשָׂה וָואס זִי הָאט עֶס שוֹין גֶעהֶערְט אַמָאהְל הוּנְדֶערְט. נָאר דִי עֶטְלִיכֶע פְּלוּצִים-דִיגֶע וָוארְטֶער הָאט אוֹיף אִיהְר אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעווִירְקְט אַז דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט אִיז אִיהְר גֶעקוּמְמֶען אִין פָּנִים אוּנ הָאט זִיךְ פַארְשֶׁעמְט וִוי נָאר אַ יוּנְג מֵיידֶעל קֶען זִיךְ פַארְשֶׁעמֶען. אֶמֶת זִי הָאט שוֹין לַאנְג בֶּאמֶערְקְט וִוי דֶער סוּמְפַּאטִישֶׁער שְׁטוּלְשְׁוַויינֶעגְדִינֶער נוּטֶער שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל אִיז נִיט קַאלְטְבְּלוּטִיג צוּ אִיהְר. אוֹיף אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶענְס בְּרִיעף וָואס אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוָוען מִיט אַ וִוינְק: „נָאטְט זָאל שוֹין הֶעלְפֶען מִיר זָאלְלֶען דִיךְ שוֹין זֶעהְן מִיט אַ חָתָן" אוּנ דֶערוֹיף זַיי צוּ גֶעבֶּען חָאטְשׁ עֶטְוָואס גוּטֶע הָאפְפֶענוּנְג, הָאט זִי זַיי אֵיין אֵיינְצִיגְס מָאהְל גֶעשְׁרִיעבֶּען: „וָוען נָאטְט זָאל הֶעלְפֶען אִיךְ זָאל קֶענֶען אַ כַּלָּה וֶוערֶען פַאר אַזַא אָרֶענְטְלִיכֶען יוּנְגֶען מַאנְן מִיט אַזַא שְׁטִילְלֶען גוּטֶען הַארַאקְטֶער וִוי שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל וָואלְט אִיךְ זִיךְ אֶמֶת פִּיהְלֶען גְלִיקְלֶעךְ" דָאס הָאט זִי נָאר גֶעשְׁרִיעבֶּען כְּדֵי אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען זָאלְלֶען לֶעבֶּען מִיט גוּטֶע הָאפְפֶענוּנְג, אוּנ אִיצְטֶער?... אַזוֹי גִיךְ!... אַזוֹי אוּנְגֶערְוַוארְטֶעט!...

— נוּא וָואס זָאגְט אִיהְר, פְּרַאנְיָא, אִיהְר וִוילְט אִיךְ זָאל אַיךְ בַּאלֵייטֶען צוּם נִיקָאלַאיֶעווְסְקֶע וַואגְזַאל"? הָאט שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל אִיבֶּער גֶעשְׁלָאגֶען אִיהְרֶע מַחֲשָׁבוֹת.

— אִיהְר הַייסְט זִיךְ אָבֶּער צוּ טַייעֶר בַּאצָאהְלֶען פַאר דָעם בַּאלֵייטֶען.

— טַייעֶר! טַייעֶר! וִוי אַ אֱמֶתֶער עֶקְסְפְּלוּאַטַאטָער, נוּא וָואס עֶנְטְוָוערְט אִיהְר מִיר, פְּרַאנְיָא?....

— מֶע דַארְף זִיךְ אַבִּיסְעל בֶּעטְרַאכְטָען צִי לוֹינְט פַאר מִיר אַזוֹי טַייעֶר בַּאצָאהְלֶען... נָאר מַיין שְׁטִילְשְׁוַויינֶעגְדִינֶער, לָעוו סָאלָאמָאנָאוויטְשׁ, יַאקָאס וֶועלֶען מִיר זִיךְ נִיט קְרִינְגֶען....

שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל הָאט גֶעחַאפְּט אִיהְר הַאנְד אוּנ אָהְן וֶוערְטֶער שְׁטַארְק גֶעדְרוּקְט. פְּרַאנְיֶע הָאט לַאנְג נִיט אַרוֹיס גֶענֶעמֶען אִיהְר הַאנְד פוּן זַיינֶער. —

— אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיף אַיךְ גִיט גֶערֶעכְט שְׁטִיל שְׁוַויינֶעגְדִיגֶער, לָעוו סָאלָאמָאנָאוויטְשׁ!..

— אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי פִיעל נִיט גֶערֶעכְט... נָאר אַ גוּטֶע זַאךְ קוּמְט שְׁטֶענְדִיג אוּמְגֶערֶעכְט...

דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעזֶעגְנֶען אוּנ גָארְפִּינְקֶעל הָאט קוֹים אָבְּ-גֶעטְרִיסֶען שְׁטֵיינְפִּינְקְלֶען פוּן אַ מִיטֶען שְׁמוּעֶס מִיט פְּרַאנְיָאן אוּנ זַיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעמוּזְט גֶעזֶעגְנֶען אוּנ אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען. —

— דו וֶועסְט הַיינְט שְׁלָאפֶֿען בַּא מִיר, אִיךְ וָועל דִיךְ נִיט אָבְּלָאזֶען, הָאט נָארְפִֿינְקֶעל גֶעזָאגְט שְׁטַיינְפִֿינְקֶלֶען אִין בְּרַייטֶען לִיכְטִיגֶען. פוּן נַאז בֶּעלַייכְטוּנְג. קַארִידָאר וֶוען דָער שְׁוַוייצַאר הָאט זַיי אָנְגֶעטְהוּן זַייעֶרֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע קְלֵיידֶער.

פַֿאוָואלְיֶע נָאר פְֿרֶעהְלֶעךְ ווִי שְׁטֶעגְדִיג אִיז נָארְפִֿינְקֶעל אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען פוּן דִי טְרֶעפּ אִיבֶּער דִי וַוייכֶע שְׁטֶעשְׁקֶעס פוּן דֶעם לִיכְטִיגֶען קַארִידָאר וָואס אִיז רַייךְ אַיינְגֶעטוּנְקֶען אִין שְׁפִּיגְלֶען מִיט אַסַךְ גְרִינֶע גַאנְצֶע בּוֹימֶער אוּנ בְּלוּמְמֶען, אוּנ וֶוען דֶער שְׁוַוייצַאר הָאט בְּרֵייט גֶעעֶפֶענְט דִי גְרוֹיסֶע גְלֶעזֶערְנֶע טִיהר. הָאט אִיהְם נָארְפִֿינְקֶעל גֶעגֶעבֶּען „נַא טְשַׁאי“ אוּנ שְׁטַיינְפִֿינְקֶעל אוֹיף נָארְפִֿינְקֶעלְס גְרוֹיס ווֹאוּנְדֶער, הָאט אוֹיךְ אוֹיף גִיךְ אַרוֹיסְגֶעחַאפְּט גַאנְצֶע צְוַואנְצִיג קָאפִּיקֶעס אוּנ אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען דֶעם שְׁוַוייצַאר.

— עֶפִּיס בִּיסְט דוּ הַיינְט אַ גְבִיר גֶעוָוארֶען וֶוען דוּ הָאסְט גֶעקֶענְט חוּץ מִיר אוֹיךְ גֶעבֶּען „נַא טְשַׁאי“. הָאט נָארְפִֿינְקֶעל גֶעזָאגְט שׁוֹין אוֹיף דֶער גַאסְ. —

— אַ גְבִיר, אַ אַדִיר, אַ גְרִיקְלִיכֶער, דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער אִין דֶער וֶועלְט. קֵיינֶער אִיז צוּ מִיר נִיט גְלַייךְ — אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק!! הָאט שְׁטַיינְפִֿינְקֶעל אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן.

— בִּיסְט מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען. וָואס אִיז מִיט דִיר אַזוֹינְס? אָט שְׁרַיי אִיךְ „נָארָאדָאוָואי“ אוּנ אִיךְ וֶועל דִיךְ מוּזֶען אַוֶועק פִֿיהְרֶען אִין „טְשַׁאסְט“ אוּנ דָער נָאךְ אִין „סוּמַאשֶׁעדְשִׁי דָאם“, וֶוען פָֿאהְרְסְט דוּ עֶם מִיט אִיזְוָואשְׁטְשִׁיקֶעס. מַיין טַייעֶרֶער קְנַאקֶער, אוּנ נָאךְ וואוּ? — אוֹיף דֶער „מָארְסְקָאי“ מִיט „נֶיעֶווְסְקִי“ וואוּ עֶס אִיז בֶּעלַייכְט מִיט עֶלֶעקְטִירְשׁ פַֿייעֶר אוּנ לִיכְטִיג ווִי בַּאטָאג, אַז עֶס אִיז אַ פֶֿערְגֶענִיגֶען צוּ שְׁפַּאצִירֶען, אוּנ בַּאלְד נַאכְהֶער הָאבֶּען מִיר שׁוֹין „לִיטֵיינֶע“ זֶענֶען מִיר זִיךְ שׁוֹין צוּ הוֹיז, וָואס אַיילֶעסְט דוּ זִיךְ אַזוֹינְס! וָואס אִיז מִיט דִיר דִי שִׂמְחָה?

— אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק!!! הָאט שְׁטַיינְפִֿינְקֶעל נִיט אוֹיפְֿגֶעהֶערְט צוּ שְׁרַייעֶן מִיט אַלֶע קְרֶעפְֿטֶען.

— גְוַואלְד וָואס אִיז מִיט דִיר, שְׁטַיינְפִֿינְקֶעל! אִיךְ וֶועל עֶס נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען! דִי צְוַויי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד הָאסְט דוּ נָאךְ נִיט גֶעווִינֶען הַיינְט בַּאנַאכְט, עֶרְשְׁטֶענְס אִיז נָאךְ דָא אַ חוֹדֶשׁ צוּם שְׁפִּיעלֶען אוּנ אִין צְוַוייטֶענְס הָאסְט דוּ דַאכְט זִיךְ נִיט קֵיין בִּילֶיעט. —

— גֶעווִינֶען, בְּרוּדֶער, דִי צְוַויי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד הַיינְט בַּאנַאכְט אָהְן אַ בִּילֶיעט! וֶועטְץ זִיךְ! אוּנ עֶר הָאט נָארְפִֿינְקֶעלֶען מִיט זַיינֶע גֶעזוּנְדֶטֶע הָאנְד מִיט גְוַואלְד אַנִידֶער־גֶעזֶעצְט אִין שְׁלִיטֶען אוּנ עֶר הָאט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן דֶעם אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק: צוּ פַּאלְקִינֶען!!! —

נָארְפִֿינְקֶעל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ טוֹידְטֶער אַז עֶר הָאט פְּלוּצִים דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאהְל אִין זַיין לֶעבֶּען דֶער הֶערְט פוּן שְׁטַיינְפִֿינְקֶעלְס מוֹיל, דֶעם בֶּעווּסְטֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג „פַּאלְקִינְס רֶעסְטָארַאן“

— זָאג מִיר גִיכֶער! בַּאלְד דִי מִינוּט! וָוארוּם אִיךְ הַאלְט נִיט אוֹיס, אָט שְׁרַיי אִיךְ „נָארָאדָאוָואי“!

שְׁטַיינְפִֿינְקֶעל הָאט אִיהְם נָאר נִיט גֶעעֶנְטְפֶֿערְט נָאר אָהְן וָוארְטֶער הָאט עֶר אַרוֹיס־

גענעמען זיין בייטעלע עפיס געזוכט דארטען, איבערגעצעהלט עטליכע איינציגע רובל מיט ווייס געלד, ער האט עפיס צו זיך אליין געריעדט אונ פרעהליך אראב געלאזט דאס בייטעלע צוריק אין קעשענע. נארפינקעל האט קיין אויג ניט אראבגעלאזט פון איהם, געקוקט וואס ער באברעט זיך דארט אונ אלץ ערווארטעט אז פון דעם דאזיגען בייטעלע וועט ער, שטיינפינקעל, עפיס ארויסנעמען אזא זאך וואס ער וועט זיך באלד דערוויסען אלעס, נאר אז ער האט דערזעהן ווי ער האט דאס שטילע בייטעלע צוריק אראב געלאזט אין קעשענע אהן ווארטער, האט נארפינקעל זיך געהויבען פון שליטעלע, ניט געקענט איינזיטצען.

דער איזוואשטשיק האט זיך דער ווייל אבגעשטעלט ביים פאדיעזד פון דעם רעסטאראן.

שטיינפינקעל האט א ווארף געטהון דעם איזוואשטשיק צוויי ווייסע מטבעות אונ איז מיט נארפינקלען ארויף פרעהליך צו „פאלקינען".

דער שווייצאר האט גיך פון זיי אראבגעצויגען די אויבערשטע קליידער אונ ווי זיי זענען אריין אין זאל האט שטיינפינקעל געזאגט דעם ערשטען לאקיי וואס איז זיי אקעגען געקוממען:

— קאבינעט!

— וואס טויג דיר א באזונדער צוממער — א קאבינעט, ביזט משוגע? איך וועל דיך הייסען דא בינדען אויף אללע פיער, מיר זענען ניט אין קיין וואלד, עס איז דא ב"ה מענשען וואס וועלען דיך בינדען. דער ווייל זענען זיי שוין געוועזען אין א בעזונדער צימער אונ ווי דער לאקיי איז נאר ארויס געגאנגען, איז שטיינפינקעל געפאלען נארפינקלען אויף דעם האלז איהם אנגעהויבען קישען אונ טרעהרען האבען זיך איהם געגאסען פון די אויגען.

— איך בין גליקליך! איך בין גליקליך! מיין טייערער נארפינקעל, איך האב דיך קיין מאהל אזוי ניט ליעב געהאט ווי איצטער!

— האפט דיך דער רוח, זאג שוין וואס איז דיר אזוינס אנגעקוממען?

— סטייטש, ווייסט נאך נאר ניט? איך האב דיר נאך גאר ניט געזאגט? פראניא, פראניאטשקע איז מיינע, מיינע אויף אייביג! לאז, לאם איך זיך נאך א מאהל צו־קושען מיט דיר... איך בין אזוי עלענד, אזוי עלענד... איך האב קיינעם ניט מיט וועמען איך זאל זיך פרייען, דו ביסט איצט ביי מיר איינער, מיין טייערער חבר, האט שטיינפינקעל ניט אויפגעהערט איהם צו האלזען אונ קושען.

— חאפט דיך דער רוח — לאז זיין מיט מזל! זאלסט זיך מיט איהר עלטערען אונ האבען א גליקליך לעבען, נאר זאג מיר נאר, דו ווילדע זאך, ווען איז דאס פארגעקוממען, אזוי אונערווארטעט! ערשט יענע וואך האב איך זיך געזעהן מיט דיר, האסטו מיר א ווארט ניט געזאגט, ווי אזוי אונ ווען איז דאס געווארען? איך געה זיך מיט דיר נאר וואס פון דארטען? איך האב גאר ניט געהערט אונ ניט גע-

זָעהֶן, אִיךְ וָואלְט זִיךְ דִיר אוֹיף נֶערֶעכְט פְרִיהֶר אַ טַפָּלָה, נָאר נָעה שׁוֹין צְוֵוי אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְר — זַיי גְלִיקְלֶעךְ מִיט דַיין פְּרַאגְיָאן וויא דִי וואוּנְשֶׁעט זִיךְ אַלַיין, הָאט גָארְפִינְקֶעל אִיהְם בְּרִידֶערְלֶעךְ נֶעדְרוּקְט דִי הַאנְד אוּנ זִיךְ אֶמֶת הַיים פוּן הַארְצֶען צוּקוּשְׁט מִיט זַיין גְלִיקְלִיכֶען חָבֵר — נָאר זָאג מִיר, מְשׁוּגָעֶנֶער, וָואס ווִילְסְט דוּ דָא טְהוּן בַּא פַאלְקִינֶען? נָאךְ דְרַיי מָרִיט וָואלְטֶען מִיר שׁוֹין גֶעוֶועֶן צוּ הוֹיז. —

— אִיךְ ווִילל... אִיךְ ווִילל מִיר זָאלֶען אָט דָא אִיבֶּערְקֶערֶען „פַּאלְקִינֶען“ מִיט זַיין גַאנְצֶען רֶעסְטָארַאן מִיט דִי פִּיס אַרוֹיף אוּנ מִיט דֶעם קָאפּ אַרָאבּ — אִיךְ הָאבּ בַּיי זִיךְ זֶעקְס אַיינְצִיגֶע רוּבֶּל מִיט נָאךְ גַיים גֶעלְד אוּנ ווִילל מִיר זָאלֶען טְרִינְקֶען אַ גְלָאז בִּיער, אִיךְ וָואלְט גֶעוָואלְט צוּבְּרֶעכֶען אָט דֶעם שְׁפִּיגֶעל וָוען אִיךְ זָאל הָאבֶּען צְוַויי הוּנְדֶערְט רוּבֶּל צוּ בַּאצָאהְלֶען.

*

* *

אִין אַ שָׁעָה אַרוּם זֶענֶען זַיי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנ פַאלְקִין מִיט זַיין גַאנְצֶען רֶעסְטָארַאן מִיט אַלֶע שְׁפִּיגֶעלֶעךְ זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען גַאנְץ אוֹיף זַייעֶרֶע אָרְטֶער, נָאר צְוַויי פְלֶעשֶׁער פוּן בִּיער זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֵיידִיג, דֶער לַאקֵיי הָאט זִיךְ אֲפִילוּ גֶע-ווּאוּנְדֶערְט וָואס פוּן דֶעם „קָאבִּינֶעט“ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט מֶעהְר נִיט ווִי מִיט בִּיער, נָאר וָואס אַרְט דָאס אִיהְם? אַבִּי עֶר הָאט גֶענָאמְפְּט „בַּא טְשַׁאי“ ווִי פוּן „אַ קָאבִּינֶעט“.

דִי עֶלֶעקְטְרִישֶׁע פָאנַארֶען הָאבֶּען מִיט זַייעֶר הֶעל-בְּלוּלִיךְ לִיכְטִיגֶע שַׁיין נָאךְ אָבּ גֶעבְּרִילְיַאנְטֶעוֶועט דִי שֵׁיינֶע בְּרֵייטֶע „גֶעוְוסְקִי נַאס“, אַ קְלֵיינֶער שְׁנֵיי הָאט גֶע-שִׁיטֶען אוּנ דִי שְׁטִיקְלֶעךְ פְּרֶיאבֶעס זִילְבֶּעֶנֶער שְׁנֵיי הָאט זִיךְ פַאלֶענְדִיג אָבְּגֶעשְׁפִּיגֶעלְט אִין דֶעם זֶעלְטֶען שֵׁיינֶעם פַייֶער אוּנ דֶער גַאנְצֶער לַאנְגֶער בְּרֵייטֶער „גֶעוְוסְקִי“ אִיז בֶּאֱמֶת אִין דֶער בַּיינַאכְטִיגֶער פָאנָארֶע גֶעוֶועֶן וואוּנְדֶערְשַׁאן. אוֹיף דֶער הֶעל-בְּעלַייכְטֶער נַאס אִיז גֶעפַאלֶען עֶפִּיס נִיט קֵיין שְׁנֵיי נָאר בְּרִילְיַאנְטֶען אוּנ בְּרִילְיַאנְטֶען אָהְן אַ שִׁיעוּר. —

— אַךְ ווִי שַׁאן ווִי גוּט אִיז דִי וֶועלְט! לֶעבֶּען! לֶעבֶּען! אוּנ נָאר לֶעבֶּען! הָאט שְׁטֵיינְפִינְקֶער כִּמְעַט אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען — אַךְ וָואס פַאר אַ שֵׁיינֶע גַאס אִיז דֶער „גֶעוְוסְקִי פְּרָאסְפֶּעקְט“! אִיךְ הָאבּ קֵיין מָאהְל אַזוֹי וואוּנְדֶערְלִיךְ שַׁאן נִיט גֶעזֶעהֶן דֶעם „גֶעוְוסְקִי“ ווִי אִיצְטֶער!

## XXII.

### צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעדְט

דָאס אִיז שׁוֹין אַ כְּלָל פוּן תָּמִיד אָן, בַּאלְד ווִי צְוַויי אַלְטֶע חֲבֵרִים שְׁלָאפֶען אִין אַיין צִימְמֶער, שְׁלָאפְט מֶען נִיט בִּיז אִין וַוייסֶען טָאג.

נארפינקעל האט אויפגעוועקט זיין אייבינג פארשלאפענעם לאקיי אונ איהם געהייסען שטעלען דעם סאמאוואר.

— אפילו נאך „פאלקינס" ביער שאדט ניט קיין טהע, האט נארפינקעל געזאגט זעטצינדיג זיך ביים טיש.

—הער נאר אוים, ליבער פריינד, האט ער זיך געווענדעט צוא שטיינפינקלען, איך וואונדער זיך ניט וואס פריהר ביסט דו געווען אזוי משוגע אז דער רוח האט דיך שיער געחאפט, איך פארשטעה גאנץ גוט ווי אזא מאמענט אין לעבען קען ווירקען ובפרט נאך אויף אזא הארץ ווי דו פארמאגסט, דו ווייסט אז איך וואונש דיר מיט דעם גאנצען הארצען פיעל גליק מיט דיין פראניאן אונ דרום טאקי וויל איך מיט דיר רעדען קאלט בלוטיג אונ ניכטער וועגען דעם, זאג מיר נאר שטיינפינקעל, וואס פאר א חשבון איז פאר דיר א חתן צו ווערען פאר א ארעם מיידעל, אמת אז זיא איז מיט א סך גוטע מעלות, דער צו שאן אונ קליג, (איך קען פראניאן ניט ווינציגער ווי דו) נאר זיא איז זיך אבער ארעם אהן א גראשען, איך זאג דו וואלסט געקענט נעמען מיט פופצען טויזענד נעמסט דו פראניאן מיט פינעף טויזענד האט עס א רעכענונג, אבער אז זי פארמאגט ניט א גראשען אינ דאס ווייסט דו אויך אז מע ווערט א חתן דארף מען התונה האבען אונ אז מע האט חתונה דארף מען באלד א בעזונדער וואהנונג, א דיענסט, נוא אונ דער נאך קינדערלעך א. ז. וו. אונ א. ז. וו. אויף דיין ביטעלע מיט וועלכען דו האסט געוואלט איבערקערען פאלקינס רעסטאראן קענסט דו דאכט זיך אויך ניט פארלאזען, אויף וואס רעכענסט דו?

— איך פארשטעה ניט, — אויף וועמען האב איך זיך פארלאזט מיין גאנץ לעבען? — אויף זיך זעלבסט! נוא אין איצטער מיט פראניאן וועט נאך בעסער זיין, עס וועט זיין גרינגער אונ בעסער מיט איהר צו זאמען, נאר, ברודער, קענען מיר זיך דען האטש איין מאהל פארגלייכען אין אונזערע מיינונגען אונ אין אללעס. אז שטעל זיך פאר מיין מיינונג איז, אז דו דארפסט ניט טאנצען ארים דער רייכער קלארא אדער ארים אנדערע צוואנציג-טויזענדערע כלות!

— ניין, שטיינפינקעל, איך האב קלארען היינט אמת ליעב, גאטט זאל מיר אזוי העלפען ווי איך זאג דיר ניט קיין ליגען, זי אליין איז ביי מיר איצט א סך טייערער ווי איהרע צוואנציג טויזענד, האטש זי איז ניט פון די גרויסע קראסאוויצעס אונ ווער שמועסט נאך ווי פראניא, נאר עפים געפינט זיך אזוינס אין איהר וואס מיר געפעהלט זי שאנער ווי אללע אנדערע, ערשטענס איז זי זעהר קליג, דאס וועט קיינער ניט אבלייקענען, דער צו האט זי שאנע אויגען, היינט וואס פאר א גראציע, וויפיעל לעבען געפינט זיך אין איהר אונ אויף וועמען ליגט נאך אזוי שאן דאס קלייד ווי אויף איהר? איהר טאליע, איהר וואוקס איז א פערגעניגען אנצוקוקען, איך האב זי אמת יעצט ליעב אונ בין פאר ליעבט ביז איבער דעם קאפ, גאט זאל מיר שוין אויך העלפען איך זאל שוין האלטען אזוי מיט איהר ווי דו מיט דיין פראניאן, האט נארפינקעל געזאגט מיט א זיפטץ.

— איך האב קיינע אורזאכען. ברודער, איך זאל ניט גלויבען אין דיין אמת'ר ליעבע צו קלאראן אונ אז זי איז דיר יעצט טייערער ווי איהר גדן, נאר, ברודער, עס איז דער גרעסטער אומגליק פאר אונז אזא ווייב, ד. ה. איך וויל נאך ניט זאגען אז קלארא אליין איז א אומגליק, זי אליין וואלט אפשר אויך געקענט גליקליך מאכען א מאנן, נאר אט די צוואנציג טוזענד, אט דאס איז א אמת'ר אומגליק. גלויב מיר ווען מיין וואילע טייערע פריינא, ווען חו"ש די באזע שעה זאל ניט זיין, זי, פראניא, זאל האבען צוואנציג טויזענד וואלט איך אנטלאפען פון איהר ווי שווארצער פעפער וואקסט, איך וואלט געלאפען אונ געלאפען אונ ניט אויפגעהערט צו לויפען ביז איך וואלט געפינען אזא פראניא, די איינענע נאר אהן צוואנציג טויזענד.

— דו ווערסט שוין ווייטער משוגע, לאזט זיך שוין ווייטער אריין אין דיינע פאנטאזיעס, מיר דאכט זיך אז היינטיגע יאהרען אפילו דער גרעסטער צדיק וועט פון אזא סומע געלד ניט אנטלויפען, נאר פארקערט...

— אמת. אנדערע צוואנציג טויזענד, פארדיענטע, פאר הארעוועטע. נוא לאז שוין אפילו זיין אויסגעמאשענעוועטע איז אפשר אויך א גליק ווען מען בעקומט זיי, אבער צוואנציג טויזענד פון אכלה. פון א ווייב, דאס איז דער גרעסטער אומגליק, אהן שום „פאנטאזיעס", וויא דו זאגסט, נאר גאנץ פראסט: ערשטענס די רייכע פריילין וואס מע גיט זיי צוואנציג טויזענד, פארשטעהט יעדער, אז זיי זענען ערצויגען געווארען אין רייכטהום ד. ה. א ערציהונג פון קאפריזען, פון ווילטינ, אונ זייער גאנץ געזונד איז נאר געגרינדעט אויף אפטעטשנע פלעשלעך אונ אלערליי קאסמעטיקע, מיט פערשיעדענע סמ'ן. זי האט געמענט אפילו געבוירען ווערען פאלקאמטען געזונד אונ שאן מוז זי פון א רייך ערציהונג אויסוואקסען א גאנצע צי א האלבע בסיתאפאטקע מיט קראנקע נערוועןן. קאפריזען. וואס קען פון זיי אויסוואקסען אז די נאכט וואכט מען אין פערשיעדענע צו פיעל אומגעזונדטע פערגעניגען אונ באטאנג שלאפט מען? .

שטיינפינקעל האט זיך אויף א מינוט פארטראכט אונ ווייטער גערעדט:

— אזוינע געבאלעוועטע רייכע פריילין טארען, נאך מיין מיינונג, בכלל ניט חתונה האבען פאר אזוינע געזונדטע ארעמאשנע יונגעלייט ווי מיר זענען וועלכע ווייסען וואס הייסט הארעווען, אזוינע צוויי פערשיעדענע מינים בעשעפענעשען ווען זיי פאארען זיך, איז שוין א אומגליק פאר ביידע, אדער ער אונ גיכער זי מוז קראנק ווערען אונ וואס פאר קינדער קען דא געבוירען ווערען, וואס פאר א קראנק לעבען! — רייכע געבאלעוועטע פריילין דארפען חתונה האבען אויך פאר רייכע געבאלעוועטע קאפריזנע מיט קראנקע פון נערווען יונגעלייט וואס זענען אויך ערצויגען וויא זייא. יעדער דארף זיך פאארען מיט זיין גלייכען, דאס פארערט די נאטור אונ אזוי האט גאט אויך געהייסען ווען ער האט בעשאפען זיין וועלטעל, אונ ווען א ציעג מיט א פערד האבען אנגעהויבען חתונה האבען, ווייסט דו זיך וואס פאר א מבול ער האט דער פאר אנגעשיקט אויף דער וועלט. נאר דאס בין איך דיר מוחל, אפשר וועט גאט היינט ניט שיקען קיין מבול פאר

אַזוינֶע זַאכֶען, נָאר וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דָעם גַדן? — דִי צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד וָואס רַייכֶע עֶלְטֶערְן גֶעבֶּען זַייעֶרֶע טָאכְטֶער נַדן, גֶעבֶּען זַיי דָען דֶערוֹיף, וִוי עֶס וָואלְט מַאקִי בְּעדַארְפְט זַיין, מִיט צוּ הֶעלְפֶען זַייעֶרֶע אֵיידֶעמְס, יוּנְגֶע לַייט וָואס טְרֶעטֶען נָאר וָואס אַרוֹיס אִין דֶעם לֶעבֶּען, כְּדֵי עֶס זָאל זַיי זַיין גְרִינְגֶער אַרוֹיס צוּטְרֶעטֶען אִין דֶעם נַייעֶם לֶעבֶּען גֶעבֶּען זַיי דָען, פְרֶעג אִיךְ דִיךְ, דֶערוֹיף? נַיין, זַיי גֶעבֶּען צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד ד. ה. אַ מִין פַּאסְפָּארְט, אַ מִין קָאנְטְרַאקְט אַז זַייעֶרֶע טָאכְטֶער זָאלֶען הָאבֶּען דָאס פָאלְקָאמְמֶענֶע רֶעכְט כַּא זַייעֶרֶע מַאנֶען צוּ שַׁארְלַאטַאנֶעוָוען זַייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען מִיט טֶעהַאטֶערְן, בָּאלֶער, מָאדְעס, אוֹיסְלַאנְד, קָאסְמֶעטִיקַא, נֶערְוֶוען, קַאפְּרִיזֶען, אוּנ זַייעֶרֶע מַאנֶען זָאלֶען מוּזֶען אָנְלֶעגֶען מִיט דִי קָאפּ אוּנ אַלֶעס אוֹיסְשְׁטֶעהֶן פוּן זַייעֶרֶע טָאכְטֶער, אָט דֶערוֹיף גִיט מֶען צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד! אוֹי גָאטְט! הִיט מִיךְ אָב אוּנ מַיינֶע אַלֶע פְרַיינְד פוּן אַזוינֶע פָּאדְרַיַאדֶען פוּן אַזַא פַּארְוִויסְט פִינְסְטֶער, שַׁארְלַאטַאנְסְקִי לֶעבֶּען

— בִּיסְט גֶערֶעכְט, שְׁטֵיינְפִינְקֶעל, פוּן דָעם אֶמֶת קֶען מֶען נִיט אַוֶועקְגֶעהְן, נָאר זָאג מִיר אוֹיךְ דָעם אֶמֶת, וָואס דָען זָאל מֶען מְהוּן? אַז עֶס אִיז הַאנְט אַזַא וֶועלְט אַלֶע לֶעבֶּען אַזוֹי, אַלֶע צִיהֶען זִיךְ צוּ אַזַא לֶעבֶּען.

— אַלֶע זָאגְסְט דוּ? עֶס אִיז אַ לִיגֶען, נָאר אַלֶע אַזוֹנֶע וִויא דוּ צִיהֶען זִיךְ צוּ אַזַא לֶעבֶּען, וַוייזְט זִיךְ דִיר אוֹיס, וַוייזְט זִיךְ יֶעדֶען אוֹיס אַז „אַלֶע“. עֶס אִיז אַ לִיגֶען—נִיט אַלֶע! אַלֶע אָרֶעמְטְלִיבֶע מֶענְשֶׁען צִיהֶען זִיךְ אוֹיךְ צוּ אַ רַייךְ לֶעבֶּען, מִיט אַנְדֶערֶע ווֶארְטֶער צוּ „אַ בַּאוָוארֶעגְט לֶעבֶּען“ כְּדֵי זַיי זָאלֶען הָאבֶּען פַאר זִיךְ, פַאר קִינְדֶער, אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אוּנ אַמָאהְל פַאר יֶענֶעם אוֹיךְ וֶוען מֶע דַארְף הֶעלְפֶען. נָאר וִוי אַזוֹי צִיהֶען זִיךְ אָרֶעמְטְלִיבֶע מֶענְשֶׁען צוּ רַייכְקַייט, דוּרְךְ וָואס פַאר אַ מִיטְלֶען? נָאר דוּרְךְ אַרְבֵּייט, אוּנ נָאךְ מֶעהְר דוּרְךְ פַארְשְׁפָּארֶען, דוּרְךְ עֶקָאנָאמִיֶע, „אַ פַארְשְׁפָּארְטֶער אִיז בֶּעסֶער וִוי אַ פַארְדִינֶער“, אָבֶּער נִיט מִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען אוֹיף טוֹיזֶענְדֶער נַדן מִיט אַ וַוייבּ וָואס צוּ לִיעבּ אִיהְר גֶעווֹאנְהַייט, צוּ לִיעבּ אִיהְר עֶרְצִיהוּנְג מוּז מֶען אוֹיךְ, נִיט ווִילֶענְדִיג, פִיהְרֶען אַ פַארְשְׁוֶוענְדֶערְט לֶעבֶּען. דָאס הֵייסְט נִיט קֵיין רַייךְ לֶעבֶּען אוּנ נִיט קֵיין פְרָאסְט לֶעבֶּען, מֶע נַארְט נָאר אָב דִי וֶועלְט אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אֵיינֶעם נֶערְט אַזוֹי אָבְּצוּנַארֶען זִיךְ אוּנ דִי וֶועלְט זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען בִּיז אִין טוֹירְט, דָאס אִיז נָאךְ דָאס בֶּעסְטֶע, נָאר דָאס מֶעהְר אָבֶּער זֶעהְן מִיר אַז אִין דִי מִיטֶעלֶע יָאהְרֶען אָדֶער אוֹיף דֶער עֶלְטֶער וֶוען מֶע הָאט שׁוֹין קֵיין כֹּחַ נִיט „צוּ דְרַייעֶן“ אָבְּצוּנַארֶען דִי וֶועלְט אוּנ זִיךְ זֶעלְבְּסְט, דַאנְן לָאפְּנֶעט אַלֶעס, מֶע בְּלַייבְּט בַּיי גָאר נִיט, נָאר מֶע בְּלַייבְּט מִיט אַפְּרוֹי אוּנ קִינְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעוואוֹהְנְט צוּ אַלֶעס גוּטְט מִיט קַאפְּרִיזֶען אוּנ מֶע טוֹיג נִיט צוּ קֵיין שׁוּם אַרְבֵּייט מֶע זָאל זִיךְ הָאבְּשׁ קֶענֶען פַאר דִינֶען עֶרְלִיךְ אַ טְרִיקֶענֶע שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט. אִיךְ ווִיל דִיר קֵיין סַךְ דָא נִיט רֶעדְען וָואס וֶוערְט פוּן אַזַא פַאמִילְיֶע אִין אַזַא לַאגֶע, דוּ וַוייסְט עֶס אַלֵיין זֶעהְר גוּט, מִיר זֶעהֶן אַזוֹינֶע פְּרִימֶערֶען גַאנְץ אָפְט....

—נָאר, אַלֶעס וָואס דוּ רֶעדְסְט אִיצְטֶער, שְׁטֵיינְפִינְקֶעל, אִיז טַאקִי זֶעהְר גוּט צוּ רֶעדֶען נָאךְ קָאפִּילְס נוּטֶע וֶועטְשֶׁערֶע אַזוֹי זִיטְצֶענְדִיג בַּיים סַאמָאוַואר וִויא מִיר זִיטְצֶען אִיצְטֶער, אָדֶער לִיגֶענְדִיג אִין בֶּעט אוּנ לֵייעֶנֶען עֶס אִין אַבּוּךְ, נָאר גְלוֹיבּ מִיר, בְּרוּדֶער וֶוען עֶס מַאכְט זִיךְ, מַאקִי אֲפִילוּ מִיט אַזַא פְּרַאנְיָא, וֶוען מֶע הָאט עֶטְלִיכֶע קִינְדֶערְלֶעךְ

נ זַיי שְׁרַייעֶן „הַאַמוּנְיָא" אוּנ עֶס אִיז גִיט דָא, מֶע דַארְף צָאהְלֶען דִירָה גֶעלְד, הַייצֶען אִין רוּבְּעֶ,
אְרִים עֶס אִיז קַאלְט, מֶע דַארְף אַשִׁיכֶעלֶע, אַ קְלֵיידֶעלֶע וָוארִים מֶע אִיז גֶעבּוֹיךְ נַאקֶעט
ינ דָאס אַלְלֶעס אִיז נִיט דָא. דַאנְן בְּרוּדֶער מוּזְט דוּ אַלֵיין מוֹדֶה זַיין אַז עֶס אִיז שׁוֹין
עסֶער צוּ הָאבֶּען אַ קַאפְּרִיזְנֶע צוּבַּאלֶעוָועטֶע קְלַארָא מִיט צְוַואנְצִיג טוֹזֶענְד אוּנ וִוי דוּ זָאגְסְט
ָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען יֶענֶעם אִין זִיךְ אָבְּנַארֶען אַז מֶע אִיז רַייךְ" אֵיידֶער צוּ הָאבֶּען
וואִילֶע פְרַאנְיֶא אָהְן נַדְן. אוּנ גְלוֹיבּ מִיר אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט וֶוען עֶס אִיז חוּ"ש
יט דָא קַיין בְּרוֹידְט זָאגֶען אוֹיךְ אָט דִי גוּטֶע וואִילֶע פְרַאנְיָאס זַייעֶרֶע מַאנֶען, „וָואס טוֹיג
יר דַיין וואִילְקַייט אוּנ פַיינְקַייט אַז דוּא קֶענְסְט מִיר נִיט גֶעבֶּען וָואס אַ פְּרָאסְטֶער
וּסְטֶער קָען גֶעבֶּען זַיין פְרוֹי אוּנ קִינְדֶער" אוּנ אָט טַאקִי דֶערִיבֶּער ווִילְל אִיךְ בְּרוּדֶער
ורךְ אוֹיס נֶעמֶען אַ קְלַארָא מִיט נַדְן אֵיידֶער אַ פְרַאנְיֶא אָהְן נַדְן. אַ קְלַארָא קוּמְט
יט צוּ פְרַאנְיָאן, נָאר גְלוֹיבּ מִיר אַז אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט וֶוערְט אַ מָאהְל פוּן
א פְרַאנְיֶא אַ „קְלַארָא" אוּנ וֶוען עֶס אִיז גוּט וֶוערְט אַ מָאהְל פוּן אַ קְלַארֶא „אַ פְרַאנְיֶא".

שְׁטֵיינְפִינְקֶעל וָואס עֶרְשְׁט פְרִיהֶר מִיט אַ שָׁעָה הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט פַאר דֶעם גְלִיקְלִיכְסְטֶען מֶענְשֶׁען אִין דֶער וֶועלְט, וָואס פְרַאנְיָא הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען שְׁטַארְקֶע הָאפְ־פֶענוּנְג צוּ וֶוערֶען זַיין כַּלָה, הָאט אִיצְטֶער אַרָאבּ גֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ וִוי אַ אוּמְגְלִיק־לִיכֶער, וִוי אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער אוּנ הָאט זִיךְ טְרוֹיעֶרִיג פַארְטְרַאכְט, נָאר אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט וִוי פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען חָלוֹם אוּנ אוֹיף גִיךְ צְוֵויי גְרוֹיסֶע זִיפְ גֶעטְהוּן פוּן דֶער פַארְקִיהְלְטֶער גְלָאז טֵהֶע.

— אַמָאהְל, זָאגְסְט דוּ? יָא, אַמָאהְל טְרֶעפְט זִיךְ אַלְלֶעס, אַמָאהְל טְרֶעפְט זִיךְ אוֹיךְ וֶוען אֵיינֶער פָאהְרְט פוּן אַ גוּטֶען יָרִיד אַ גְלִיקְלִיכֶער אַ הֵיים צוּ זַיין פְרוֹי אוּנ קִינְדֶער, אוּנ אוֹיף דֶעם וֶועג, אָדֶער פַאר זַיין שְׁטוּבּ אוֹיף דֶעם גְלַייכֶען וֶועג צוּבְּרֶעכְט עֶר זִיךְ אַ פוּס, אַלְזָא טָאר שׁוֹין קֵיינֶער אוֹיף יָרִידִים נִיט פָאהְרֶען אוּנ קֵיינֶער טָאר נִיט גֶעהְן? מִיט יֶעדֶען מֶענְשֶׁען קָען זִיךְ אִין לֶעבֶּען טְרֶעפֶען אַלְלֶעס, מִיר זֶענֶען אַלְלֶע אִין דֶעם מַזָל'ס הַאנְד. אַלְזָא וֶועל אִיךְ דִיר נָאר נִיט זָאגֶען אַז וַוייל בִּין אַ דָאקְטָאר ד. ה. וַוייל אִיךְ הָאבּ אַ סְפֶּעצִיַאלְנָאסְט דְרוּם בִּין אִיךְ זִיכֶער אַז עֶס קָען נִיט קוּמֶען צוּ אַזַא שְׁלֶעכְטֶער לַאגֶע אִיךְ זָאל מַיין פְרַאנְיָאן קַיין בְּרוֹידְט חוּ"ש נִיט קֶענֶען גֶעבֶּען אַז זִי זָאל קֶענֶען מִיר פָארְוִוירְפֶע מַאכֶען. נֵיין, בְּרוּדֶער, דָאס וֶועל אִיךְ נִיט זָאגֶען, פַאר נוֹיט, צָרוֹת, אוּמְגְלִיק, שְׁלִים מַזָל אִיז קַיין מֶענְטְשׁ נִיט בַּאוָוארֶענְט קֵיינֶער פוּן דֶעם רַייכְסְטֶען בִּיז דֶעם אָרֶעמְסְטֶען, פוּן דֶעם גְרֶעסְטֶען בִּיז דֶעם קְלֶענְסְטֶען, אַלְלֶע אַלְלֶע זֶענֶען מִיר אִין דֶעם מַזָל'ס הַאנְד. יָא עֶס קָען זִיךְ מַאכֶען, וָוארִים „מַאכֶען" מַאכְט זִיךְ אַמָאהְל אַלְלֶעס. אַלְלֶעס קָען פָארְקוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט אַלְזָא קָען זִיךְ דָאס זֶעלְבֶּע מַאכֶען אוֹיךְ מִיט קְלַארֶען מִיט דִי צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד וִויא מִיט פְרַאנְיָא אָהְן צְוַואנְצִיג גְרָאשֶׁען, נָאר בַּא אַזַא פַאל וֶוען עֶס קוּמְט חוּ"ש פָאר, אִיז אַ גְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד צְוִוישֶׁען זַיי בֵּיידֶע, פְרַאנְיָא וָואס הָאט נִיט גֶעהַאט קַיין נַדְן וֶועט נָאר זָאגֶען: „וָואס טוֹיג מִיר דַיין פַיינְקַייט אוּנ וואִילְקַייט אַז דוּ קֶענְסְט מִיר נִיט גֶעבֶּען דָאס וָואס דֶער אָרֶעמֶער שׁוּסְטֶער גִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער" ד. ה. זִי וֶועט פֶערְלַאנְגֶען בְּרוֹידְט אוּנ מֶעהר וֶועסְט דוּ פוּן אִיהְר קַיין שְׁלֶעכְטְס וָוארְט נִיט הֶערֶען אוּנ נִיט זֶעהֶען, קְלַארָא אָבֶּער וָואס

הָאט גֶעגֶעבֶּען נַדַן וֶועט אִיז אַזַא לַאנְגֶע זַאנֶגען: „אִיךְ וִויל גָאר נִיט וִויסֶען פוּן קֵיין שׁוּכ שְׁלֶעכְטֶע לַאנֶגעס, גִיבּ מִיר וָואס אִיךְ דַארְף וִוי אִיךְ בִּין בַּא מַיין טַאטֶען גֶעוָוא־נְט, דוּ הָאסְט נִיט? דָאס אִיז נִיט מַיין גֶעשֶׁעפְט. דֶערוּיף בִּיסְט דוּ מַיין מַאנְן, פַאר וָואס הָאסְט דוּ גֶעוָואוּסְט גֶעמֶען נַדַן, לֵייג אָן אֲפִילוּ מִיט דֶעם קָאפּ אוּנ מִיר גִיבּ מָאדֶעס, פֶערְ־גֶענִיגֶען“. אוֹיף טֶהעאַטֶער א. ד. ג. וֶועט זִי פַארְלַאנְגֶען דוּ זָאלְסְט אֲפִילוּ מִיט דֶעם קָאפּ אָנְלֶעגֶען אוּנ אִיהְר נָאךְ גֶעבֶּען אַלֶע אִיהְרֶע קַאפְּרִיזֶען וִוי זִי אִיז גֶעוואוֹינְט אִין דִי גוּטֶע צַייטֶען אוּנ טָאטֶער חו"ש וֶועסְט דוּ אִיהְר פָארְט נִיט קֶענֶען גֶעבֶּען וִוי זִי ווִילְל, חָאטְשׁ דוּ וֶועסְט אֲפִילוּ וֶועלֶען אוּנ אַלֶעס טְהוּן, וֶועט דַאנְן שׁוֹין זַיין אָךְ אוּנ וֵויי צוּ דִיר. אַזוֹינֶע קְלַארֶעס וֶוען דָער מַאנְן הֶערְט זַייא אוֹיף צוּ גֶעבֶּען וִוי זַייעֶרֶע קַאפְּרִיזֶען פָאדֶערֶען גֶעפִינֶען זַיי אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט אַלֶעס וָואס זַיי נָאר פֶעהְלְט אָהְן זַייעֶרֶע מַאנְס וִויסֶען...

— אָט דָאס, בְּרוּדֶער, הָאט שְׁטֵיינְפִינְקִיל וַוייטִיר גֶערֶעדְט, אִיז דֶער גְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְשֵׁייד פוּן פְּרַאנְיָא בִּיז קְלַארֶען אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט, אוּנ וִוי פַארְשְׁטֶעהְסְט דוּ נִיט אַז אַלֶעס וָואס הָאבּ מִיט דִיר אִיצְטֶער גֶערֶעדְט אוּנ דֶערְוִוייזֶען הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעמֵיינְט פוּן זַאכֶען וָואס קֶען זִיךְ טְרֶעפֶען „אַמָאהְל“, אַמָאהְל קֶען מֶען אוֹיךְ בַּאגֶעגֶענֶען אַ רַייכֶע קְלַארָא אוּנ זָאל זַיין אַזוֹי עֶרְצוֹיגֶען אוּנ הָאבֶּען דִי מַעֲלוֹת וָואס פְּרַאנְיָא. אַ מָאהְל קֶען זִיךְ ווִידֶער מַאכֶען אַ פְּרַאנְיָא אָהְן נַדַן אוּנ זָאל נָאךְ טוֹיזֶענְד מָאהְל זַיין עֶרְגֶער וִוי קְלַארָא מִיט נַדַן. אִיךְ הָאבּ נִיט גֶערֶעדְט פוּן „אוֹיסְנַאמֶעס“ אִיךְ הָאבּ נָאר גֶערֶעדְט פוּן דֶעם „כְּלַל“, אַלֶעס גוּטֶעס גֶעפִינְט זִיךְ אִין דֶער וֶועלְט אוּנ אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶעס. דָאס גוּטֶע בַּאגֶעגֶענְט מֶען הַיינְט זֶעהְר זֶעלְטֶען אוּנ דָאס שְׁלֶעכְטֶע אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט אוּנ שְׁרִיט. בִּכְלַל זֶעהְן מִיר אַז פַאר פְּרַאנְיָאס אָהְן נַדַן אִיז פִיעל גֶעזוּנְדֶער, בֶּעסֶער וִוי פַאר קְלַארֶעס מִיט נַדַן, דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט זָאגֶען אוּנ אִין דֶעם בִּין אִיךְ אִיבֶּער צַייגְט אוּנ מִיט קֵיין זַאךְ וֶועט מֶען מַיין אִיבֶּערְצַייגוּנְג נִיט צוּשְׁטֶערֶען, עֶס מֶעג מִיט מִיר אִיז לֶעבֶּען אֲפִילוּ פָארְקוּמֶען דֶער עֶרְנְסְטֶער פַאל: „דוּ אוֹיסְנַאמֶע“ ד. ה. דָאס וָואס טְרֶעפְט זִיךְ „אַ מָאהְל“ זֶעלְטֶען.

— יָא, עֶס אִיז זֶעהְר שֵׁאן, עֶס אִיז זֶעהְר גוּט, אִיךְ גְלוֹיבּ דִיר אַלֶעס, נָאר אִיךְ פְרֶעג דִיךְ, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אִיךְ וָואלְט שׁוֹין אוֹיךְ גֶעוָואלְט זַיין אֶמֶת אָרִינְטְלִיךְ, וִוי דוּ ווִילְסְט, אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַ פְּרַאנְיָאן אָהְן נַדַן, נָאר, זָאג מִיר נָאר, גִיבּ מִיר אַיין עֵצָה, וָואס זָאל אִיךְ יֶעצְט טְהוּן? אַז ווִיא דוּ וֵוייסְט בִּין אִיךְ פַארְשׁוּלְדִיגְט אִיבֶּער דֶעם קָאפּ, אַלֶעס וָואס דוּ זֶעהְסְט בַּא מִיר אִין צִימֶער אִיז גָאטְס אוּנ פְרֶעמְדְס. אוֹיף פְּרָאקַאט גֶענוּמֶען, רֶעקְלַאמֶען קָאסְט, אוּנ פַארְדִינֶען פַארְדִיעֶנְט מֶען נִיט אַ גְרָאשֶׁען, עֶס קָאסְט מִיךְ גָאךְ גֶעלְד זִיךְ פִיהְרֶען וִוי אַ גְרוֹיסֶער דָאקְטָאר, מֶע זָאל מֵיינֶען אַז אִיךְ וֶוער גְלִיקְלִיךְ פוּן פְּרַאקְטִיקֶע, אַז דִי טִיהר פַארְמַאכְט זִיךְ בַּא מִיר גָאר נִיט. וֶוען עֶס קוּמְט עֶמִיצֶער, קוּמְט אָדֶער אַ אָרֶעמַאן (גְלַייךְ וִוי פוּן נַייעֶרְט וֶוענֶען דְרוּק אִיךְ רֶעקְלַאמֶעס) אָדֶער עֶפִּים אַפַארְשְׁלֶעפְּטֶע קְרֵיינְק וָואס גִיט דְרַייסִיג קָאפִּיקֶעס, אוּנ פוּן אַזַא פִינְסְטֶערֶע פְּרַאקְטִיקֶע דַארְף אִיךְ צָאהְלֶען פַאר אַזַא קְוַוארְטִיר! פַאר רֶעקְלַאמֶעס. קְלֵיידִין זִיךְ שֵׁיין, אוּנ אִיךְ אַלֵיין דַארְף, עֶפִּים אוֹיךְ הָאבֶּען! אַלֶע טָאג וֶוער

איךְ אַ גְרֶעסֶערֶער בַּעַל חוֹב, מַיין גַאנְצֶע הָאפְפֶנוּנְג אִיז נָאר אוֹיף דֶעם גַדְן וָוען אִיךְ וָועל עֶסֶען וָועל אִיךְ אָב צָאלֶען דִי חוֹבוֹת אוּנ זִיךְ קֶענֶען נָאךְ בֶּעסֶער אַיינְאָרְדִינֶען, וָוארוּם, בֶּאֱמֶת, אִיךְ זָאל קֶענֶען דִינְגֶען אַ קְוַוארְטִיר אוֹיף „גְ'עוְוסְקִי פְּרָאסְפֶּעקְט“ וָואלְט אִיךְ מֶעהְר פְּרַאקְטִיקֶע גֶעהַאט, נָאר וֶוער הָאט אַזוֹי פִיעל גֶעלְד צוּ צָאהְלֶען? עֶס אִיז דִיר נָאר גוּט צוּ רֶעדֶען מִיט דֶעם מוֹיל: „חֲתוּנָה הָאבֶּען אָהְן נַדְן“ נוּא אַדְרַבָּא זָאג אַלֵיין, וִוי קֶען אִיךְ עֶס, וִוי מֶעג אִיךְ עֶס נָאר

— דוּ הָאסְט אַפָּנִים אַגְרוֹיסֶען טָעוּת, דוּ מַיינְסְט אַז מַיין גַאנְץ רֶעדֶען אִיז נָאר גֶעוֶוען דִיךְ אָבְּצוּרֶעדֶען פוּן קְלַארֶען מִיט אִיהְרֶע צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנ דוּ זָאלְסְט דוּרְךְ אוֹיס חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַ פְּרַיילִין אָהְן נַדְן, עֶס אִיז מִיר אֲפִילוּ אוֹיף דֶעם מֹחַ קַיין מָאהְל נִיט אוֹיפְגֶעקוּמֶען, דוּ הָאסְט מִיךְ גֶעפְרֶעגְט פַאר וָואס וֶוער אִיךְ אַ חָתָן פַאר פְרַאנְיָאן אָהְן נַדְן, וִוי קֶען אִיךְ עֶס? וִוי מֶעג אִיךְ עֶס? הָאבּ אִיךְ דִיר דֶערְוִויזֶען אַז אִיךְ מֶעג אוּנ קֶען אוּנ דוּ, בְּרוּדֶער, טָארְסְט טַאקִי אִיצְטֶער נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַפְּרַיילִין אָהְן נַדְן, דוּ טָארְסְט נִיט, דוּ קֶענְסְט נִיט, בִּיסְט נִיט אִין שְׁטַאנְד, דוּ בִּיסְט אָרֶעם! דוּ מוּזְט טַאקִי נָאר דוּרְךְ אוֹיס חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר קְלַארֶען מִיט צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד.

— אִיךְ פַארְשְׁטֶעה נִיט, הָאט זִיךְ נָארְפִינְקֶעל אוֹיפְגֶעחַאפְּט אַבִּיסֶעל מִיט פַאר-דְרָאס, דוּ מֶעגְסְט חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַ פְּרַיילִין אָהְן נַדְן, וָוען דוּ ווִילְסְט נָאר, אוּנ אִיךְ? אִיךְ מָאהְר נִיט אוּנ קֶען נִיט, וָוען אִיךְ זָאל אוֹיךְ וֶועלֶען אַ פְּרַיילִין אָהְן נַדְן, קֶען אִיךְ נִיט, זָאגְסְט דוּ? אִיךְ טָאר נִיט וַוייל אִיךְ בִּין אַ אָרֶעמַאן, נוּא, אוּנ דוּ, מַיין טַייעֶרֶער גְרוֹיסֶער גְבִיר, מִיט וָואס בִּיסְט דוּ אַזוֹי רַייכֶער וִוי אִיךְ? אֶפְשַׁר דֶער מִיט וָואס דוּ וואהְנְסְט עֶרְגֶעץ אִין אַ לָאךְ אוֹיף דֶעם פִינְפְטֶען שְׁטָאק אוּנ עֶסְט צְוַואנְצִיג קָאפִּידִיגֶע מִיטְטַאגְס? אֶפְשַׁר דֶער מִיט בִּיסְט דוּ רַייכֶער פוּן מִיר? אוּנ מֶעגְסְט זִיךְ עֶרְלוֹיבֶּען אוּנ וֶועֶרֶען וָואס דִיר פַארְגְלִיסְט זִיךְ נָאר, אֶפְשַׁר דֶערְפַאר?....

— אֶפְשַׁר אַבִּיסֶעל טַאקֶע דֶערְפַאר. נָאר אִיךְ בִּין גְלַאט פוּן תָּמִיד אָן, וּבִפְרַט נָאךְ יֶעצְט, אַסַךְ רַייכֶער אוּנ גְלִיקְלִיכֶער פוּן דִיר, אוּנ בִּין בֶּאֱמֶת אִין שְׁטַאנְד זִיךְ עֶרְלוֹיבֶּען דָאס וָואס מִיר גֶעפֶעלְט.

— וואוּ זֶשֶע זֶענֶען דַיינֶע אוֹצְרוֹת, וַוייז זֵיי?

— אָט זֶענֶען מַיינֶע אוֹצְרוֹת: פוּן זִינְט אָן אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ מַיין שֵׂכֶל, הָאבּ אִיךְ פַיינְט צוּ פְלִיהֶען, אוּנ וָואס אִיךְ הָאבּ דֶער מִיט בִּין אִיךְ צוּפְרִידֶען. אִיךְ בִּין יֶענֶעם נִיט מְקַנֵא, וַוייל אִיךְ וַויים. אַז עֶס אִיז נִיט דָא קֵיינֶעם מְקַנֵא צוּ זַיין, גְלִיק קֶען יֶעדֶער גֶענוּג גֶעפִינֶען בַּא זִיךְ זֶעלְבְּסְט, וָוען עֶר ווִיל נָאר בֶּאֱמֶת. דָאס וָואס וַוייזְט זִיךְ אוֹיס דֶער אָרֶער יֶענֶער אִיז גְלִיקְלִיךְ הָאבֶּען מִיר אַ גְרוֹיסֶען טָעוּת, אוּנ ווִידָער קַיין גְלִיק הֶעלְפְט נִיט נָאךְ לוֹיפֶען. אַז עֶס אִיז בַּאשֶׁערְט קוּמְט דָאס גְלִיק אַנְטְקֶעגֶען. פְּלוּצִים, נִיט עֶרְוַוארְטֶעט. אַמָאהְל לוֹיפֶען אוּנ פְלִיהֶען אַלֶע נָאךְ דֶעם גְלִיק עֶס קָאסְט נָאר אוּמְזִיסְט צַייט, מִיה, אוּנ אָפְט בְּרֶעכְט מֶען זִיךְ רִיק אוּנ רֶענְד לוֹיפֶענְדִיג. נִיט קַיין שַׁאנֶע צִימֶער, נִיט אָנְשְׁטָאפֶּען דִי קִישְׁקֶע מִיט פֶעטֶע זַאכֶען

הייסט בא מיר גליק. איז מיר נאר אויך באשערט שאנע צימער מיט נוט שטאפ די קישקע וועט דאס מסילא קומען, לויפען נאך דעם. איז פראסט נארריש. קינדעריש ווי קינדער לויפען נאך אנארריש שפילכען, איך דארף נאר זיין זאט, אונ האבע דאס וואס אמענש מוז האבען אונ דערויף ארבייט איך, איך פארדין ב"ה שטענדיג אונ בין קיינעם אגראשען ניט שולדיג. אם יעצט ווער איך אחתן, וועל איך, פארשטעהט זיך, נעווים חתונה האבען, איך וועל ארבייטען, אונ וויפיעל איך וועל פארדינען וועט זיין גענוג. ווען ניט, וועט פראניא קענען מיר מיט העלפען, זי ווייסט יעצט אויך, אז ברויט, דאס לעבען, דארף מען פארהאריווען. מיט איין ווארט צוזאמען מיט פראניאן בין איך דער גליקליכער רייכסטער מענש. —

נארפינקעל האט אנגעהויבען געגעצען. דורך די לאדען האט זיך געשטיפט דער בלויער פארטאג, דער סאמאוואר איז שוין געווארען קאלט, אין צימער איז געווען רויכיג אונ דישטע פון פאפיראסען, עס האט זיך אנגעהויבען געגעצען אונ ביידע חברים זענען געגאנגען שלאפען. —

— גיין, גיין! עס קען מער ניט געדויערען. נאך היינטיגע וואך מוז איך קלארען ענדליך זאגען, בעטען איהר האנד, איך קען מעהר ניט ווארטען, האט נארפינקעל געזאגט ליענדיג אין בעט. ...

— וואס פריהער איז גלייכער פאר דיר. וואס נעדויערט מעהר איז ערגער. ווער דער ווייל אחתן, וועסט דו. ווי עס איז, זיך שוין אויסדרעהען פון דיינע חובות, האט שטיינפינקעל געענטווערט אונ איבערגעקערט דאס קאפען קישעלע.

— פארשטעהט זיך אז איך מוז ווי צום גיכסטען, שאן וועט זיין מע זאל מיר נאך קומען „איבער שרייבען" אונ מע וועט זיך דערוויסען אז דאס מעבעל איז פרעמדס, עס נעהט מיר מעהר ניט אב אז מיינע בעקאנטע הייזער זאל מען זיך דערוויסען, ווער שמועסט נאך בא די קאפילס, מעהר געהט מיר ניט אב צו מיין יעצטיגער לאגע!

— יא, ברודער, דו מוזט שוין געהן אויף דעם וועג וואס דו האסט זיך איינמאהל אויסגעקליבען, עס קען אנדערש ניט זיין, לאז דיר גאט העלפען מיט אסך מזל.

ביידע חברים האבען זיך שטארק צוגענעצט, נארפינקעל האט אויסגעצויגען דעם גאנצען ליינגער פון זיין חבר אונ איהם געזאגט:

— א, ברודער, האסט דו אכלה! ... אז דער רוח מעג דיך חאפען, דאס הייסט אברייליען! ... דער ווארגען זאלסט דו זיך נאר, רבונו של עולם! ... האט נארפינקעל געענדיגט מיט א זיפצן אונ מיט אלאנגען קרעכצענדיגען גענעץ. זיך אויס געצויגען אויף זיין בעט וויא לאנג ער איז אונ די אויגען האבען איהם אנגעהויבען זיך קלעפען.

שטיינפינקעל האט שוין אויך אנגעהויבען דרימלען נאר אין קאפ האט זיך איהם נאך געדרימלט זיין טייערע פראניא, ער האט אזוי דרימלדיג געזעהן איהר שאן גע-

גֶעזִיכְט, אִיהְרֶע נוּטֶע אוֹיגֶען, וִוי זַיי קוּקֶען אוֹיף אִיהְם אוּנ אִיז גֶעשְׁמַאק אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָואֹרֶען, וִוי אַגְלִיקְלִיכֶער חָתָן וָוען עֶר הֶערְט וִוי אַזֶעלְכֶע לוֹיבֶּען זַיין כַּלָה.

## XXIII.

## אִין ר׳ קַלְמָן קַאפִּילְם הוֹיז

—פְרַאנְיָא! פְרַאנְיָא! קוּם נָאר אַהֶער גִיכֶער, זֶעה נָאר וָואס פַאר אַנַאסְט עֶס אִיז צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען! חַא! חַא! הָאסְט זִיךְ גֶערִיכְט זִיא זֶעהֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג, גִיכֶער שׁוֹין פְרַאנְיָא, הָאט קְלַארָא גֶעשְׁרִיגֶען פוּן אִיהְר צִימֶער, אוּנ דֶער נָאךְ צוּ זִיךְ שְׁטִיל גֶענָאגְט: — נוּא אַ צַייט מִיט נַייֶעם, גֶעבְּטֶען גַארְפִינְקֶעל... חַא, חַא... אוּנ הַיינְט פֶּעסֶעל פוּן אָרִיבָּאטָאוְוקֶע, וַוייטֶער נַייֶעם, עֶס אִיז נָאר נִיט אוּמֶעטִיג, חֲלֶעבֶּען...

— נוּא וִוי בִּיסְט דוּ עֶרְגֶעץ, נוּא קוּם שׁוֹין גִיכֶער, פְרַאנְיָא! הָאט קְלַארָא וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען.

— בַּאלְד! ... וֶוער אִיז גֶעקוּמֶען? הָאט זִיךְ פְרַאנְיָא אָנְגֶערוּפֶען.

— פֶּעסֶעל! אוּנְזֶער פֶּעסֶעל!

— וֶועלְכֶע פֶּעסֶעל?

— אוּנְזֶער פֶּעסֶעל, קֶענְסְט דוּ זִי דֶען נִיט? פֶּעסֶעל וָואס הָאט בַּא אוּנְז אִין אָרִיבָּאטָאוְוקֶע גֶעדִינְט אַיָאהְר פוּפְצֶעהְן, פוּן קִינְדְווייז אָן.

— יָא נוּא פֶּעסֶעל, וֶוער קֶען דֶען נִיט דִיא גֶעזוּנְטֶע פֶּעסֶעל? טָא וָואס זָשֶׁע אִיז?

— דוּ הֶערְסְט זִיךְ, זִי אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פָאהְרֶען צוּ אוּנְז.

—וואוּ קִיין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג? פוּן אָרִיבָּאטָאוְוקֶע? פֶּעסֶעל! פְּלוּצִים! וואוּ אִיז זִי?

— אָט קוּמְט זִי בַּאלְד אַרַיין, אִיךְ הָאבּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אוֹיף צוּ בַּאצָאהְלֶען דֶעם אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק פוּן וַואגְזַאל, אָט קוּמְט זִי בַּאלְד!

קֵיין בֶּעסֶערֶע פְרֵייד, קֵיין בֶּעסֶערֶע פֶערְגֶענִיגֶען אִיז נִיט דָא פַאר דִי וָואס וואוֹהְנֶען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג, וֶוען זַיי דֶערְזֶעהְן פְּלוּצִים פוּן דֶער וַוייטֶער הֵיים, פוּן דֶער גֶעבּוּרְטְשְׁטָאדְט אַ בֶּעקַאנְטֶען, הָאטְשׁ דָארְטֶען הָאט מֶען זִיךְ אֶפְשַׁר נָאר גֶעקֶענְט פוּן וַוייטֶענְס, קֵיינְמָאהְל אַ וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען, נָאר אַזוֹי לִיגְט שׁוֹין אִין דֶער נַאטוּר פוּן מֶענְשֶׁען וֶוען עֶר דֶערְזֶעהְט אִין דֶער פְרֶעמְד אַ בֶּן־עִיר, עֶס מֶעג זַיין וֶוער עֶס אִיז, דֶער פְרֵייט מֶען זִיךְ וִוי מִיט אַ אֵיינֶענֶעם, מֶע גֶעפִינְט רֵעד אוֹיף צוּ רֶעדֶען, מֶע קֶען זִיךְ נָאר נִיט אָנְרֶעדֶען. הַיינְט שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר דִי שִׂמְחָה פוּן דִי בֵּיידֶע פְרַיילִין אַז זַיי הָאבֶּען אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג דֶערְזֶעהְן פְּלוּצִים אוּנְגֶערִיכְט פֶּעסְלֶען אַזְשׁ פוּן זַייעֶר וַוייטֶער שְׁטָאדְט! דִי אֵיינֶענֶע פֶּעסְלֶען וָואס מֶע קֶען זִיא וֶוען מֶען אִיז נָאךְ קִינְדֶער גֶעוֶועזֶען.

—פעסעל! דאס איז די געזונדטע פעסעל? האט פראניא זיך דערפרייט ווען זי האט דערזעהן פעסלען, אונ פאר שמחה נאר פארגעסען אז זיא איז א דיענסט מיידעל אונ איז געפאלען אויף איהר האלז זיך קושען.

—יא, דאס איז פעסעל! האט קלארא טרויעריג געזאגט אונ טרעהרען האבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען, — זעץ זיך, פעסעל, וואס האסט דו מורא. ריה דיך אב, טאמיר ווילסט דו עסען — פאשא! איוואן! האט זיא אנגעהויבען רופען די דינער זיי זאלען ברענגען עסען פאר פעסלען.

דאס געזונדטע מיידיל פעסעל, מיט רויטע באקען אונ שטענדיג פרעהליך געזיכט, ווי זיי האבען זי געקענט אין אריבאטאווקע, איז ווירקליך ניט געוועזען צו דערקענען, אזוי האט זי זיך איבערגעביטען! עפיס איז דאס געוואהרען, א ווייבעל, א יורענע. ווער גראבע באקען? וואס מיר גראבע באקען? איינגעפאלענע, די שטשא-קעס שטעקען ארויס פון געזיכט, אויף ביידע באקען געלע פלעקען. איהר אמאהל גע-דיכטער קאפ, קויל שווארצע, האר איז פארבינדען מיט א ווייסע קאסינקע אז מען זעט ניט ארויס קיין האר, אויף דער קאסינקע, א אלט צוריסען טיכעל מיט צוויי גראבע קניפען. איהר שטענדיג פיעל הארץ, איז איצט איינגעפאלען ווי דאס הארץ בא אקליין שטאדטילדיגען שוחט, די האנד דאר מיט לאנגע צוהאקטע פינגער, אנגעטהון א ציטצען אויסגעוואשין אבגעבליאקיוועט קליידיל, אונ אפאר גראבע, באטצע נאר געלאטעטע שיך. זי האט שוין אויך באקומען יודישע ווייבערשע מאניערין: שטעהן א ביסעל איינגעהויקערט אונ ווען מע דארף רעדען מאכען פריהער ארחמנות פנים; צולעגען צוויי פינגער צו דער רעכטער באק אונ צוציהען אדער פאר שניריווען די ליפען אין קליינע פעלדעלאך.

אט דאס איז די יעצדינע פעסעל!

— וואס זשע עסט דו ניט, פעסעל? האט קלארא געפרעגט.

— אומשטיינס געזאגט, איך האב זיך שוין אבגעוואהנט פון עסען, איך בין שוין פארשמאכט געווארען, האט פעסעל אנגעהויבען צו וויינען, — פריהער נאט אונ דער נאך איהר, איך בין געקומען צו אייך, איך האב ניט קיינעם, אונ וועל אייך זיין א דיענסט א פאקאיאווע, וואס איהר וועט וועלען, נאר נעמט מיך צו, צו אייך...

— נוא נוא, וויין ניט, מיר וועלען דיך ניט ארויסטרייבען פון אונזער שטוב, עס בעסער, דער נאך וועסט דו אונז דערצעהלען נייעס פון אונזער אריבאטאווקע, האט קלארא מעהר איהר ניט געלאזט רעדען. —

פעסעל האט גענומען צום מויל עפעס עסען פון דער פולער טאץ מיט די בעסטע זאכען וואס מע האט אריין געטראגען, מיט טרעהרען אראב געשלינגען דעם ביסען אונ מיט דעם עק טיכעל פון קאפ אב געווישט זיך די ליפען.

—עס שמעקט דיר ניט, פעסעל, אונזער פעטערסבורגער עסען? ניט דא! ניט דא! אונזער אריבאטאווקער קארען ברוידט מיט קימעל! דו געדיינקסט ווי עס פלעג אזוי

שמעקען ווען דו פלעגסט דאס שווארצע ברוידט מיט קימעל ארויס נעמען פון אויבען, אא! האט קלארא א שמעק געטהון, — טאמער געפינט זיך אשטיקעל ברוידט בא דיר פון וועג, שעם זיך ניט, וואו איז די טארבע? נור עס דו פריהער אב.

— איך קען איצט ניט עסען, דאס מויל איז מיר ווי פארמאכט, ווייס איך? עס ליגט נאך אין טארבע א שטיקעל אלט געבאקען ברוידט, האט פעסעל געזאגט פארשעמט, עס האט זיך איהר אויס געוויזען אז זיי לאבען פון אריבאטאווקער שווארץ ברוידט, נאר ווי פערוואונדערט איז זי געווארען, אז ווי נאר קלארא מיט פראניאן האבען דערזעהען דאס שטיקעל אלט געבאקען ברוידט, וואס פעסעל האט ארויס גענומען פון איהר טארבע, האבען זיי עס ביידע אויסגעכאפט פון איהר האנד און האבען אנגעהויבען ווי קליינע קינדער שפרינגען מיט א געשריי: „קארען ברוידט מיט קימעל“„ברוידט פון אונזער אריבאטאווקע!“ אויף זייער געשריי איז זיך אנגעלאפען די גאנצע שטוב און אללע האבען איינס בא דעם אנדערען אויס געכאפט צו שטיקליך, ביצלאך ברוידט, מע האט זיך ווי היינדלעך, ווען מעןווארפט זיי בראסא, געשלאגען איבער פעסעלס ברוידט, וואס איז געוועזען פארדארט, ביז זיי האבען עס אין גאנצען אויפגעגעסען, אז עס איז קיין ברעקיל ניט געבליבען. פעסעל איז געשטאנען פארוואונדערט, אויס געשטרעקט אפאר אויגען געקוקט: „וואס עס טהוט זיך אין פעטערסבורג“.

— אוי וויי איז מיר! האט זי געזאגט מיט ארחמנות פנים, איך זאל געוועזען וויסען וואלט איך געווען געבראכט האטש עטליכע ברוידט.

— טאקי, טאקי, האטש א ברוידט וואלסט דו געדארפט ברענגען. פעסעל האט זיך גענעסען די גאל, באנג געטהון, געשמאטשקעט מיט די ליפען, געזאגט עטליכע מאהל: „סטייטש, סטייטש, איך זאל געוועזען וויסען“, נאר סע איז שוין געווען פארפאלען.

— האסט דו געזעהן דעם טאטען מיינעם, די מאמען, די שוועסטער? האט פראניא אנגעהויבען פרעגען.

— וואס דען? זיי לאזען אייך אללע גריסען, זיי זענען אללע ב״ה געזונד, און האבען מיר מיט געגעבען אפעקעל פאר אייך.

— וואס זשע שווייגסט דו!

— זי האט אייך געשיקט קארענעם לעקאך, פיטער-בילקעס און אסקאיעקער איינגעמאכטס.

קלארא מיט פראניאן האבען אזש אנגעהויבען טאנצען פאר פרייד, אז פעסלען האט זיך אויס געוויזען, חען זי זאל ניט געווען מיט זיך ברענגען דאס שטיקעל אלט געבאקענעם ברוידט מיט דעם פעקער פון פריידקינזאהנס. וואלטען זיי דא אין פעטערסבורג געשטארבען חר״ש פאר הונגער.

נאך הונדערט מאהל איבער פרעגען אויף גאנץ אריבאטאווקע און אפילו צי בערעל באס האט נאך זיין געפלעקטע קיה מיט איין הארען און צי דער צובראכענער

לאמטערן וואס איז געווען צו געשלאגען צום קטאלב וואס שטעהט נעבען מארס, צי איז ער שוין אראב געפאלען, צי דער האלבער דאך פון דער פיסטער שטוב הייננט נאך, אונ נאך אזוינע אסך וויכטיגע זאכען. נאך דעם אללעסען האט פעסעל גענומען דעם עק פון דעם קאפ טיכעל צו די אויגען, ציגעטלענט צוויי פינגער צו דער רעכטער באק, צושניריוועט די ליפען אויף צו ווייטען אונ אנגעהויבען אויספיהרליך דערצעהלען פאר וואס זי איז געקומען קיין פעטערסבורג.

זי האט דערצעהלט, אז איהר לייבקע דער שניידער יונג האט זיך טאקי ניט געוואלט שטעלען צו דער חופה ביז חוץ יענעם הונדערטער וואס זי האט איהם נעגעבען ווען זי איז פארקנסט געוואהרען. האט זי נעמוזט נאך דינגען ביז עס איז געוואהרען בא איהר פופציג קערבלאך אונ „ער האט זיך מיט איהר געשטעלט צו דער חופה אין אויסטער אפינסטערער שעה".

— געחאי וואלט ער פריהער מיט דעם קאפ אנגעלענט, רבונו של עולם, איידער איך האב איהם גאר דער קענט, דעם שארלאטאן, פיער חדשים איז ער געזעסען מיט מיר ווי א מאנן מיט א ווייב, דער נאך האט ער מיך אוועק געווארפען אונ איך בין געגאנגען ווייטער דיענען, אונ ווי ער האט נאר דערפיהלט אז איך האב אגראשען אין קעשענע איז ער געקומען צו מיר אין קיך אריין, אווי אונ אווי, ער וועט שוין מיך ליעב האבען, ער וועט שוין זיצען מיט מיר', טא איך בין זיך דאך אידישע טאכטער אונ ער איז זיך א מאנן. באלד נאך פסח יענען מיר ווייטער געזעסען, דער ווייל האב איך געהאט א קינד, האט ער מיר גערדינגען איך זאל עס אוועק געבען, אונ איך זאל ווערען א אם, טאמער וועט ווערען עטליכע קערבלאך, מיר זאלען זיך קענען דער נאך דינגען אדירה אונ ווערען צוריק בעלי בתים, איך ווייס? ווי אזוי פאלגט מען ניט א מאנן? איך האב אודאי נענוג זיך אנגעוויינט ווען איך האב אוועק געגעבען דאס קינד, אונ בין געווען אגאנץ יאהר א אם, געלאזט פון זיך ציהען אונ ציהען אז עס האט מיר דאס הארץ אנגעהויבען ווי טהון, די עטליכע רובל האט ער ביי מיר אללע מאהל צוגענומען אונ מיך אין גאנצען אוועקגעווארפען. מיין קינד וואס איך האב אוועק געגעבען איז געשטארבען. אקינד, זאג איך אייך, גיט אריין צוקוקען אין זיין ליכטיגער צורה! איך האב זיך גענוג אנגעוויינט, נאר וואס האט מיר געהאלפען? עס טהוט מיר נאך וויי דאס הארץ. דער נאך האב איך זיך געשטעלט פאר א דיענסט אונ האב זיך פארשווארען אז ווען ער וועט קומען זאל איך איהם אפילו אונ קוק ניט אריין לאזען, אונ זאל זיך אנקלויבען עטליכע קערבלעך איהם אוועקגעבען ער זאל מיך אפגעטן. אין א האלב יאהר קומט ער פלוצים צו פאהרען מיט א נייעם פאלטא אנגעטהון, ווי א גראף, זאג איך אייך, אונ זאגט מיר: „מיין ווייב, איך האב פארדיענט געלט, איך דארף ניט דו זאלסט דיענען אין דער פרעמד". נוא פרעג איך אייך, וואס זאל אידישע טאכטער טהון אז איך בין שוין איינמאל פארשלייערט איז ער זיך מיין מאנן. איך האב זיך שוין אפילו געשוואוירען איך זאל ניט גיהן, לאז ער מיר גאר געבען גט אונ גט האב איך געקלאפט אין טיש (פעסער האט געפאטשט איין האנד אין דער אנדערער, ד. ה. געוויזען ווי זי האט געקלאפט אין טיש, אז נאר גט אונ גט) „איך וועל נאך דיענען

אַ יָאהְר אוּנ אִיהְם אַלְלֶעס אַוֶועקְגֶעבֶּען נָאר עֶר זָאל מִיר גֶעבֶּען גָט". נָאר מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין שָׁלוֹם אוּנ אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְם. אַ הַאלְבּ יָאהְר בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אַ בַּעַל הַבַּיִת-טֶע, דֶער נָאךְ הָאט עֶר מִיךְ ווִידֶער אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ זִיךְ וַוייטֶער גֶעשְׁטֶעלְט דִינֶען. יָא, אִיךְ הָאבּ אַייךְ פַארְגֶעסֶען צוּ זָאגֶען אַז דָער וַוייל בִּין אִיךְ פַארְגַאנְגֶען אִין טְרָאגֶען, וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ דָער צֵעהְלֶען? וָוען אִיךְ הָאבּ בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען דָאס קִינְד אִין אַפְּרֶעמְדֶער קִיךְ! מֶע הָאט מִיךְ דָער נָאךְ וַוייטֶער נִיט גֶעוָואלְט הַאלְטֶען מִיט קֵיין קִינְד אוּנ אִיךְ הָאבּ טַאקֶע נִיט גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ זוִיגֶען אוֹיךְ, דָאס קִינְד צִיהֶעט אוּנ צִיהֶעט פוּן מִיר דִי קְרֵיי אוּנ עֶס וַויינְט שְׁטֶענְדִיג, אִיךְ הָאבּ מֵיין קִינְד גֶעמוּזְט אַוֶועק גֶעבֶּען צוּ אַ אַם, אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶענוּג אָנְגֶעוַויינְט, אוּנ זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דִינֶען, עֶס אִיז מִיר שׁוֹין גֶעוֶוען גוּט, אַלְלֶע שַׁבָּת בַּייא טָאג, פְלֶעג אִיךְ מִיר אַוֶועק נֶעהְן צוּ מֵיין קִינְד, בְּרֶענְגֶען אִיהְם פַאר עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען לֶעקְעכְלִיךְ מִיט קָאנְפֶעקְטֶען אוּנ אַשְׁטִיקֶעלֶע קוּגִיל, אוּנ אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעקְוֶועלְט ווִי עֶר הַאפְּט מִיט דִי הֶענְדְלִיךְ. אִיךְ זָאג אַייךְ קְלַארִיטְשְׁקֶע, אַ קִינְד! אַז עֶס אִין דֶער לִיכְטִיגֶער צוּרָה נִיט אַרַיין צוּ קוּקֶען! גֶעזוּנְד זָאל עֶר מִיר נָאר זַיין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם; עֶס אִיז מִיר ב"ה גֶעוֶוען זֵעהְר גוּט, נָאר לֵייבְּקֶע אִיז וַוייטֶער גֶעקוּמְמֶען צוּ מִיר אִין קִיךְ, דֶער רוּחַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעטְרָאגֶען עֶר זָאהְל מִיר פַארְווִיסְטֶען דִי וֶועלְט. אִיךְ זָאל אִיהְם גֶעבֶּען גֶעלְד! ווִי זָאל אִיךְ נֶעמֶען גֶעלְד? אַז אִיךְ דַארְף נָאךְ צָאהְלֶען פַאר דֶעם קִינְד, הַיינְט אַלֵיין אִיז מֶען עֶפֶּעס אוֹיךְ אַמֶענְש, הָאטְשׁ אַצִיטְצֶען קְלֵיידֶעל מִיט אַ פָּאר שִׁיךְ פַאר אַבִּיט גִילֶען קָאסְט אוֹיךְ גֶעלְד אוּנ אִיהְם זָאל אִיךְ נָאךְ גֶעבֶּען גֶעלְד! אַז אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעגֶעבֶּען, פְלֶעגְט עֶר קוּמְמֶען אוֹיף מָארְגֶען אַשִׁיכּוֹרֶער אִין קִיךְ אַרַיין אוּנ מִיךְ וֶועלֶען שְׁלָאגֶען. מֵיין בַּעַל הַבַּיִת-טֶע מִיט דָער גַאנְצֶער שְׁטוּבּ פְלֶעגֶען זִיךְ אָנְנֶעמֶען פַאר מִיר, נָאר עֶס אִיז זֵיי נִמְאָס גֶעוָוארֶען בִּיז זֵיי הָאבֶּען מִיךְ מִיט אִיהְם אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען פוּן קִיךְ, אִין קֵיין יוּדִישֶׁער שְׁטוּבּ הָאט מֶען מִיךְ נִיט גֶעוָואלְט אַרַיין לָאזֶען אִיבֶּער אִיהְם, קְרֵיינְקֶען אוּנ זָאכֶען זָאל עֶר, לִיעבֶּער נָאטְט, וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזָאלְט טְהוּן? בִּין אִיךְ צוּ אַייךְ אִיצְט גֶעקוּמֶען דִינֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעטְרַאכְט, אִיהְר קֶענְט מִיךְ, אִיהְר זֶעעְט זִיךְ מִיר תָּמִיד ווִי אַ אֵייגֶענֶע מַאמֶע גֶעוֶוען, הָאבּ אִיךְ פַארְקוֹיפְט דָאס לֶעצְטֶע אוּנ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ אַייךְ. הוּנְדֶערְט יָאהְר זָאלְט אִיהְר לֶעבֶּען, וָואס אִיהְר הָאט מִיךְ הָאטְשׁ אַרַיינְגֶעלָאזְט צוּ אַייךְ אִין שְׁטוּבּ. עֶס רַייסְט מִיר אֲפִילוּ גֶענוּג מֵיין הַארְץ וָואס אִיךְ וֶועל אַלְלֶע שַׁבָּת נִיט זֶעהֶען מֵיין קִינְד, נָאר וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעקֶענְט טְהוּן? —

— נוּא נוּא גֶענוּג, הָאט קְלַארָא גֶעזָאגְט מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען, גֶעה פֶּעסֶעל אִין קִיךְ אַרַיין אוּנ זַיי בַּא אוּנְז. פֶּעסֶעל הָאט מִיט פוּלְלֶע אוֹיגֶען טְרֶעהְרֶען פוּן פְרֵייד אָנְגֶעכַאפְּט קְלַארֶען מִיט פְרַאנְיָאן אוּנ זֵיי גֶעקוּשְׁט אִין דִי הֶאנְד אוּנ דֶער נָאךְ אִיז זִי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

לַאנְג לַאנְג אִיז קְלַארָא מִיט פְרַאנְיָאן גֶעזֶעסֶען אָהְן וֶוארְטֶער, נָאר פַארְטְרַאכְט טְרוֹיעֶרִיג פוּן פֶּעסֶעלְס גֶעשִׁיכְטֶע. —

— נוּא פְרַאנְיָא, בִּין אִיךְ דֶען נִיט גֶערֶעכְט, אָט הָאסְט דוּ וַוייטֶער אַלֶעבֶּעדִיגֶען

פְּרִימֶער וִוי אִיךְ בִּין אוּמְגְלִיקְלִיךְ . אִיז מִיר דֶען בֶּעסֶער פוּן פֶּעסְלֶען ? בִּין אִיךְ דֶען נִיט אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ וִוי פֶּעסֶעל ? אוּנ דוּ הֶערְסְט מִיר נִיט אוֹיף פָּארְווִירְפֶע מַאכֶען דֶער פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אָבְּגֶעזָאגְט נָארְפִינְקְלֶען אוּנ וִויל נִיט זַיין כַּלָה וֶוערֶען , נָארְפִינְקֶעל אוּנ אַלֶע וָואס טַאנְצֶען אַרוּם מִיר זֶענֶען דֶען בֶּעסֶער פוּן לֵייבִּישֶׁקֶע דֶער שְׁנַיידֶער יוּנְג , וָואס הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט פֶּעסְלֶען וַוייל זִי הָאט גֶעהַאט אַהוּנְדֶערְטֶער , נוּא אוּנ מִיט מִיר וִויל מֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען וַוייל אִיךְ הָאבּ צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד . —

— וַוייטֶער הוֹיבְּסְט דוּ אָן מִיט דַיינֶעם , הָאט פְּרַאנְיָא גֶעעֶנְטְוָוערְט , צוּ וָואס , קְלַארֶא , רֶעכִינְסְט דוּ זִיךְ אוּמְזִיסְט פַאר אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע , גִיבּ נָאטְט אַלֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אִין דַיין שְׁטַאנְד , וָואס גֶעהְט דִיר אָבּ ? דַאכְט זִיךְ עֶס פֶעהְלְט דִיר קֵיין זַאךְ נִיט !

— זָאג עֶס נִיט , פְּרַאנְיָאטְשְׁקֶע , אוּנְזֶערֶע יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער מֶעגְסְט דוּ וִוינְשֶׁען בֶּעסֶער זַיין גְלִיקְלִיךְ וִוי אִיךְ , דוּ זָאגְסְט מִיר פֶעהְלְט נָאר נִיט , אוֹי מִיר פֶעהְלְט אִין גַאנְצֶען , מִיר פֶעהְלְט „אַלֶעס“ ! — מִיר פֶעהְלְט אַז עֶס זָאל זִיךְ חָאטְשׁ גֶעפִינֶען אֵיינֶער אִין דֶער וֶועלְט וָואס זָאל נָאר מִיט מִיר וֶועלֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען , נִיט מִיט מַיין נַדַן .

— גְלוֹיבּ מִיר , קְלַארֶא , הָאסְט אַ טָעוּת , אַזַא יָאהְר זָאל אִיךְ הָאבֶּען , וִוי דוּ בִּיסְט שֵׁאן אוּנ דַיין מַאנְן קֶען דִיךְ אֶמֶת לִיעבּ הָאבֶּען .

— נַיין נַיין , קֵיינֶער וֶועט מִיךְ נִיט לִיעבּ הָאבֶּען אָהְן מַיין נַדַן . נָאר דִיךְ , דִיךְ וֶועט דַיין מַאנְן לִיעבּ הָאבֶּען , וַוייל מֶען נֶעמְט דִיךְ אָהְן נַדַן , מֶען גֶעמְט דִיךְ אַלֵיין . פֶּעסֶעל וָואלְט אוֹיךְ אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ נִיט גֶעוָוארֶען , וֶוען זִי זָאל נִיט גֶעוֶוען פַארְמָאגֶען קֵיין הוּנְדֶערְטֶער נַדַן , וָואלְט זִי גֶענוּמֶען אַזַא שְׁנַיידֶער יוּנְג , וָואס וָואלְט זִי אֶמֶת לִיעבּ גֶעהַאט . פַאר וָואס הָאט אַזַא אָרִינְטְלִיכֶער , וִוי דַיין שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל , נִיט גֶעבֶּעטֶען בַּיי מִיר דִי הַאנְד ? פַאר וָואס גְרַאדֶע נָארְפִינְקֶעל אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע ? זַיי זֶענֶען אַלֶע לֵייבֶּעשְׁקֶעס שְׁנַיידֶער יוּנְגֶען , דֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד אִיז נָאר וָואס פַאר זַיי אִיז ווינְצִיג הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלַאךְ נַדַן , זַיי דַארְפֶען צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד נַדַן . נַיין נַיין , אִיךְ וֶועל שׁוֹין קֵיין מָאהְל נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען , גֶענוּג פוּן מַיינֶעט וֶועגֶען , אִיךְ וִויל נִיט וֶוערֶען אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ וִוי פֶּעסֶעל ! פֶּעסֶעל קֶען אִיבֶּער טְרָאגֶען אִיהְר אוּמְגְלִיק אוּנ אִיז גֶעקוּמֶען אַהֶער דִיענֶען , אִיךְ טוֹיג נִיט צוּ דִיענֶען , אִיךְ אוֹיף פֶּעסֶעלְס אָרְט וֶועל זִיךְ נֶעמֶען דָאס לֶעבֶּען , נָאר אִיךְ וִויל נָאךְ בֶּעסֶער לֶעבֶּען , לָאזֶען טַאנְצֶען אַרוּם מִיר חָאטְשׁ דִי אַלֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע לֵייבֶּעשְׁקֶעס שְׁנַיידֶער יוּנְגֶען , אִיךְ קוּוֶועל אָן אַז אִיךְ זֶעה וִוי זַיי מֵיינֶען : אַז אָט אָט חַאפְּן זַיי מִיךְ , אִיךְ מַיין מַיינֶע צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד , אוּנ אוֹי וִוי גְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ אִין דֶער מִינוּט וֶוען זַיי מַאכֶען זִיךְ אַז זַיי קֶענֶען אָהְן מִיר נִיט לֶעבֶּען אוּנ בֶּעטֶען בַּיי מִיר מַיין הַאנְד , אוּנ אִיךְ עֶנְטְוֶוער זַיי מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער . אָ דָאס אִיז אַ גְרוֹיס פֶערְגְנִיגֶען , פְּרַאנְיָא !

— נָאר , טְרַייֶע קְלַארֶעטְשְׁקֶע , מֶע טָאר זִיךְ אָבֶּער נִיט אַזוֹי בַּאנֶעהְן , יֶענֶעם פִיהְרֶען בַּיי דֶער נָאז אוּנ דֶער נָאךְ יֶענֶעם אוֹיס לַאכֶען . דָאס פַּאסְט נִיט , עֶס אִיז נִיט שֵׁאן אַ פְּרַיילִין זָאל זִיךְ אַזוֹי פִיהְרֶען , עֶס אִיז נִיט אָרֶענְטְלִיךְ אַזוֹי , קְלַארִיטְשְׁקֶע !

— מִיט וֶועמֶען נִיט אָרֶענְטְלִיךְ ? מִיט אָט דִי נָארְפִינְקִילְם ? חַא , חַא ! הָאט זִיךְ

קְלַארא צו לַאכְט — זַיי ווילְלֶען מֶען זָאל זַיי גוט בַּאצָאהְלֶען פַאר מִיר, אונ אִיךְ זָאל זַיי דערויף עֶנְטְפָערֶען: „מַיְינֶע נַארְפִינְקִילְס! אִיהְר זֶענְט מַלְאָכִים, הֵיילִיגֶע מֶענְשֶׁען!“

— פוּן וואַנֶען ווייסְט דוּ? צוּ וָואס הָאסְט דוּ זִיךְ נָאר אַזוי אַיינְגֶערֶעדְט אונ נִיט אַנְדֶערְשׁ? הָאט הו"ש דיר חָאטְשׁ אֲפִילוּ אַיינֶער בַּאמֶערְקְט אַז עֶר וויל בַּיי דיר נַדְן?

— נָאךְ זָאגֶען, ווילְסְטוּ, זָאלֶען זַיי מִיר? נָאר אַז אִיךְ זֶעה מִיט מַיינֶע אוֹיגֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ מִיט זַיי, וָואס יֶעדֶער טְרַאכְט, וָואס יֶעדֶער טְרָאגְט אִין הַארְצֶען, דָאס אִיז דיר ווינְצִיג? צוּ מַיין אוּמְגְלִיק, זֶעה אִיךְ אונ קֶען מֶענְשֶׁען צוּ פִיעל. פְרַאנְיָא! דוּ בִּיסְט שֶׁענֶער פוּן מִיר, נָאר קְלוּגֶער אונ חִיטְרֶער בִּין אִיךְ מֶעהְר ווי דוּ. נֵיין נֵיין, אִיךְ וויל גִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען!

— אִיךְ פַארְשְׁטֶעה פָּארְט נִיט, קְלַארא, אַז ווי בַּאלְד דוּ הָאסְט זִיךְ שׁוין אַזוי אַלֵיין אַיינְגֶערֶעדְט אַז עֶס אִיז דיךְ נִיט מֶעגְלִיךְ אִיבֶּער צוּ רֶעדֶען, פַאר וָואס זָשֶׁע דַארְפְסְט דוּ פַּארְזִיטְצֶען, טָא נֶעם אַזוּנָגֶען מַאנְן וָואס זָאל דיךְ נֶעמֶען אָהְן אַ גְרָאשֶׁען נַדְן, ד. ה. עֶר זָאל פָאר אוּיס טַאקִי ווִיסֶען אַז מֶע וֶועט דיר אַ גְרָאשֶׁען נַדְן נִיט גֶעבֶּען, וָועסְט דוּ שׁוין זֶעהְן, אַז דוּ הָאסְט זִיךְ נָאר אַיינְגֶערֶעדְט, דוּ וֶועסְט זֶעהֶען אַז מֶען הָאט נָאר דיךְ לִיעבּ נִיט דַיין גֶעלְד, עֶס אִיז דָא גֶענוּג פַיינֶע יוּנְגֶע לַייט, וָואס זַיי וֶועלְלֶען זִיךְ שֶׁעטְצֶען גְלִיקְלִיךְ דיךְ גֶעמֶען אֲפִילוּ אָהְן נַדְן.

— עֶס קֶען זַיין דוּ בִּיסְט גֶערֶעכְט, פְרַאנְיָא, נָאר דָאס קֶענְסְט דוּ אוּיס פִּיהְרֶען אָבֶּער נִ י ט א י ךְ, אוּמְגְלִיקְלִיכֶע! ווייסְט דוּ פַאר וָואס? ווייל אַרייכֶער יוּנְגֶער מַאנְן וֶועט מִיךְ קַיין מָאהְל נִיט נֶעמֶען אָהְן נַדְן, אַרייכֶער יוּנְגֶער מַאנְן אַז עֶר וֶועט וֶועלֶען נֶעמֶען אַפְּרַייעלִין אָהְן נַדְן וֶועט עֶר גֶעווִיס בֶּעסֶער נֶעמֶען אַ שֶׁענֶערֶע ווי אִיךְ, מִיךְ קֶען נָאר נֶעמֶען אָהְן נַדְן אַ אָרֶענְטְלִיכֶער אָ ר י מֶ ע ר יוּנְגֶער מַאנְן וָואס קֶענְן נָאר מִיט פִיעל מִיהֶע פַאר דִיעגֶען פוּפְצִיג אָדֶער הוּנְדֶערְט רוּבֶּל אַחוֹדֶשׁ, הַיינְט פְרֶעג אִיךְ דיךְ צִי בִּין אִיךְ נָאר אִין שְׁטַאנְד צוּ זַיין אַ פְרוּי פַאר אַזַא מַאנְן? צִי קֶען אִיךְ אֲפִילוּ זַיין אַ בַּעל הַבַּיִת-טֶע וָואס זָאל פַאר-שְׁטֶעהְן אוּנ זָאל קֶענֶען עֶקָאנָאמִירֶען אַזוי, אַז מֶע זָאל פוּן אַזוינֶע פַארְדִיעְנְסְטֶען לֶעבֶּען, קִינְדֶער עֶרְצִיהֶען אונ נָאךְ קַאפִּיטַאל קְלוּיבֶּען? מִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, הָאט מֶען נָאר עֶרְצוֹיגֶען צוּ וואוּילְטָאג אונ רָאסְקָאשׁ אַז קַיין זַאךְ זָאהְל מִיר נִיט פֶעלֶען, אַלֶלֶע מַיינֶע קַאפְּרִיזֶען זָאלֶען עֶרְפוּלְלְט וֶוערֶען, פוּן מַיין גַאנְץ עֶרְצִיהוּנְג קֶען אִיךְ זִיךְ נָאר שֵׁאן אָנְטְהוּן, טַאנְצֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, לַאכֶען, יֶענֶעם פְרַייליַאךְ מַאכֶען אוּנ שֵׁאן רֶעדֶען, אוּנ ווייטֶער צוּ וָואס טוֹיג אִיךְ? — צוּ גָאר נִיט! צוּ וָואס זָאל אִיךְ זִיךְ נַארֶען, אִיךְ וָואלְט זִיךְ אויךְ גֶעקָאנְט, ווי אַלֶע אַנְדֶערֶע רַייכֶע פְרַיילִין, מַאכֶען זִיךְ פַאר אִידֶעאַלְנֶע פְרוּם, גוּט עֶהְרְלִיךְ אוּנ זָאגֶען יֶעדֶען מִיט אַ פְרוּמֶער מִינֶע: „אַז מַיין מַאנְן זָאל נָאר זַיין דֶער וָואס אִיךְ וויל, וָואלְט מִיךְ נִיט גֶעאַרְט וואוּינֶען אִין אָרֶעמְקַייט, אִין אַפְּאדְוַואל, חָאטְשׁ אִיךְ בִּין בַּאם טַאטֶען גֶעווֹאהְנְט לֶעבֶּען רַייךְ“. נֵיין, פְרַאנְיָאטְשְׁקֶע, דָאס לֵייקֶענְגֶען מִיר נָאר אִין רָאמַאנֶען, אָבֶּער אִין לֶעבֶּען ווי זֶעהֶען מִיר? ווי אַזוי לֶעבֶּען נָאךְ דֶער חֲתוּנָה דִי זֶעלְבֶּע אִידֶעאַלְנֶע פְרוּמֶע רַייכֶע פְרַיילִין? — נָאךְ אִין טוֹיזֶענְד מָאהְל מֶעהְר רָאסְקָאשׁ מִיט מֶעהְר קַאפְּרִיזֶען ווי בַּא זַייעֶרֶע רַייכֶע עֶלְטֶערֶען, וֶוען זַיי זֶענֶען גֶעוֶועֶן פְרַיילִין, דֶעם

מַאנְן איז גְרִינְגֶער אַרָאבּ דְרֵעהְען דֶעם קָאפּ וִוי דֶעם טַאטְען. — זַיי זָאגְנֶע'
נָאר לִיגֶען אוּנ נַארְרֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט אָבּ, אִיךְ קָען דָאס נִיט, אִיךְ קֶען זִיךְ נִיט
מַאכֶען פַאר אַפַּאלְשֶׁע פְּרוּמֶע וִוי אַלֶע אַנְדֶערֶע, אִיךְ קֶען זִיךְ אֲפִילוּ זִיךְ
זֶעלְבְּסְט נִיט אָבּ נַארְרֶען. נַיין, אִיךְ וִויל נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען אוּנ טַאטֶער יָא, וֶועל אִיךְ
נָאר חֲתוּנָה הָאבֶּען פַאר אַרַייכֶען אַלְטֶען מַאנְן, עֶר מֶעג אֲפִילוּ אַלְט זַיין זֶעכְצִיג
יָאהְר, אַזַא מַאנְן וֶועט מִיר קֶענֶען נָאךְ גִיבֶּען מַיינֶע אַלֶע קַאפְּרִיזֶען אוּנ רָאסְקָאשׁ
וִוי מֶע הָאט מִיךְ, צוּ מַיין אוּמְגְלִיק, עֶרְצוֹיגֶען. אוּנ אוֹיךְ וֶועל אִיךְ וִויסֶען אַז דֶער
אַלְטֶער הָאט חֲתוּנָה פַאר מִיר נִיט פַאר מַיין גֶעלְד. אָ וִוי גְלִיקְלֶעךְ וֶועל אִיךְ זַיין,
וֶוען אִיךְ וֶועל זֶעהְן וִוי מַיין אַלְטֶער קְוֶועלְט אַז וֶוען אִיךְ וֶועל רֶעדֶען מִיט אִיהְם אַ גוּט
וָוארְט, וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהְם שַׁאנְקֶען אַ שְׁמֵייכֶעל, אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ דֶער מִיט
שֶׁעטְצֶען פַארְגְלִיקְלִיךְ, — דֶער מִיט וֶועל אִיךְ זִיךְ פִיהְלֶען גְלִיקְלֶעךְ, נָאר . . . נָאר,
טַייעֶרֶע פְּרַאנְיֶאטְשְׁקֶע, אִיךְ בִּין שׁוֹין סַיי וִוי סַיי אַ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע וַוייל פוּן קַיין אֱמֶת
גְלִיקְלִיכֶען פַאמִילְיֶען לֶעבֶּען וֶועל אִיךְ שׁוֹין קַיין מָאהְל נִיט וִויסֶען. פוּן
אַ אֱמֶת גְלִיקְלֶעךְ פַאמִילְיֶען לֶעבֶּען קֶען נָאר וִויסֶען אַ אֱמֶתֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער,
אִיךְ אָבֶּער קוּם נָאר אַרוֹיס פוּן אַ יוּדִישֶׁער טָאכְטֶער, אָבֶּער עֶרְצוֹיגֶען בִּין אִיךְ
כְּלָל נִיט וִוי אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, אָט אִין דֶעם לִיעגְט מַיין גַאנְצֶער אוּמְגְלִיק, דָאס
ווייס אִיךְ, אוּנ פִיהְל, אוּנ פַארְשְׁטֵעה אוּנ קֶען זִיךְ אֲפִילוּ אַלֵיין נִיט אָבְּנַארְרֶען וִוי אַלֶע
הַיינְטִוֶועלְטִיגֶע רַייכֶע יוּדִישֶׁע פְרַיילִין, אִיךְ קֶען נִיט וִוי זַיי . . . אוּנ אֶפְשַׁר בִּין
אִיךְ אַ מְשׁוּגָעֶנֶע אַ „פְּסִיכָאפַּאטְקֶע", „נֶיעֶרְוָוען", וִוי דֶער דָאקְטָאר זָאגְט, „אַקְאפְּרִיזְנִיצֶע"
וִוי דוּ זָאגְסְט, נוּא בִּין אִיךְ טַאקִי אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ וִוי אַלֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מְשׁוּגָעֶנֶע
וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין „סִימַאשֶׁעדְשִׁי דָאם". גֶעלוֹיבְּט גָאט דֶער פַאר וָואס בַּא
דֶער וֶועלְט הֵייס אִיךְ נִיט קַיין מְשׁוּגָעֶנֶע, וָואס מֶען דַארְף מִיךְ הַאלְטֶען אִין סוּמַא־
שֶׁעדְשִׁי דָאם אוּנ מֶע לָאזְט מִיךְ פְרַייא, נוּא וֶועל אִיךְ זִיךְ טַאקִי בַּאנוּצְטֶען מִיט מַיין
פְרַייהַייט, אוּנ וֶועל נָאךְ קֶענֶען לֶעבֶּען אוּנ לֶעבֶּען אִין גְרֶעסְטֶען רָאסְקָאשׁ אוּנ וֶועל
נָאךְ בַּא דֶער וֶועלְט הֵייסֶען: „אַ דַאמְמֶע פוּן דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט" „עֶרְצוֹיגֶען מִיט
אֵיידֶעלֶע מַאנִיעֶרֶען נָאךְ דֶער לֶעצְטֶער מָאדֶע"—חַא, חַא, הָאט זִיךְ קְלַארָא אִיסְטֶערִישׁ
צוּ לַאכְט אוּנ דֶער נָאךְ גֶעוַויינְט.

דֶעם גַאנְצֶען טָאג, הָאט זִיךְ קְלַארָא גֶעפִיהְלְט נִיט גֶעזוּנְד, דֶער דָאקְטָאר אִיז
גֶעוֶוען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶס אִיז „שְׁוַואכֶע נֶיעֶרְוָוען, עֶס אִיז גָאר נִיט. עֶס וֶועט אִיבֶּערְגֵעהְן,
זִי זָאל נָאר זַיין רוּהִיג", אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען.

*

* *

אוֹיף מָארְגֶען, וֶוען פֶּעסֶעל הָאט אוֹיף גֶערָאמְט בַּא פְּרַאנְיָאן אִין צִימֶער, אוּנ הָאט
אִיהְר דֶערְצֵעהְלְט נַייעֶס פוּן אָרִיבָּאטָאווְקֶע, הָאט זִי אִיהְר אוֹיךְ, פְּלוּצִים, נִיט עֶר־
וַוארְטֶעט, גֶעזָאגְט:

— פְרַאנְיַאטְשְׁקָע, מַאטְוֵויי גְרִינְאָרְעוִויטְשׁ גֵעהְט אוּים נָאךְ אַייךְ...

— וָאס הֵייסְט עֶר גֵעהְט אוּים נָאךְ מִיר? הָאט פְרַאנְיָא זִיךְ גֶענֶעבְּעָן אַחַאפּ וִוי דֶער שְׁרָאקֶען אוּנ בְּלַאס גֶעוָוארֶען.

— עֶר שְׁטַארְבְּט נָאךְ אַייעֶרֶע טְרִיט, עֶר קָען נִיט שְׁלָאפֶען, עֶר קָען נִיט עֶסֶען, עֶר קָען נִיט טְרִינְקֶען, עֶר גֵעהְט אַרוּם וִוי אַמְשׁוּגָענֶער, עֶר בֵּיינְקְט אַזוֹי נָאךְ אַייךְ! עֶר צֶאהְלְט דִי מִינוּטֶען וָוען אִיהְר וֶועט שׁוֹין קוּמְמֶען צוּ פָאהְרֶען, יֶעדֶער מִינוּט אִיז בַּא אִיהְם אַ יָאהְר, הָאט פֶּעסֶעל אִין דֶער גִיךְ מִיט אַיין מָאל אוֹיסְגֶעשָׁאטֶען פוּנְקְט וִוי אַ פַארְשֶׁעמְטֶע שִׁילְלֶערֶען זָאגְט פַאר אִיהְר לֶעהְרֶער דֶעם אוֹיסְגֶעחַזֶרְטֶען אוֹרַאק.

— זָאג מִיר נָאר, פֶּעסֶעל, דֶעם אֶמֶת, דעם גַאנְצֶען אֶמֶת, פוּן וַואנֶען וֵוייסְט דוּ עֶס אַזוֹי גוּט, זָאג מִיר, לַייקֶען פוּן מִיר נָאר נִיט.

פֶּעסֶעל אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען שְׁטֶעהֶען מִיט דֶער בַּארְשְׁט, וָואס זִי הָאט גֶעקֶערְט, אָהֶן וֶוערְטֶער.

— נוּא זָאג, דֶערְצֶעהְל מִיר בַּאלְד, שֶׁעם זִיךְ נִיט!

— עֶר... עֶר... מַאטְוֵויי גְרִינְאָרְעוִויטְשׁ, הָאט מִיךְ פַאר דֶעם פָאהְרֶען גֶע-בֶּעטֶען אִיךְ זָאל אַייךְ אַזוֹי זָאגֶען, עֶר הָאט מִיר גֶעשָׁאנְקְט דְרַיי קֶערְבְּלַאךְ צוּשְׁטַייעֶר אוֹיף דֶעם וֶועג, גֶעווּנְד זָאל עֶר זַיין דֶערְפַאר, וָוען נִיט זַיינֶע דְרַיי קֶערְבְּלִיךְ וָואלְט אִיךְ טַאקִי נִיט אוֹיסְגֶעקוּמְמֶען מִיט מַיינֶע הוֹצָאוֹת, אִיךְ הָאבּ אַזוֹי אוֹיךְ אוֹיף דֶעם אִיזְוָואשְׁטְשִׁיק נִיט גֶעהַאט צוּ בַּאצָאהְלֶען. חָלֶעבֶּען מַאטְוֵויי אִיז אַוואוּלֶער יוּנְגֶערְמַאנְן, אַזַא יָאהְר זָאל אִיךְ הָאבֶּען וִוי עֶר אִיז שֵׁאן, וָואס פַאר אַ טַייעֶרֶער מַאנְן עֶר וָואלְט גֶעוֶועזֶען. חָלֶעבֶּען, פְרַאנְיַאטְשְׁקָע, אַז אִיהְר וֶועט קוּמְמֶען אַ הֵיים וֶוערְט אַ כַּלָּה פַאר אִיהְם אוּנ גָאטְט זָאל אַייךְ הֶעלְפֶען אִיהְר זָאלְט זִיךְ עֶלְטֶערֶען מִיט פִיעל מַזָל, אִיךְ מֶעג שׁוֹין רֶעדֶען, אִיךְ בִּין אַ יוּדֶענֶע, עֶר הָאט מִיר טוֹיזֶענְד מָאהְל אָנְגֶעזָאגְט אִיךְ זָאל אַייךְ נִיט אוֹיס זָאגֶען אַז עֶר הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אוּנ גֶעגֶעבֶּען דְרַיי קֶערְבְּלַאךְ, נָאר אִיהְר, אִיהְר הָאט אַלַיין גֶעטְרָאפֶען, הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעקֶענְט זָאגֶען קַיין לִיגֶען, אוּנ ווִירֶער וָואס הָאבּ אִיךְ זִיךְ צוּ שֶׁעמֶען אִיךְ בִּין זִיךְ שׁוֹין הַיינְט נִיט קַיין מֵיידֶעל, אִיךְ בִּין שׁוֹין ב״ה אַ יוּדֶענֶע וָואס הָאבּ שׁוֹין גֶעהַאט צְוֵויי קִינְדֶער, הָלֶעבֶּען פְרַאנְיַאטְשְׁקָע!...

— נוּא נוּא גֶענוּג, הָאט פְרַאנְיָא גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל, נָאר בַּאלְד אִיז זִי זֶעהְר טְרוֹיעֶרִיג בְּלַאסְס גֶעוָוארֶען אוּנ זִיךְ שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט.

## XXIV.

### אִין עֶטְלִיכֶע יָאהְר אַרוּם.

אִין פִיעֶר יָאהְר אַרוּם הָאט קְלַארָא טַאקֶע אוֹיסְגֶעפִיהְרְט אִיהְרֶם, זִי הָאט

חתונה געהאט פאר א זיבעציג יאריגען מיליאנער, וואס האט א באנק הויז אין בערלין, מיט וועלכען די פירמע, „לאזארזאהן עט קאפילס“ האט פון תמיד אן באנ-קירסקע געשעפטין, זי לעבט ווי די רייכסטע גראפיניע, מאכט אפטע רייזען אין איראפא, איהר אלטעטשקער מאנן קוועלט אן פון זיין יונג ווייבעלע, פון איהר שאנער דיגנער טאליע, פון איהרע אויגען און געדיכטער קאפ האר, און פון איהר שטענדיג פרעהליך זיין. ווען זי איז צו הויז, זאגט דער אלטעשקער, ווערט פרעהליך אין אללע ווינקעלאך, עס שמעקט אומעטום מיט יונגען לעבען, ווי גלייך מע איז נאך אמאהל יונג געווארען. ארום קלארען דרעהען זיך און טאנצען די רייכסטע און פיינסטע יונגע לייט פון דער גרויסער וועלט, נאר זיי טאנצען געבען מיט יאשטשירקעס, די וואס פאללען אריין אין איהרע קליינע שאנע האנדטעלאך טרעהט זי זיי מיט די קליינע פיסעלאך. מע דערצעהלט אז איינער האט זיך אין איהר אזוי שטארק פארליעבט אז ער האט זיך אויפגעהאנגען. קלארען וואלט זיך זעהר געוואלט אז נאך צוויי זאלען זיך נעמען דאס לעבען איבער איהר, נאר ניט זיך אויפהיינגען אויף שטריק, „פע, דאס איז פאסקודנע, זיי זאלען זיך שיסען, דאס איז שאנער“.

אין יאהר 1889 אין חודש אגוסט, האט קלארע געשריעבען א בריעף צו איהר פריינד פון דעם יוגענד:

„איך בין יעצט, טייערע פראניאטשקע, אין פאריז אויף דער וויסטאווקע, דאס שאנסטע פון דער וויסטאווקע איז דער זעהר הויכער טורים-„באשניא“ וואס א אינזשעניר ה. אייפעל האט אויסגעסטרויעט, איך שרייב דיר זיצענדיג בא א שרייב טישעל אויף דער „באשניא אייפעל“. געפינענדיג זיך אויף דעם שרעקליך הויכען טורים איז גאנץ פאריז איצטער אונטער מיינע פיס. אך ווי גוט, ווי שאן דאס איז! אך, פראניאטשקע, חי אונטערעסאנט עס איז פאר עטליכע פראנק אויפהויבען זיך אויף דעם הויכען טורים, וואס דער קלוגער אינזשעניר אייפעל האט פארטראכט און אויסגעבויעט פאר מענשען, דו זעהסט ווי אללעס איז פאר דיר קליין און דו ביסט הויכער פון אללע. ווי גוט איז אזוי צו לעבען! — לעבען! לעבען! און נאר לעבען, פראניאטשקע! אז מען זאל קיין צייט צו האבען א בריהען א טראכט צו טהון אויף א מינוט זיך זעלבסט אב געבען חשבון.... פע אט די אומעטיגע השטנות... לעבען און נאר לעבען!...“

נאך אנדערע זאכען וועגען דעם פאריזער לעבען און וועגען דער וויסטאווקע, האט זי צום סוף בריעף צו געשריעבען:

„דו פרעגסט מיך, פראניאטשקע, וואו איז היינט אונזער פעסעל, און וואס איז געוואהרען מיט איהר? קען איך דיר ענטפערען: אז פעסעל דיענט נאך עד היום בא די עלטערען אין פעטערסבורג, זי האט זיך שוין אנגעקלויבען עטליכע גראשען, זיך פאפראוועט אין געזונד. מיט איין ווארט עס וואלט איהר שוין געווען גישקשה, האט דער רוח ווייטער אנגעטראגען איהר לייבישקען, ער איז געקומען קיין פעטער-

סְבּוּרְג זִי וָואלְט אִיהְם שׁוֹין אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען פוּן קִיךְ אוּנ אִיהְם אַגְרָאשֶׁען נִיט גֶעגֶעבֶּען נָאר עֶר סְטְרַאשֶׁעט זִי אַז עֶר וֶועט זִי אַרָאבּ בְּרֶענְגֶען קֵיין אָרִיבָּאטָאוְוקֶע מִיט דֶעם עֶטַאפּ, וַוייל וִויא לַייבִּישְׁקֶע זָאגְט, אַז וֶוען אַוַוייבּ וִויל נִיט קוּמֶען צוּ אִיהְר מַאנְן קֶען עֶר זִי „פָּאזַאקָאנָא" אַרָאבּ בְּרֶענְגֶען צוּ זִיךְ מִיט דֶעם עֶטַאפּ, אָט פַאר דֶעם דָאזִיגֶען „זַאקָאן" הָאט פֶּעסֶעל מוֹרָא וִוי פַאר פַייֶער, עֶר קוּמְט אָפְּט אִין קִיךְ אַרַיין אַשִׁיכּוֹרֶער, עֶר עֶסְט אָבּ, זִיא גִיט אִיהְם נָאךְ עֶטְלִיכֶע גְרָאשְׁען וֶוען עֶר הָאט נִיט מִיט וָואס צוּ שִׁיכּוֹרֶען. אוּנ אַזוֹי צוּקְרִיגְטֶערְהֵייד אִיז שׁוֹין פֶּעסֶעל ב"ה וַוייטֶער אוֹיף דֶער צַייט. אַזוֹי שְׁרַייבְּט מֶען מִיר פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג. פֶּעסֶעל רַייסְט אוֹיף זִיךְ דִיא הָאר, זִיא שֶׁעמְט זִיךְ דֶער מִיט פַאר דֶער גַאנְצֶער שְׁטוּבּ וִויא אַ גַנָב, נָאר זִיא פַאר־עֶנְטְפֶערְט זִיךְ אַז זִי אִיז אִין דֶעם נִיט שׁוּלְדִיג, נָאר דֶער „זַאקָאן" אָט דֶער דָאזִיגֶער „זַאקָאן", זָאגְט פֶּעסֶעל, אִיז שׁוּלְדִיג אִין אַלֶעמֶען, וַוייטֶער וָואלְט זִי אִיהְם דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאהְל אֲפִילוּ נִיט אַרַיין גֶעלָאזְט אִין קִיךְ. אַמָאהְל זָאגְט פֶּעסֶעל אוֹיךְ מִיט שְׁטָאלְץ: „פַאר וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ צוּ שֶׁעמֶען? עֶס אִיז ב"ה פוּן מַיין מַאנְן, אִיךְ בִּין אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער גְלַייךְ מִיט אַלֶע, אִיךְ הָאבּ זִיךְ ב"ה נִיט מִיט וָואס צוּ שֶׁעמֶען"...

*  *

*

שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל הָאט שׁוֹין לַאנְג חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט זַיין פְּרַאנְיָאן, בַּאלְד דֶער־נָאךְ וִוי עֶר אִיז גֶעוָוארֶען „דָאקְטָאר מֶעדִיצִין". עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיין וַוייבֶּעלֶע בַּאזֶעצְט אִין דֶער פְּרָאוִוינְצִיֶע, אִין אַאוֹיֶעזְדְנֶע שְׁטָאדְט נִיט וַוייט פוּן אָרִיבָּאטָאוְוקֶע וִוי פְּרַאנְיָאס אֶלְטֶערֶען וואהְנֶען, עֶר הָאט דָארְט פְּרַאקְטִיקֶע, מֶע לוֹיבְּט אִיהְם אִין שְׁטָאדְט פַאר אַ גוּטֶען דָאקְטָאר. פְּרַאנְיָא, שִׁיט, קֵיין עַיִן הָרַע, מִיט קִינְדֶערְלֶעךְ, זִי אִיז אַ אוֹיסְגֶעצֶערֶענְטֶע בַּעל הַבַּיִת־טֶע, אַ הַייסֶע מוּטֶער, אַ גֶעטְרַייֶע פְרוֹי, חָאטְשׁ אִין שְׁטוּבּ גֶעפִינֶען זִיךְ צְווֵיי דִינְסְטֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִי גֶענוּג אַרְבַּייט אִין שְׁטוּבּ אַז אַלֶעס זָאל זַיין אִין אָרְדֶענוּנְג. פְּרַאנְיָא הָאט אַ גְרוֹיסֶען בִּינְדְט שְׁלִיסֶעל אוּנ בַּא אִיהְר אִין עֶס שְׁטוּבּ שְׁטֵעהְט אַ גְרוֹיסֶער בּוּפֶעט מִיט אַלֶע גוּטֶע זַאכֶען. —

שְׁטֵיינְפִּינְקֶעל גֶעהְט נִיט, נָאר עֶר לוֹיפְט שְׁטֶענְדִיג אַהֵיים, וַוייל עֶר וַוייסְט אוּנ פִיהְלְט אַז אִין דֶער הֵיים עֶרְוַוארְטֶעט אִיהְם דִי אֶמֶתֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער מִיט דֶעם יוּדִישֶׁען הוֹיז אִין וֶועלְכֶען עֶר גֶעפִינְט שְׁטֶענְדִיג דָאס אֶמֶתֶע גְלִיקְלִיכֶע יוּדִישֶׁע פַאמִילְיֶען לֶעבֶּען.

פְּרַאנְיָאס אֶלְטֶערֶען פָאהְרֶען אַמָאהְל צוּ דֶער טָאכְטֶער אִיז דִי אֵיינִיקְלַאךְ הָאבֶּען נַחַת, דָאס מֶעהְר פָארְט חַוָה, אוּנ שְׁטֶענְדִיג פִיהְרְט זִי מִיט זִיךְ פֶעקְלַאךְ פִּיטֶער גֶעבֶּעקְס, עֶטְלִיכֶע סְלָאיֶעס אַיינְגֶעמַאכְטְס אוּנ נָאךְ גוּטֶע זַאכֶען. עֶס גְלוּסְט זִיךְ אִיהְר קֵיין מָאהְל נִיט אַוֶועקְפָאהְרֶען פוּן דֶער טָאכְטֶער אוּנ נָאךְ מֶעהְר פוּן דִי אֵיינִיקְלַאךְ, נָאר זִיא קֶען אִיהְר אַלְטֶען נִיט אִיבֶּער לָאזֶען אַלֵיין, זָאגְט זִיא פְּרַאנְיָאן, „וָואס פַאר אַטַעַם וֶועט דֶער טַאטֶע פִיהְלֶען אִין עֶסֶען אַז אִיךְ בִּין נִיט דָא אַלֵיין, וָואס פַאר אַ שַׁבָּת קֶען עֶר הָאבֶּען?".

— דער טאַטע איז ב״ה ניט אַליין, גלויב מיר אַז די קינדער היטען איהם אָב נאָך בעסער ווי דו.

— דיר ווייזט זיך אויס בעסער, אונ איך ווייס מיר מיינס, אונ ווידער הײַנטיגע וואָך געהט שוין אויס די בערעקלאַך אונ ווער וועט קויפען זונטאג בערעקלעך? דו ווייסט זיך אַז דער טאַטע האט ליעב צוויי מאָהל אין דער וואָך עסען אַ בארשט.

— קיין קאַטאָוועס ניט, די בערעקלעך! כּדאַי, חלעבען, איבער זיי אָפּגעקויפט אַוועקפאָהרען, מע קען זיי אַוודאי אָהן דיר ניט קויפען פאַר דריי גראָשען — אָט האָסט דיר שוין דריי באַרשטען.

— גיעה דו ביסט נאָך נאָר אַ יונגע צ״ענ, דו מיינסט אין אֶמת אַז דו ביסט שוין אַ בעל הבית-טע, ביז הונדערט אין צוואַנציג יאָהר, ווייסט דו שוין אַללעם.

מיט איין וואָרט ווען חנה׳ן איז אָנגעקומען אַ היים פאָהרען, האט זי פראַניע מיט איהר מאַנן באיין אופן ניט געקענט איינרעדען זי זאל בלייבען חאָטש נאָך אויף אַ טאָג, זיי טענה׳ן איבער איהר זי זאל בלייבען. אונ חנה לעגט דער וויל צונויף איהרע ליידיגע טאָרבעלאַך פון די פעקלאַך אונ צוקושט זיך מיט אַללע אונ פאָהרט אַוועק מיט די ווערטער: „גאָטט ווייסט וואָס טהוט זיך אין שטוב, אָהן מיר געהט אַנדאַי דאָרט אין גאַנצען חאָדאָראַם“.

קומט זי נאָר אַ היים הויבט זי שוין אָן אויף מאָרגען רעדען מיט הײַם-ן אונ מיט די קינדער: „פאַר וואָס זי איז ניט געבליעבען חאָטש נאָך אַ צוויי טאָג בא פראַניאַטשקען, מע האט זי אַזוי געבעטען“.

— וואָס האָסטו דו זיך באמת אַזוי געאיילט, זאָגט איהר הײַם, איידער דו קלויבסט זיך אַרויס. אונ אַז דו פאָהרסט שוין יאָ, איז מען בא אַ קינד נאָך צוויי טאָג.

— נוא אונ די שטוב?

— וואָס די שטוב? קיין קאַטאָוועס ניט, וואָס איז? די טעפּלעך וועלין ניט פאַרטיג ווערען אָהן דיר!?

— באַלד קומסט דו מיט די טעפּלאַך!

— וואָס דען האָסט דו צו טהון אַז ניט די טעפּלאַך? עס איז דאָ ב״ה ווער עס זאָל קוקען אויף די טעפּלאַך אָהן דיר.

חנה בעליידיגט זיך אַ ביסעל, נאָר זי פאַרשטעהט אַז דער מאַנן איז גערעכט, זי קויפט איין פאַר דער שטוב בערעקלאַך מיט ציבעלעס, קאַרטאָפלים אונ נאָך אַנדערע זאַכען, זי הויבט אָן באַקען פּיטער בילקעס אונ פרעגלען איינגעמאַכטס אונ צעהלט שוין ווייטער די טאָג ווען זי וועט זיך קענען אַרויס רייסען ווייטער פאָהרען צו דער טאָכטער.

קומט זי אַהין איז ווייטער דאָס איינענע, איילט זי זיך שוין צוריק, זי האט

זיך דער מאַנט אַז איין פּאַסאַליע איז שוין גיט דא אין שטוב אונ גלאַטט אַוועק געהט די שטוב חאַדאַראַם אָהן איהר" .

חַיִים לאַכט ניט איינמאָהל פון איהר אַרום שלעפּען זיך מיט איהרע טאָרבּעלאַך צו פראַנגיאַטשקען אונ צוריק , אונ חנה ענטוועהרט איהם : וואָס בין איך שולדיג ? בּין איך דא , רייסט מיר דאס האַרץ צו פראַנגיאַטשקען מיט די קינדער , בּין איך דאָרט , רייסט מיר דאס האַרץ צו דיר מיט די קינדער , אוי ווען נאָר זאל וועלען מאַכען פון דער גאַנצער וועלט איין שטאָדט !

אונ חַיִים אַרום געמענדיג זיין אַלטיטשקע זאָגט ער דערויף : „מיין טייערע יודישע טאָכטער" .

זייערע צוויי קינדער מאַניא אונ סאָניא קומען אַמאָהל אויך צו גאַסט צו פראַנגיאַן אונ פאַרברענגען דאָרט גוט די צייט . קיינער האָט זיי נאָך ניט אויס געהאַפּט , נאָר יודישע טאָכטער פאַרזיטצען ב"ה ניט זיי וועלען אי"ה אויך חתונה האָבען . —

---

מאַטוויי גרינאַרעוויטש , אַדאַנק ר' זעליג שדכן , האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט פאַר דער „פריילין ראָזע" וועלכע האָט זיך ביז אין לעצטען טאָג פון דער חופּה געקריגט מיט איהר מאַמען אונ מיט די שוועסטער , היינט איז „ראָזע" די ערשטע „מאַדאַם" אין אַריבּאַטאַוקע אונ איהר מאַן מאַטוויי גרינאַרעוויטש איז דער גרעסטער אַריבּאַטאַוקער אַריסטאָקראַט , מיט זיין ווייב געהט ער שפּאַצירען נאָר געאַרעמט .

---

גיטעל אונ געצע זענען שוין היינט יודענעס , זיי זיטצען ביי זיך אין די קלייטליך אונ זיי רייסען איינם באַם אַנדערען די קונים , די רייסט צו זיך אונ די צו זיך , עס געהט ניט אַוועק דער טאָג זיי זאָלען זיך , אין מיטען מאַרק , ניט שעלטען אונ קריגען אונ אַמאָהל רייסט מען זיך בּאַ די קאַפּקעס . זייערע מאַנען זיטצען אין קלויז אונ לערנען תורה , אונ בּאַ זיך אין שטוב , זיטצען די מאַנען שטיל ווי טייבעלאַך , ווייל זיי האָבען מורא פאַר זייערע ווייבערס ברייטע פּיסקעס . זאל נאָר יעדען יודען אָב היטען פון אַזוינע ווייבערשע פּיסקעס . זיי האָבען שוין קינדערלאַך , יונגלאַך מיט מיידלאַך , וויפיעל ווייס איך ניט אַקוראַט . —

---

ר' זעליג שדכן וואוינט נאָך היינט אין אַריבּאַטאַווקע . דער יוד פון דעם מעסערעל לאַזט היינט אויך ניט דורך קיין מענשען וואָס קומט אַריין צו פרימע יעגטעס אין שינק , ער האָט היינט איינגילישע מעסערלאַך מיט דרייצעהן קלינגלאַך , חוץ אַ שערעלע , אַ אויער לעפּעלע אונ אַ צאָנ-שטעכער , עס קאָסט היינט אַ סך וועלווילער אַזאַ

אײנגילש מעסערעל, נאר װאס קומט ארױס? אז ער קלאגט זיך נעבעך אז היינט לייזט מען ניט. „ניטא אמאהלינע נוטע יאהרען“ זאגט ער. ר׳ װעלװ שדכן קלאגט זיך אויך אויף דער שלעכטער צייט.

✿ ✿

*

נארפינקעל איז נאך היינט אויך דאקטאר אין פעטערבורג, ער דרעהט מיט זיינע קרעדיטארען, זיי װארטען אלץ ביז ער װעט התונה האבען און נעמען צװאנציג טויזענד, נאר ער איז נאך א קאװאליער. ער טאנצט אויף אלע פרעמדע חתונות, ער טאנצט אויף אלע בעלער. ער טאנצט ארום מיט אלע רייכע פריילין נאר אומעטום „טאנצט ער מיט יאשטשערקעס“ . . .

---

דאס שטעדטעל אריבאטאװקע אין װעלכען עס װאהנען נאך עד היום איניגע פון אונזערע העלדען, װערט װאס װייטער א גרעסערע פוסטקע, נאר מע זאגט אז נעבען דעם שטעדטעל װעט זיך אי״ה נאך פסח סטרויען דער באהן, מע האט שוין געזעהן דארט א אינזשעניער ארום דרעהען זיך, צי דאס איז אמת, װייס איך ניט, נאר אללע אריבאטאװקער יודען האפפען שטארק אז דער באהן װעט זיך אויסטרויען װעט זיך די פרנסה פאר בעסערען, גיב גאט!



